גאָלדע גוטמאַן (קרימער)

# א חוט פון א פאַסטעכל



בוענאָס איירעס
1966

# אַ חלום פון אַ פאַסטעכל

דער אַלטער פערמין האָט אין אַ ושטיינדל אַנגעריבן אַ שוועבעלע און האָט אונטערגעצונדן די טרוקענע ריטלעך און בלעטער, וואָס ער האָט פריער געהאַט אַנגעהויפנט אונטער אַ גרויסער, אייזערנער טרינישקע. נאָכדעם האָט ער אַרויפגעשטעלט אַן אַלטן פאַרויכערטן טשייניק מיט וואַסער און מיטן צעשונדענעם קאַפעליוש פון געוועלקטן גרינעם שטרוי, אַנגעהויבן צעבלאָזן דאָס פייער. ס'האָט ניט געדויערט קיין מינוט און שפיציקע בלויע און רויטע פלעמלעך האָבן זיך אַרויפגעריסן פונעם רויך און געלעקט דעם טשייניק. ווען דאָס וואַסער האָט אַנגעהויבן זשיפן, האָט זיך דער אַלטער מחיהדיק אויסגעצויגן צווישן די מאַגערע גראָזן און האָט ליידנשאַפטלעך אָנגעהויבן צו פיפקען זיין גרויסע ליולקע, וואָס האָט געשטעקט אין אַ ווינקל פון זיין ברייטן, ציינלאָזן מויל.

ער האָט ברייטער צעעפנט די וויעס. זיין גרויס, ביינערדיק פנים ווי פון גרויער צעפרעסענער קאָרע, דורכגעריזלט מיט קאַרבן און בובקעלעך און קנייטשעלעך מיט שטויב, איז געוואָרן באַגאָסן מיט אַזאַ פרייד, אַ מנוחה, וואָס האָט געשטראָמט פון זיינע טיפסטע טיפענישן. אויך פון די יונגע, לעבעדיקע צוויי אויגן, ווי וואַרעמע טונקעלע קאַשטאַנען, האָט זיך געריסן אַ מאָדנע שיין, אַ גיריקייט און גלייכצייטיק אַזאַ נאַטור־כוח, וואָס קאָן גובר זיין אויך אַפילו דעם טויט...

די אויגן זיינע און אַלץ אין אים, האָבן זיך איינגעפרעסן אין דער פאַרטאָגיקער גרויקייט און אין די וווּנדערלעכע רויטע פייערן וואָס האָבן ווי ריזיקע קופאָלן געשיינט איבער די טונקל־גרינע בערג מיט די שנייאיקע רוקנס. די פייערן האָבן געוואָרפן אַ רויטע שיין אַרום אים. פערמין האָט געאָטעמט טיף און יונג. זיינע חושים, ווי פון אַ אַנגערעגטער מדבר־חיה, זענען געוואָרן אַלץ מער און מער אָנגעשפיצט. זיי האָבן אויפגעכאַפט יעדן מינדסטן ציטער פון אַ בלאַט, דעם קלאַנג פון אַ אַנקומענדיקן אויטאָמאָביל און מער פון אַלץ — האָבן די חושים געהאַלטן אין איין טרינקען דעם אויפוואַכנדיקן אָטעם

פון דער טרוקענער מדבר־ערד און די מיסטעריעס וואָס זענען איינ־געשלאָסן אין איר איינגעווייד.

עס זענען אויפגעקומען אייניקע רגעס, די גרויע און בלויע בארג־כמאַרעס וואָס אונטער די הימלישע פייערן, האָבן זיך אייַלנדיק אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן און דינע מעסערדיקע פארבן ווי פון בורשטין און פערלמוטער, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ווילדע גראָזן אַרום דעם אַלטן פערמין, זיך געבויגן און אים אַריינגענומען אין אַ פאַנטאַסטי־שער נאַטור־וויג.

אַז עקזאַלטירטער האָט ער צענויפגעצויגן זיינע שפּיציקע ב־ע־מען, זשעדנע אַ פּיפּקע געטאָן די ליולקע און נאָכדעם האָט ער אָנ־געהויבן צו שעפּטשען זיין אייגן־אויסגעטראַכטע תפילה...

— הימלישער, איך וויל דו זאָלסט מיך נישט פאַרלאָזן... איך וויל דו זאָלסט האַלטן איבער מיר דיין חסד אין די נייע אויפגייענדיקע טעג... איך וויל זוכה זיין מיך צו נערן מיט דיין וואונדערלעכן גאָב...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס ווינטל האָט דערטראָגן צו אים דאָס אייניקאַניקע ריזלען פונעם ריטשקעלע וואָס צווישן די מאָ־גערע סאָסנעס ביים וועג. דאָס ווינטל האָט אויך געשויבערט זיינע האַרטע ווייסע האָר און די ברייטע פּלודערן מיטן ראָק, וואָס איז ווי אויף אַ שטעקן געריטן אויף זיין שמאָלן אויסגעדאַרטן גוף.

דאָס וואַסער איז משייניק האָט אַנגעהויבן זידן. פערמין האָט זיך אויפגעהויבן און איז ווי אַן אָנגעזעטיקטער פון געפיל — אוועק אויפן בערגל צו זיין ראַנטשעלע. ביים אַריינגאַנג איז ער געבליבן שטיין, זיינע צעשיינטע צווייַ אויגן האָבן אָנגעהויבן אומצוגיין אי־בער די שטיקער שיין ווי ייַדענע מיבער פון אַלערליי שאַרפע קאַלי־רן.

אויבן איז געווען מער אומרואיק. די וועגטלעך פון אַלטע זעק און שמאַטעס — וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אַרום די פיר שמאָ־לע דרענגלעך — דאָס נידעריקע דעכל פון סכך — זענען געווען אַרומגענומען פונעם שאַרפן ווינטל. די טויבן האָבן געוואָרקעט אין די נעסטן וואָס אונטער דער סטריכע און אַ נאַכטיגאַל האָט פאַר־ליבט אויסגעזונגען זיין פאַרמאַגיקע בענקשאַפט..

פערמין האָט אַן עקזאַלטירטער אָפּגעאָטעמט אייניקע מאָל און האָט מיט אַלע כוחות זיך איינגעהאַלטן נישט אויסצושרייַען זיין פרייד און באַגייסטערונג, און אויסצוזינגען זיין בענקענדיקן ניגון...

פערמין האָט מאָדנע אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ אויף פאַרויס, האָט גיך צענומען צווייַ צעשוינדענע פאַלעס פונעם ווענטל און איז אַריין אין ראַנטשעלע. ער איז געבליבן שטיין און האָט זיך אַרומגעקוקט. דאָרט איז געווען גענוג טונקל און שטיל. איבער די פון ווינט צע־

וויגטע וועגטלעך און איבערן שטרוי וואָס האָט באַדעקט אַ טייל פֿון גריבערדיקן דיל, האָבן זיך געשלייכט פּאַרטאַגיקע, גרויע שאָטנס. ער האָט אָבער געזען די בינטלעך מיט פאַרשידענע הייל־גראָזן, וואָס האָבן געהאַנגען אונטערן סופיט. געזען די צוויי טרוקענע פעלן פון שעפּסן און איינע פון אַ פערד. צוויי מעסערס אין די לעדערנע שיידלעך, צוויי פּאַנטשאָס מיט רויטע קאַנטן און לאַנגע פראַנדזען. צוויי שטרויענע, צעשוינדענע קאַפּעליושן, צוויי פילנבויגנס און אַ בילד פון דער הייליקער מוטער מיטן קינד. אָבער מער פון אַלץ האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן אַ קליין בילדל אין אַ רעמל פון אַלערליי שטיינדלעך. אַ בילדל פון אַ טונקל־הויטיקער פרוי מיט אַ הויכן בוזים און מיט גרעבלעכע ליפּן. פון אונטערן ריזיקן שטרויענעם קאַפּעליוש האָבן אַראָפּגעהאַנגען צוויי לאַנגע, דיקע שוואַרצע צעפּ. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קוישל מיט ווייסע הינער און אין דער צווייטער — אַ קוישל מיט פלעשער ווײַן.

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן צעבאַרשטנענעם קאָפּ און אַ פּיפּקע געטאָן די ליולקע.נאָכדעם האָט ער אַריבערגעטראָגן די בליקן צום ווינקל, וואו אויף אַ קופּע פון פּייַכטן שטריק איז געשלאָפן אַ קינד פון אַ יאָר אכט. דאָס קינד איז געווען איינגאַנצן נאַקעט. זייַן טונקל לייַב איז געווען באַדעקט מיט קליינע שטרויעלעך און מיט טראָפּנס שוויים. ער האָט געאָטעמט רואיק און געזונט. דער אַלטער האָט ניט געוואָגט אים אויפצוּוועקן פון פאַרטאָגיקן געשמאַקן שלאָף. ער האָט זיך לייַכט אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, אַנגעשפּאַרט דאָס פּנים אויף אַ האַנט און זיך איינגעהערט צום אייַנגעגעסענעם פליסנדיקן ריטשקעלע, וואָס היִנטערן באַרג.

ביסלעכווייַז און פון רגע צו רגע, איז זייַן פרייד ווי פאַרשאָטנט געוואָרן און איר פּלאַץ האָט פאַרנומען דאָס געפיל פון אייפערזוכט און באַליידיקונג. אָט דאָס דאָזיקע געפיל איז געווען, האָט פערמין געוואוסט, דער אייניציקער כוח וואָס האָט זיך אַ סך מאָל אַרייַנגעשטעלט צווישן אים און זייַן זאָרגלאָזן, צעפרידענעם און ברייט־מדברדיקן לעבן...

דאָס דאָזיקע ריטשקעלע, האָט ער געטראַכט — איז ווי אַ מכּה אינעם האַרץ פונעם שטיק מדבר... ס'איז אי דער געשאַנק פון אַן ענג־האַרציקן... דאָס קוויטיקע וואַסער קומט אַזש פון יענער זייַט אַנדן־בערג. עס ציט זיך, דרייט זיך דורך באַרג־ווילדענישן, צווישן שטיינער און קאַקטוסן און געדיכטענישן פון אַלערליי געוויקסן. פערציק קילאָמעטער שלענגלט עס זיך ביז עס קומט אַריבער אַהער. עס

ריזלט ארײַן און ברײנגט מיט זיך אן א שיער אומרײנקײטן און אפפאל. אבער דא איז דער ברײט־מדברדיקער געגנט, דא וואו דער אויבערשטער אלײן האט מיט זײַנע הענט באַרידט די ערד און זי געבענטשט, דא איז נישטא קײן אײגן וואסער... און מען פרײט זיך און מען צערטלט דאס צוגעווארפענע, דאס געשאנקענע דאס רחמנותדיקע.

אַ ארעמאנסקע גאב! . זאל אים דער אויבערשטער מוחל זײַן פאר די דאזיקע פארגלײַכעניש. און דאס מוז אוודאי זײַן ווי א חוזק און א שטראף פאר די וואס ווײסן ניט ווי צו האלטן חשוב דעם גרויסן וואונדער... דא וואלט מען שוין פון זײער לאנג צוריק געקענט האבן אײגענע ברונעמער, אײגענע טײַכן און נישט קײן קלענערע ווי עס האבן די מענטשן וואס פון יענער זײַט אנדן.

יענע האלטן זיך א קאפעטשקע גרויס און דאס טוט אים ווײ, פערמינען. אים גײט ניט אין דעם וואס יענע האבן. נײן!... עס גײט אבער אין דעם וואס דא נעמט ניט קײן סוף און קײן עק! מען מאכט זיך צום נאר מיט דעם גלויבן אז ווער עס האט אויפדויער, דערגרײכט ער אזש ביז צו די הימלען...

ער האט ביז ווײטיק צענויפגעצויגן די ווײַסע שפיציקע ברעמען און די האלב־אויסגעלאשענע ליולקע איז ווינקל פון די דינע איראניש־צעקרימטע ליפן — האט ווידער געטאן א ציטער . . .

עס זענען אוועק אײניקע מינוט. ער האט זיך אנגעבויגן און צוגעלײגט אן אויער צום גריבערדיקן דיל. ער האט מיט אלע חושים אויפגעכאפט דעם האסטיקן גערויש פון וואסער, גאר טיף אונטער דער ערד. ער האט סודותדיק אפגעזיפצט און געטראכט:

דאס זענען אוודאי די הײסע טרערן פון יענע ערלעכע לײַט וועמען די אומערלעכע האבן אומגעבראכט... פון יענע אומשולדיקע און לויטערע טרערן זענען שוין געווארן טײַכן און ברונעמער. די דאזיקע טײַכן און ברונעמער רײַסן זיך דורך איבער אלע פארצוימונגען... זײ גיסן זיך ארײַן אין פאציפישן אקעאן. עס וועט קומען א טאג א גרויסער און שרעקלעכער טאג, ווען די דאזיקע טרערן און ווײטיקן וועלן זיך אויסגיסן אויף די קעפ פון די שולדיקע... דערווײַל איז דאס נאר אן אנזאג, א ווארענונג צו דער בײזוויליקײט וואס באלעבאטעוועט און פארשעמט גאטס ווערק...

ער האט זיך אויפגעהויבן און א בלײכקײט האט געריזלט ארום די פארקרימטע ליפן. ער האט ווידער געטאן א קוק צום יינגל, און נאכדעם, האט ער אין געדאנק געזאגט:

— גאָט אין הימל, גיב מיר אויף מײַנע עלטערע יאָרן אַ ביסל גלויבן אין די מענטשן פון דער איצטיקער צײַט... גלויבן און כח צו קענען בײַשטיין זייער אכזריות... שיק אויך אַראָפּ אַהערצו, אַ ביסעלע רעגן, שיק פון דײַן ברייטער האַנט, פון דײַן גאָב...

דאָס ייִנגל האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זײַט און האָט מענוג־פול געאָטעמט. דער אַלטער האָט אײַנגעגראָבן אין אים די פריידיקע בליקן און די ליולקע אין מויל־ווינקל האָט אונטערגעציטערט... ער האָט פון אַ טאָרבעלע מיט זשערבאַ, וואָס האָט אַראָפּגעהאַנגען פון דער בעלקע אונטערן סכך, אַרויסגעצויגן אַ גרויסן, טרוקענעם האָרן, אים אָנגעפילט מיט זשערבאַ, אַרײַנגעלייגט אַ ביסל פּעפּערינע און אַרײַנגעשטעלט די באָמביזשע. נאָכדעם האָט ער אויך אַראָפּגענומען אַ צווייט טאָרבעלע, אין וועלכן ס׳איז געווען אַ ביסל צוקער, דורכגעמישט מיט בלעטלעד פון הייל־גראָזן און אַ פּאָר טרוקענע גאַליעטן... ווען ער האָט שוין אַלץ געהאַט גרייט, האָט ער געטאָן אַ פּײַף און באַלד נאָד איינעם. דאָס קינד האָט אויפגעמאַכט די אויגן־דעקלעד און אָנגעשטעלט אויף אים צוויי טונקעלע, גרויסע אויגן, מיט אַזאַ רו און לויטערקייט, אַזאַ מנוחה, וואָס האָט דעם אַלטן ווידער און צום טויזנטסטן מאָל איבערראַשט.

אַרום זיי, האָט זיך ווי אַ קאַנווע געוועבט אַ טונקעלע בלויקייט און דער שטענדיקער גערויש, דאָס ריזלען פון קויטיקן ריטשקעלע, הינטערן באַרג. דער אַלטער האָט אין געדאַנק ווידער געזאָגט צום קינד, וואָס האָט מיט די פינגער געהאַלטן אין אײַ שויבערן די שטרויעלעד פון צווישן זײַנע פּעך־שוואַרצע האָר־קרויזלעד, ווי פון אַ ווילדן שעפּס:

דו ביסט אַ פּיפּער... דאָס איז פאַר אַ מדבר־מענטשן אַ גרויסע חסרון... דו וועסט אַ סך מאָל נישט זוכה זײַן צו זען ווען דער מאָרגנשטערן גייט אויף אין הימל־געוועלב און באַשײַנט דעם מידבער.

דאָס ייִנגל האָט מיט די בליקן געשלונגען יעדן צוק פון אַלטנס פאַרטראַכטן פּנים. ער האָט אים שוין געקענט און אויף זײַן אייגענעם אופן אויסגעטײַטשט — סײַ זײַן שווײַגעניש, זײַן פאַרטראַכטקייט און אַמאָל אויך — זײַן פּלוצימדיקע באַריידעוודיקייט.

דאָס קינד האָט אויך געוואוסט, אַז הײַנט, האָט ער ווידער איבערגעכאַפּט אינעם זינקען אין געשמאַקן שלאָף...

דער אַלטער האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— אַ בחורל, מײַן אוצר, אין דײַנע יאָרן! וואָלט ניט געטאָרט זײַן אַזאַ פּיפּער... — דאָס קינד האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זיך גענומען אָנטאָן, אַרײַנגעקראָכן אין די צו גרויסע גרויע הויזן מיט רויטע לאַטעס אויף די קני און אויפן הינטן. אַרויפגעצויגן אויף זיך

אַ צעשונדן העמד פון גרויער קאַקי. די אַרבל זענען געווען לאַנגע, ברייטע און דורכגעריזלט מיט צערעוואַניעס פון רויטן פאָדעם. ער האָט פאַרצויגן אַ שטריקל אַרום גאַרטל פון די הויזן און האָט ווידער אָנ־געשטעלט די בליקן אויפן אַלטן. דאָס מאָל זענען די בליקן געווען ווי צעבוואַליעטע סמאָלע און אַזעלכע דורכדרינגלעכע, ווי ער וואָלט זיך געפונען ווער ווייסט אין וואָס פאַרא ווילדע מדבר־ווינקלען.

דער אַלטער האָט אַרויסגעבלעזלט האַרטע ווינטלעך דורך די נאָז־לעכער און אַ פריידיק איז אויפגעגאַנגען אין אים.

— דאָס ווערעמל, אַז קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַדן, דאָס ווערעמל איז אַן אָפּשטאַמיקער פון אַלטן, אינדיאַנישן יחוס!... ער וועט מיר דאָ אויסוואַקסן ווי אַ דרייסטער מדבר־פויגל!!! ווי עס זעט אויס איז עס צוליב זיין געבוירן־ווערן איז אַ שיינער פרימאָר־גנדיקער רגע... דער מאָרגנשטערן האָט אַריינגעפּלייצט אינעם קינדס קלאָרע אויגן אַ געטלעכע שיין... דער שנייַדנדיקער מדבר־ווינט האָט אים, דעם אונטערגעוואָרפענעם, געזונגען דאָס ערשטע וויג־ליד.

בשעת דאָס קינד האָט פאַרשנורעוועט די בענדלעך פון די צוויי גרויסע צעשונדענע שיך אויף די באָרוועסע פיסלעך, האָט דערוויַיל דער אַלטער זיך געפּיפּקעט די ליולקע און וויַיטער געטראַכט: „דאָס ווערעמל האָט זיַין אייגנאַרטיקן גורל. אין דעם איז גאָרניט דאָ וואָס צו צווייפלען... ער האָט שוין פון קליינערהייט דורכגעשפּאַנט דעם מדבר און זיך צוגעוואוינט צו ווילדע נאַטור־ענדערונגען. זיַין וועג אַ וואונדערלעכער, אַ געוואַגטער און אַ זיכערער; ער וועט מיטן אויי־בערשטנס הילף, זיַין דער יורש פון זיַין זיידן.. ער וועט אויסוואַקסן ווי אַן אָדלער... ער וועט זיַין פאַרליבט אינעם מדבר... ער וועט פונקט ווי דער זיידע — בלייַבן אומדערמידלעך אין זיַינע זוכענישן... אין זיַינע ליבעס און וואַנדערונגען... ער וועט ווי דער זיידע, צענדליקער און הונדערטער מייל גיין צופוס איבער דער קאָרדיליערע, גייען צוויי־שן אַלע ווייסטענישן און אָפּגרונטן און אַזוי אָנקומען אין פרעמדע לענדער...

וואָלט דאָס ווערעמל ניט פאַרמאָגט אין זיך זיַינע, דעם זיידנס, אייגנשאַפטן און די גאָלדענע ירושה פון אוראַלטע דורות — וואָלט ער דאַרפן זיך ניט געווען מיט ליַיב און לעבן אַזוי צוגעבונדן צו אים. ס'איז ממש אַ וואונדער, און טאַקע אַ גרויסער נס...

דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פריידיקן קרעכץ און מיטן געַ־דאַנק אויף איין רגע ווידער כמעט קענען זיַין ווילן זיך אַריבערגעַ־טראָגן צו יענער גליקלעכער שעה אין זיַין לעבן. ס'איז געווען אין אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג. איבערן מדבר האָט זיך געטראָגן אין ווילדן קאַראַהאָד אַ געדיכטער שניי־שטורעם. ער האָט געקלאַפּט אינעם חלל

און צוגעדעקט מיט א טרוקענער ווייסקייט — די בערג, די וועגן, די נערטנער און די איינציקע ראנטשעלעך.

ער, פערמין, איז זיך רואיק געזעסן ביים קעסעלע פייער אין א ווינקל פון זיין צעהוידעטער ראנטשע און האט געטרונקען מאטע. דורך די צעפאכעטע ווענטלעך האט אריינגעיאגט דער שנייאיקער ווינט און אזא העלקייט, וואס האט באלויכטן דעם ארום. ער האט צענויפ־גענומען ארום זיך די אלטע פאנטשא און האט אראפגערוקט גאר נידעריק דעם קאפעליוש. דער ווינט האט געברומט ווי טויזנט ניטר גוטע... ס'האט אויסגעזען אז אין מדבר איז פארגעקומען אן אויסער־געוויינלעכע זאך...

ער האט אנגעשטעלט אן אויער און באלד דערהערט אז פונעם ווינטיקן געברום האט זיך צו אים אויך דערטראגן א מין קרעכצן, א באקלאגן־זיך פון עפעס א באשעפעניש... ער האט פארשטאנען אז דאס באשעפעניש האט זיך אין דער דאזיקער שרעקלעכער פרימארגן־שעה געווענדעט צו אים... ער האט זיך אויפגעהויבן און איז ארויס־געגאנגען. ארום: דער הימל, די ערד — איין ווייסקייט, איין פליענ־דיקע, ברומענדיקע ווייסקייט. און אויפן בערגל ביים ווענטל, איז ווי אין א מולטער פון שניי — געלעגן א ברעקעלע אין דינע שמאטעס איינגעוויקלט... ס'האט געהאט א טונקל, ווי פון זון אפגעשמיסן פנימל און צוויי אפענע, קלארע אויגן. אט די אויגן האבן אים, פער־מינען, פארכשופט... און אזוי שוין ביזן היינטיקן טאג...

ער האט זיך פריידיק צעהוסט און ארויסגעלאזט ברייטע קנוילן רויך דורך די אומרואיקע נאזלעכער. ס'איז אים ווידער געקומען אויפן זינען: ער, מאטעלע איז הימל, ווען ער, פערמין, איז נאך איצט א בחור, ווי עס פירט זיך ביי לייטן, וואלט ער צוליב דעם ווערעמל נאכגעגעבן און זיך אריינגענומען א לייטישע „זי". ווען ער קען איר נאכגעבן אלץ וואס עס קומט איר... וואלט זי אויך געקענט מקריב זיין איר פרייהייט. זי וואלט זיך צוגעבונדן צו אים און גלייכצייטיק געקענט זיין ווי א מאמע צום ברעקעלע. אבער ער האט צופיל גע־ווארט... דער מדבר, די בלויע נעכט און דאס הייסע בלוט — האבן אים ווי אויף אדלער־פליגלען אומגעטראגן פון ארט צו ארט...

ווי די זאך זאל ניט זיין, איז ער, פערמין, א מאן פון עטלעכע און אכציק און כוחות, א דאנק דעם אויבערשטן, האט ער נאך געגוג... אבער אריינעמען אהער א „זי", וואס זאל זיין שוין אין די יארן... און דערצו ניט לויט זיין געשמאק — דאס וואלט שוין געווען צופיל פארלוירן פון זיין מאנסבילשן ווערט... אלטע בהמות וועקן אין אים א ווידערווילן...

ער האָט זיך געווענדעט צום קינד, וואָס האָט שוין געהאַלטן אויף אים אַנגעשטעלט די וואַרטנדיקע בליקן:

— אַפּראָפּיאַ, ווער עס פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט, דער וועט בלייבן אַ שוואַכער פאַרדינער... דער זיידע, ווייסטו, האָט קיינמאָל ניט פאַרשלאָפן און פאַרשפּעטיקט. איצט דערנענטערט זיך די צייט פון טראַכטן... און דערצו נאָך, זאָרגן פאַר דעם זיידן. אַזוי, אייניקל, פירט זיך עס ביי לייטן. האָסט מיך פאַרשטאַנען?... — האָט ער אים איבערגעפרעגט עטלעכע מאָל.

דאָס קינד האָט מיט אַפּשיי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— פריער, אייניקל, באַדאַרף מען נעמען. ווען מיר זענען קליין און אומבאַהאָלפן האָבן מיר אַ רעכט צו מאַנען און צו געניסן פון יעדנס מי און געטריישאַפט. נאָכדעם, ווען מיר ווערן עלטער — האָט ער מאָדנע אויסגעצויגן די ווערטער — נאָכדעם מוזן מיר מיט ליב־שאַפט אָפּצאָלן צו אַנדערע וואָס וועלן זיך נויטיקן אין אונדזער הילף. מען מוז אייניקל, זיין גרייט און שטאַרק אַנטקעגנצוקומען אַלע שטור־רעמס און אַלע שטרויכלונגען פונעם לעבן. האָסט מיך פאַרשטאַנען?

אַפּאַריסיאַ איז געוואָרן אומגעדולדיק, כאָטשע דעם זיידנס קלוגע רייד זענען געווען ביי אים ווי דער העכסטער אויסדרוק פון ליבשאַפט און לערע. איצט, אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט האָט ער מאַקע גע־וואָלט וואָס גיכער זיין אין דרויסן. אַ, אַ, האָט ער געטראַכט, דער זיידע פערמין האָט שוין געגוג געזען, ווען נשמות קומען צוריק אַראָפּ פונעם הימל... ער האָט שוין אויך געזען ווען זיי פליען אַרויף... אויבן גיבן די נשמות אָפּ אַ חשבון דעם דערלייזער... און פאַרטאָג קומען זיי געלייטערטע צוריק, ווי ווייסע און בלויע שעפּסעלעך קאַלערן זיך איבער די אַנדן... עס איז שיין, זייער שיין... ער, אַפּראַסיאַ, האָט שוין איינמאָל, אינאיינעם מיט'ן זיידן, געוואַרט עטלעכע שעה ביז ס'האָט זיך טאַקע באַוויזן דער דאָזיקער וווּנדער... נו, מאָרגן וועט ער שוין נישט פאַרשלאָפן. ער וועט נישט!...

בשעת ער האָט אַזוי געטראַכט, זענען זיינע בליקן געווען מאָדנע צעלויכטן אין די ריינקייט — צוויי בעכערס פון קרישטאָל. דער אַלטער האָט אים זייטיק אַנגעקוקט, געפּיפּקעט די האַלב אויסגעלאָשענע ליולקע און מיט די נעגל געהאַלטן אין אײן שטאָפּן זשערבע אינעם האַרץ אַריין. ער האָט געטראַכט:

דאָס ווערעמל וועט אויסוואַקסן מילד ווי אַ שעפּס און שטאַרק ווי אַ לייב... זיין הויט איז אַ שוין פאַרהאַרטעוועט... ער וועט זיין ווי אַז איבערבלייב פון זיינע אורזיידעס. יענע האָבן געלעבט אין די היילן און אינעם אָפענעם מדבר. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ סך ווירדע און יוינ־ציק קליינע באַגערן... אָבער, פּאַטריאָטן זענען זיי געווען זייער גרויסע!

ווי עס זעט אויס טאַקע אַ סך גרעסערע און מער פּולבלוטיק ווי עס זענען די איצטיקע... יענע האָבן עס געמיינט ערנסט... ווי ערלעכע קריגער זענען זיי געשטאָרבן פאַר זייער פאָטערלאַנד...

ער האָט אָפּגעזיפצט און ווידער אַ זאָג געטאָן:

— גיי, אַפּראַסיאַ, און גרייט דיך צו, וועלן מיר טרינקען מאַטע.

מיט אַ מינע פון געהאַרכזאַמקייט איז דאָס קינד אַרויס פון ראַנ־טשעלע און רואיק זיך אַראָפּגעלאָזט ביזן קוויטיקן ריטשקעלע וואָס הינטערן באַרג. האַרט איז ער געבליבן שטיין און האָט אויפגעהויבן די בליקן צו אַ ריזיקער לבנה ווי אַן איבערגעקערטע שיסל פון רויטן בורשטין. זי האָט ווי אַן אייביקע קעניגן זיך געשיפּט אויף די בלויע און ראַזעווע בערג־וואָלקנס און באַלויכטן די פּאַרטאַגיקע גרויקייט.

— יאָ, אָט דאָס איז עס! — האָט ער אַ פאַרגאַפּטער געזאָגט צו זיך אַליין און דאָס קיילעכיקע טונקעלע פּנים זיינס, איז געוואָרן באַגאָסן מיט אַ מאָדנער שיין. — יאָ, דער אויבערשטער זיצט זיך אויף זיין קליינעם אייזעלע, וואָס רייט אום אויף דער לבנה. דאָס אייזעלע איז ווי פון קופּער... ס'איז שיין, זייער שיין!... אָבער פאַר וואָס איז דער הימלשער הערשער אַזאַ קליינינקער?... און ווען באַ־וויזט ער עס אַנצוקומען אומעטום, ווען?... אַה, ווי גיך די לבנה שיפּט זיך. אויך די וואָלקנס — גייען, זיי לויפן אַנטקעגן דעם טאָג...

אין דעם האָט ער דערהערט דעם זיידנס אַ סווישטש... ער האָט זיך געטאָן אַ כאַפּ ווי פון שלאָף, האָט זיך אַנגעבויגן צום וואַסערל, זיך געוואַשן די הענט, דאָס פּנים, זיך אָפּגעווישט אינעם זוים פון לאַנגן העמד און איז געלאָפן צוריק. אויבן, איז שוין דער אַלטער ווי־דער געזעסן לעבן דעם האַלב־אויסגעלאָשענעם פייערל און האָט רואיק געזיפּט אַ מאַטע. אַפּאַריסיאַ האָט זיך שוויינגנדיק אַראָפּגעלאָזט לעבן אים. אַרום זיי האָט זיך געוועבט אַ פּאַרטאָגיקער אויפגאַנג און שטי־קער שיין, ווי פון מאַראַנצן־קאָליר און ליליען מיט געלע נאַרציסן — האָבן זיך געמיניעט איבער די מאָגערע גראָזן.

דער אַלטער האָט אַרויסגעצויגן אַ טרוקענעם גאַליעט פון דער טאָרבע און אים איבערגעבראָכן. אַ האַלבן האָט ער געגעבן דעם קינד און דעם אַנדערן האַלבן — האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ בלעכל מיט וואַסער. אַפּאַריסיאַ האָט אָפּגעביסן אַ שטיקל און קייענדיק, ווידער גע־קוקט צו דער לבנה. זי איז שוין געזעסן הינטערן באַרג און געגאָסן אַ בלוטיקע פאַרב אויפן ווייסן שניי.

פון גאַר נאָענט, האָט זיך דערטראָגן צו זיי, דאָס קרייען פון אַ האָן. אַ קלאַנג ווי פון אַ גלאָק. די זשאַבעס אינעם ריטשקעלע האָבן געקראַקעט אַן אויפהער. די לערכן האָבן געזונגען איינטאָניק און טיף,

ווי זיי אַליין וואָלטן זיך פאַרוויגט און הנאה געהאַט פון זייער אייגע־נעם געזאַנג.

עס זענען אַוועק צען מינוט און נאָך צען. דער קילער מדבר־ווינט האָט זיך האַסטיקער אַ טראָג־געטאָן איבערן באַרג. און ער האָט אַוועקגעטראָגן די לעצטע טליענדיקע ריטלעך פון אונטער דעם אַלמנס טרינגיזשקע.

ער, דער אַלטער, האָט זיך אויפגעהויבן און דאָס יינגל נאָך אים. ער האָט איבערגעלאָזט אין גראָז די ליידיקע מאַטע און געוואָרט אַז דער זיידע זאָל ווי אַלע אינדערפרי אויפהענגען ביי אים אויפן אַקסל דאָס טאָרבעלע מיט גאָליעטן און דאָס בלעכל אויף וואַסער. דער אַלטער האָט אים אויך אָנגעטאָן אויפן קאָפּ דעם צעשונדענעם קאַפּעליוש פון געוועלקטן שטרוי און פאַרצויגן דאָס רימענטל אונטערן האַלדז. נאָכדעם האָט ער אַרויפגעלייגט די טרוקענע הענט ווי צוויי טשערעפּעס — אויפן קעפּל פון קינד, און האָט אָנגעהויבן אין אַ פּרו־מען טאָן:

— גיי דיר בשלום צו דיין אַרבעט. זאָלסט, מיין קינד, האָבן מוט דיך אַנטקעגנשטעלן דער ווילדקייט פון די מדבר־חיות און דער ביישוויליקייט פון די מענטשן...

מיט אַמאָל האָט זיך דערטראָגן צו זיי אַ טיף און האַרצרייסנ־דיק געוויין פון אַ רעאַל־פויגל — אַפּאַריסיאַ האָט געטאָן אַ זיפץ. דער זיידע האָט זיך אָנגערופן:

— היינט, מיין יינגל, וועט דאָ ציטערן די ערד... די רעאַל־פייגל זענען אויסדערוויילטע באַשעפענישן, זיי זענען פילבאַר צו יעדער נאַטור־ענדערונג — געדענק, איינקל, ווען עס הייבט אָן ציטערן די ערד — מוז מען זיך אויסציען אויף אַ פלאַכן באָדן און איבער־וואַרטן... האָסט מיך פאַרשטאַנען?

דאָס קינד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ביז דאָס וויינען פונעם פויגל איז געוואָרן טיפער, פול מיט וואָרענונג...

דער זיידע איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט זיך גיך און פלינק אַ לאָז געטאָן פון באַרג. דאָס קינד איז אים נאָכגעגאַנגען, שלעפּנדיק שווער די צוויי גרויסע, צעפּאַרענע שיך, אויף די באָרוועסע פיסלעך.

— 2 —

ביים ראַנד פון שמאָלן האַוו, וואָס האָט אָפּגעטיילט איין באַרג פונעם אַנדערן, זענען ביידע מיט אַמאָל געבליבן שטיין. זיי האָבן אָנגעשפּיזט די בליקן צו אַ זיגטיקן, זיגזאַגיקן וועג, וואָס האָט זיך געשנימן צווישן נידעריקע, ברייט־צעוואַקסענע סאַסנעס. ביידע האָבן

מער געפילט ווי געזען, ווי דער אלטער שטאַוועלאַ האָט אויף זיין אייזל מיט די לאַנגע אויערן, זיך אַרויסגערוקט פון אונטער די ביימער און זיך געלאָזט מיטן וועג וואָס האָט געפירט אין דערפל אַריין. ער האָט פון וויַטנס אויסגערופן, פאַרטאַגיק און רואיק:

— אַ גוטמאָרגן, פערמאַן, גאָר ניט גערעכנט דיך צו טרעפן איצט ביים וועג.

— אַ גוטמאָרגן דיר, דאַן טשאַוועלאַ — האָט דער זיידע גע־ענטפערט און האָט באַלד געפרעגט:

— וואוהין, וויל איך וויסן, דו אַלטער פוקס, שלעפסטו מען זיך אַרום אין די דאָזיקע גרויע, פאַרטאַגיקע שעהן?

טשאַוועלאַ איז צוגעריטן נענטער, זיַינע גרויע אויגן האָבן מאָדנע אַפּירגעלויערט פון ברייטראָנדיקן, צעשונדענעם קאַפּעליוש פון שטרוי. דאָס קליינע, דיקלעכע פּנים מיט די וויַיסע הערעלעך ווי שפּיציקע נאָדעלעך — איז געווען באַגאָסן מיט דער פאַרטאָגיקער בלייבקייט. ער האָט זייער קונציק אַרויסגעצויגן איין פוס פון דעם טיפן לעדערנעם פוסהאַלטער און מיטן שפּיץ פון צונג זיך היימיש אַרומגעלעקט זיַינע גראָבע, פון ווינט צעפּיקטע ליפּן. ביידע האָבן געשמייכלט. דער טרוקענער ווינט מיטן דינעם רויטלעכן שטויב האָט געשמיסן די פלאַכטעס פון די ווערבע־ביימער ביים וועג און דאָס געזאַנג פון די לערכן האָט געפלייצט אינעם פאַרטאָגיקן אויפשפּראַץ.

פערמין האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— דאָס ברעקעלע האָט טאַקע ניט אויסגעהאַלטן, האַ?

— ניט אויסגעהאַלטן!... זאָל עס דער אויבערשטער נעמען אונ־טער זיַינע פליגלען.

— איך פאָר איצטער צום סטאָלער באַשטעלן אַ טרומנעלע. צוויי הונדערט וועלן איצט ווערן באַגראָבן... — האָט טשאַוועלאַ גע־ענטפערט און זיך צעהוידעט אויפן זאָטל.

— אוי, אוי! באַגראָבן! צופיל טרומנעלעך ווערן דאָ אויס־פאַרקויפט, האַ?...

אַפּאַריסיאָ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז, צענויפגעשאַרט עטלעכע שטיינדלעך און זיי אָנגעהויבן וואַרפן אין דער לופטן און קונציק כאַפּן צוריק אין די זשמעניעס. ער האָט געוווּסט אַז די צוויי אַלטע חברים וועלן לאַנג ניט בלייבן שטיל... זיי וועלן איצט, ווי תמיד, ווען זיי קומען זיך צענויף — פאַרפירן אַ קריגעריַי. שפּעטער וועלן זיי לויפן ווי די קליינע קינדער זיך איבערבעטן און נאָכדעם — ווידער נישט אויסקומען צווישן זיך... פאַר אים, אַפּאַריסיאָן, איז עס אַ סך מער ווי אַ פאַרברענגעכץ. פון זיי ווערט ער דאָך גע־וואויר אַ סך זאַכן און עס לוינט זיך צו זיצן און צו הערן? . . .

באַלד האָט טשאַבעלאַ ווידער איבערגעריסן די אַנגעצויגענע שטיל־קייט:

— לײַט, פּערמין, האָבן זיך נאָכגעפּרעגט אויף דיר... ס'איז גע־ווען אַ נישקשהדיקע וואָך נאָכט.

— יאָ, זיי האָבן געפּרעגט?...

— וואָס דען האָסטו געמיינט?

— איך האָב גאָרניט געמיינט. — האָט ער בײַסיק געשמייכלט. — וואָס וועל איך דאָרט אָפּבידעווען אַ נאָכט, האַ?...

— אָבער אַזוי פירט זיך עס בײַ לײַטן!... פון ווען אָן, פּערמין, ביזטו עס געוואָרן אַזאַ סאָלידער מענטש?... און דערבײַ האָט ער, טשאַוועלאַ, קינדיש אַ לאַך געטאָן. ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט און גרויע כמאַרעלעך האָבן ווי פאַרשאָטנט די שײַן פון זײַנע בליקן.

פּערמין האָט געטאָן אַ פּיפּקע זיין ליולקע און ער איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צום אייזל. ער האָט אָנגעהויבן צו גלעטן צווישן די אויפגעשטעלטע אויערן און מיטן געדאַנק האָט ער זיך אריבערגע־טראָגן צו יענע טעג און וואָכן ווען ער פלעגט מיט טשאַוועלאַן פאַר־בלײַבן אין דער סאַמע מדברדיקער ווײַטקייט. דאָרטן פלעגן זיי כאַפּן שטרויספייגל און אַנדערע מדבר־חיות. ס'איז געווען אַ גליק, אַ גרויס גליק צו פילן זיך אַזוי פרײַ און זאָרגלאָז. זיי פלעגן אויך אַוועק שפּאַצירן צופוס ביז טשילע און פּערו. גוטע מענטשן האָבן זיי אָר־מעטום אָפּגעגעבן דעם געהעריקן אָפּשיי. פון די מתנות פון עסן און טרינקען, פון באַוואונדערונג און שיינע טשינעלעך —אויף דעם איז אוודאי נישט געווען שייך צו באַקלאָגן זיך...

טשאַוועלאַ האָט אַרויסגעפּילט פּערמינס געדאַנקען און אויך ער איז געוואָרן באַהערשט פון אַ בענקעניש און אַ באַגער טאַקע שוין אָנצוהייבן נאָך אַמאָל: די וועגן זענען אויסגעטראָטענע, ווי אַזוי זיך צו גיבן אַן עצה מיט אַ חיה אין מדבר — באַדאַרף ער, אַ דאַנק דעם אויבערשטן, בײַ קיינעם זיך נישט לערנען... און פּערמין, דער אַלטער פּוקס, ער איז נאָך געגוג פלינק און שטאַרק!..

דאָ האָט פּערמין אַריבערגעטראָגן די בליקן צום אייניקל און זיך אָנגערופן:

— און דו וואָלסט איצט געוועזן אַ בעלן אַוועקצוגיין מיט אונדז אינעם מדבר, האַ?...

— יאָ זיידע!...

— און בלײַבן דאָרטן אויף שטענדיק, אויך?...

— יאָ זיידעניו!...

דער אַלטער האָט זיך פריידיק צעשמייכלט און נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פאַרוואונדערטן און נאָכגיביקן פרײַנט:

— וואָס זאָגסטו, טשאַוועלאַ, צו דעם דאָזיקן וועדעמל ?...

— וואָס איז דען פאַראַן צו זאָגן !... ער וועט אויסוואַקסן אַ מדבר־מענטש...

— ער איז אַן אַפּשטאַמיקער פון אונדזערע אורזיידעס, אַ....

— איך מיין אויך אַזוי... האָט טשאַוועלאַ באַשטעטיקט און צוגעוואָרפן אַ בליק צום יינגל, וואָס איז ווידער געווען פאַרטאָן אינעם שפּילן מיט די שטיינדלעך.

ס'איז אַוועק אַ געוועדעריי, אַ שפּאַרעניש, אַ רוגז און נאָכדעם ווידער צום ערנסט. טשאַוועלאַ האָט אים איבערגעגעבן אַלע פּרטים וועגן ברעקעלעס שמאַרבן און איצט וועגן דעם צוגרייטן די לויה. ביזן סוף האָט פערמין נישט אויסגעהאַלטן און האָט ווידער און גאָר בייסיק אַ זאָג געטאָן :

— דיר, פונדעסטוועגן, גייט עס איצטער גאַנץ גוט... דו וואָלסט מער נישט געקענט לעבן אַזוי ווי מיר ביידע האָבן דאָס פריער פאַרשמאַכט, האַ ?...

— וואָס הייסט ביי דיר אַז עס גייט עמיצן צו גוט ?... דו ביסטו געבליבן אַן עקשן !...

— וואָס הייסט ביי דיר אַן עקשן ?

טשאַוועלאַ האָט דערפילט אַ דינעם ציטער אין פערמינס שטים און ער איז געוואָרן ווייכער :

— מען באַדאַרף, פונדעסטוועגן, יאָ נאָכגעבן אַ קאַפּיטשקע... אַזוי פירט מען זיך ביי לייטן !... — האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן. — פערמין האָט געטאָן אַ דיז אַפּגעהאַקט לאַכעלע און בייסיק דורכגעזייעט דורך די דינע ליפּן :

— דו וועסט בלייבן ווי אַן אָרומגעפּליקטער בוים אינעם מדבר... די יונגע ציין אַפּ פון דאַנען... פאַרשטייסט מיך, טשאַוועלאַ ?...

טשאַוועלאַ האָט געשוויגן און האָט נאָר געטאָן אַ זייטיקן קוק אויף פערמינס צוויי שיך. איינער איז געווען אַ ווייַבערישער פון גרויסער גאַמוזע מיט אַ שמאָלן קנאַפּל און דער צווייטער — אַ מע־נערישער. פון שוואַרצן לעדער און מיט אַ ברייטן נאָסיק. פערמין האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט. ער האָט זיי קונציק אַרונטערגערוקט אויף הינטן מיט דעם פוס מיטן ווייַבערישן שוך, און האָט קענן זיין אייגענעם ווילן און געגוג פאַרדריסלעך געטאָן אַ קוק אויף טשאַוועלאַס אַ פוס מיט דער שפּאָגל־נייַער אַלפּאַרגאַטע. אין גערדאַנק האָט פערמין זיך געטרייסט : דער אַלטער נאָר האָט אינגאַנצן אָנגע־וווירן דעם שכל... זיינע קינדער און די אייניקלעך האָבן זיך גע־לאָזט פאַרבלענדן פון די אויסלענדישע . . אַלע, אַלע גייען הייַנטיקע צייַטן נאָר אויפן לייַכטערן וועג, אויף דעם גלאַטינקן... נאָר ער פער־

מין, ער וועט זיין ווידע נישט פארקויפן... ער באדארף נישט קיין נייע אלפארגאמן, ער באדארף נישט קיין נייע פאנטשא... אים איז געננוג — אַז אלטע! געננוג, נאָך איבער געננוג...

טשאוועלא האט ווידער איבערגעריסן די פיינלעכע שטילקייט:

— ביי יענע, נו, דו ווייסט ווען איך מיין... פארשטייסט, ביי יענע, איז נאך ווי עס איז פאראן א טאלק, א ממשותדיקייט... און ביי אונדזערע — נו, ווי זאל איך דיר דאס קלאר מאכן?... ביי אונדזערע זענען מיר דאך ווי אמתע פאריער און נישט מער!...

ער איז אנטשוויגן געווארן און מיט א קוויטיקן טיכל אפגעווישט די פייכטקייט וואס האט אים ארויסגעשלאגן אויפן שטערן. פערמין האט ביז ווייטיק צונויפגעצויגן די שפיציקע ברעמען און געקוקט אין דער פארטאגיקער בלויקייט. טשאוועלא האט אויסגענוצט זיין חברס שווייגן, געהויבן די אקסלען, געקנייטשט דעם שטערן און ווייטער גערעדט:

— איך ווייס אז דו ביסט גערעכט... דו האסט צוליב וואס צו זיין ברוגז... אבער — נישט אייביק וועלן זיי דאך אונדז אפקומען נאר מיט צוזאגעכצן... דערוויילע, מיין פריינט, קען מען נישט זיצן און ווארטן אז דער טויט זאל קומען.. דערצו מוזטו ווייסן אז ביי אונדזערע איז אינגאנצן נישטא וואס צו טאן... פון די קליינע שכירות איז שווין אפגערעדט... דערצו מאכט זיך טאקע זייער אפט אז מען שיקט דיך אוועק מיט ליידיקן...

פערמין האט געשמייכלט און עקשנותדיק געשוויגן. טשאיועלא האט זיך אפגעהאלטן פון אפענע רייד. ער האט געטראכט: דער אלטער וויל נישט וויסן פון דער מינע, פון דער „קאסטאניא וויעכא", ביי יענע ארבעטן געננוג פון די היימישע בארג־מענטשן. א גאנצע שטאט איז אויפגעריכט געווארן... עס איז שוין דא עלעקטרי, עס איז דא ווג צו פארברענגען, ווי עס פירט זיך ביי לייטן. „יענע" האבן געמאכט שיינע וווינונגען מיט הייסער און קאלטער וואסער. וווינונגען מיט טירן און מיט פענסטער און אנדערע באקוועמלעכקייטן האט מען דאָרט אריינגעבראכט. און יענע צאלן אין צייט. קיין רגע פארשפעטיקן זיי נישט. און ארבעט גיט מען דיר וויפל נאר דו קענסט באווייזן צו טאן.

— פארשטייסט, האט ער זיך ווידער געווענדעט צו דעם פארטראכטן פערמין, פארשטייסט, מיין אייניקל האט נעכטן אהיימגעבראכט א גאנצן פאק מיט נאציאנאלע באנקנאטן... זיי צאלן מיט נאציאנאלער מטבע און קענסט פאר דעם געלט קריגן פון אלץ וואס דיין הארץ גלוסט נאר... — האט ער א קלאפ געטאן מיט צוויי פינגער

אין דער לופטן און אַ מאָדנע שײַן האָט זיך צעבליצט אין זײַנע אויגן. פערמין האָט אַ זײַע געטאָן פון צווישן די צענויפגעלייגטע ליפּן:

— דו ביסט נשקשה פון אַ פאַנטאַזיאָר!...

— אסור צי איך טרייב איבער!... דו פּרוּוו אַליין צופּאָרן וועלכע ווערן ווייבער!...

— דו רעדסט ווי אַן אויסלענדער... אַ פּעדוּאַנער.. אַ טשילע־נער... — האָט פערמין זיך געעקשנט. די „קאַסטאַניאַ וויעכאַ" איז מיט פרעמדע...

— איז וואָס גייט דאָס מיך אָן?... וואו דער וואָרעם קריגט אַ נעכט — אַהין קריכט ער אַרײַן...

— דו גרייזט — איז טשאַוועלאַ געוואָרן באַליידיקט. אויך אונ־דזעריקער מוז האָבן אַ העמד אויף זײַן לײַב... עס זענען איצט אַנדערע צײַטן. ס'איז ניט קיין קינדער־שפּיל, דאָן פערמין! זיי האַלטן אין איין צוזאָגן... האָט ער צעפירט די הענט און האָט אַראָפּגעלאָזט די בליקן. — מיר בלײַבן תמיד בײַם אַלטן... און די הײַנטיקע, די יונגע, זיי זענען אומגלויביק... אָט אין דעם גייט עס!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אומוויליק אַרויסגעצויגן אַ ביסל טאַבאַק פון טאָרבעלע, וואָס האָט געהאַנגען אויפן אייזלס האַלדז, אָנגעשטאָפּט די ליולקע און האָט אויך געגעבן פערמינען אויף אָנצופילן זײַנע. פערמין האָט מחיה'דיק אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם געשמאַקן ריח פון מײַערן טאַבאַק און האָט אין געדאַנק זיך געפּרוּווט אַ לעבעדיקער.

— טשאַוועלאַ האָט זיך צוגעפּאַסט... אים הויבט עס ניט אָן צו אַרן וואָס זײַנע קינדער און די קינדער און אייניקלעך אַרבעטן אין דער „קאַכמאַניאַ וויעכאַ". אים אַרט אויך ניט וואָס דער האַנאָר פון די אַמאָליקע ווערט איצט פאַרשריען און אויסגענוצט פון די נײַע... אַלע פאַלשקייטן ווערן אָפּגעטאָן אין נאָמען פון יענע ליבטיקע פּאַטריאָטן... אָט האָט מען איצטער פאַרברענט מיטן פײַער אַריבער פערציק מיליאָן אַרגענטינער פּעזעס... איינער הויבט אָן, קומט אַ צווייטער און צעשמעטערט, ווײַל אַזוי וויל ער... ווײַל אַזוי געפעלט עס אים... אָט איז מען דאָ געבליבן אָן ברויט ווײַל עמיצער האָט געוואָלט צעשטערן די אַרבעט פון אַן אַנדערן... האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס בויען דעם אינטערנאַציאָנאַלן וועג קיין טשילע, און אַזוי פירט זיך עס... און אַזוי שמעקט מען דאָ אין דער בלאָטע און דער דאָזי־קער נאַר איז נאָך צופרידן... דער אַלטער אייזל וועט נאָך פּאַר אַ פּעקל זשערבע, אָדער פאַר אַ שפּילכל וואָס מען וועט ברענגען פאַר זײַן אייניקל וועגן — גיין צום וואַל־קעסטל... נאָר אים פערמי־

נען, — אים וועט מען מער מיט קיין שום צוזאָגעכצער ניט אַריינ־נאַרן... גענוג יאָרן האָט מען אים אַזוי גענאַרט... נו, ער קען דאָס ניט לייקענען — פון צײַט צו צײַט כאַפּט ער זיך יאָ צו אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן... ער פאַרדינגט זיך דאָרטן אויף עטלעכע וואָכן... טאַקע אויף געציילטע וואָכן — ניט מער! ער מוז דאָך מיט עפּעס באַזאָרגן דאָס ברעקעלע...

בעת פערמין האָט אַזוי פילאָזאָפירט און איז געווען פאַרמוטשט און פאַרזאָרגט, האָט טשאַוועלאַ געהאַלטן אין איין פּיפּקען די ליולקע און אין האַרצן אים באַדויערט. באַלד האָט ער זיך ווידער אָנגערופן:

— צופיל אומצומרוי און פאַרחרום וועט נאָך מער פאַרגרעסערן אונדזער דלות...

— אָבער זיי קוקן דאָך אויף אונדז ווי מיר וואָלטן געווען אייזלען! אין די גרויסע שטעט, ווייס איך, פירט זיך עס אַנדערש, מער אָנשטענדיק. מיר מוזן דאָך אַמאָל אַרויסוואַקסן פון אונדזערע וויקעלעך, האַ?... אומעטום, ברודערל, זענען פאַראַן גענוג מויל־העלדן, וואָל־מאַכער, נו, איז גייט מען דען ניט צו די וואָל־קעסטלעך?

— וואו איך זאָל מיך געפינען, וועל איך בלײַבן בײַ מײַן מיינונג — האָט פערמין אַרויסגעזייט פון צווישן די פאַרפּרעסטע ליפּן. פריער וועל איך מוזן זען די טאַטע און נאָר די טאַט! — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט צוויי פינגער אין דער לופטן און מיט די בליקן אַרומגענומען די אומענדלעכע ברייטקייט פון די אין שניי אָנגעטונע־נע באַרג־רוקנס. — אָט דאָ, פאַר אונדזערע נעזער, ליגט דער שליסל פון גן עדן... — האָט פערמין אַרויפגערעדט צום שנייאיקן באַרג־שפּיץ. — זיי האָבן אונדז טויזנט מאָל צוגעזאָגט צו ברענגען מאַ־שינען אַז מיר זאָלן געניסן פון דעם דאָזיקן גוטס...

— אָבער איך ווייס, וועסט מיך באַלד זאָגן, דו אַלטער נאַר, מען מוז דאָך האָפן אַז עמיצער וועט קומען, עמיצער וועט דערזען ווי דאָס גליק שטייט הינטער אונדזערע טירן און וואַרט אַז מיר זאָלן עס אַננעמען און געניסן, ווי עס פירט זיך בײַ לייטן... מיך וועלן זיי גלאַט מיט אַ צוזאָגעניש ניט פירן צום שטים־קעסטל, האָסט מיך פאַר־שטאַנען?...

— דו לייגסט דיך נאָר איבער, מײַן פרײַנט — איז טשאַוועלאַ געוואָרן אומעטיק און זיך ממש געבעטן בײַ אים. ס'איז ניט פון די גרינגע זאַכן זיך אײַנצורייסן מיטן כלל...

— ווער, וויל איך וויסן, גייט עס דען זיך אײַנרײַסן מיט זיי? אפשר ווילסטו עס — איך וויל נאָר ניט ווידער אומזיין איבער־ן מדבר און ווי סאַנטשאָ פּאַנסאַ רעדן צו מײַנע ברידער וועגן ווינטמילן אין

וועלכע איך און אויך דו, ברודערל, האבן שוין פון לאנג אויפגע־הערט צו גלויבן! ?...

ס'איז ווידער געווארן שטיל. אפאריסיא האט זיך ארומגעקוקט, איינגעשטאכן די בליקן אין דער ריזיקער לבנה וואס האט אפירגע־קוקט פון הינטער א בארג. ער האט זיך געחידושט: דער אויבער־שטער רײַט נאך אלץ אום אויף זײַן אייזעלע, קאראמבא! דא האט דער זיידע אומגעדרייט צו אים דאס מיט שיין באגאסענע פנים און די פארקלעמטע ליפן האבן זיך א באוועג געטאן.

— דו ביסט נאך אלץ דא, ייִנגל?

אפאריסיא האט ארײַנגעווארפן די שטיינדלעך אין זײַן טארבע, איז אויפגעשטאנען און זיך געלאזט גיין זײַן וועג. אין הארצן האט ער באדויערט: — א שאד, הײַנט וועט ער שוין נית קענען זויסן וועלכער פון די צוויי אלטע עס איז ארויס דער זיגער אינעם טענהן. א שאד...

ער האט דורכגעשניטן א זײַטיקן וועג מיט ווילדגראזן און מיט ריזיקע שטיינער, און האט זיך א רואיקער און אײַנגעהילטער אין אלערליי קאלירן פון שיין — ארײַנגעדרייט אין א זײַטיק שטעגל מיט הויכע, פון ווינטל צעוויגטע סאסנעס און אלטע נידעריקע ווער־בע־ביימער.

אויף א קליין אייזל איז אים אנטקעגנגעריטן עוועלינא. א מיידל פון א יאר זיבן אדער אכט. דער ברייט־רונדיקער, צעשונדענער קא־פעליוש האט זיך געהוידעט אינעם ווינט און אירע צוויי ברוינע שטײַפע צעפלעך, מיט בלויע סטענגעס, זיינען געווען אריבערגעווארפן אויפן פארנט. בײַם אייזל אויפן האלדז האט געהאנגען א טארבע און אויך א קויש. אין איין האנט האט זי געהאלטן די גריווע פון אייזל. אפאריסיא איז געבליבן שטיין און האט איר געמאכט פרײַ דעם וועג. זי האט מיט די פיס אין די הילצערנע פוסהאלטערס פארהאלטן דעם פאמעלעכן גאנג פון אייזל און האט זיך צוגעבויגן צו אפאריסיאן:

— א גוטמארגן, שווארצער, גייסט שוין נעמען דײַן טשערעדע?

ער האט געשוויגן, נאר זײַנע בליקן זיינען געווארן נאך ברייטער און פולע מיט באוואונדערונג, מיט שרעק.

זי האט זיך מיידלש אויסגעגלײַכט, א באוועג געטאן מיטן קאפ אירע העל־בלויע אויגן מיט רעמעלעך ווי פון זילבער און די הויכע זאפטיקע ליפלעך, דאס באקלײַענטע קארטאפל־נעזל — אלץ אין איר האט זיך קינדיש און מיידלש געחנדלט און געגרויסט.

ער האט אפגעאטעמט טיף און וויטיקלעך: צוליב די שרײַענ־דיקע קאלירן וואס האבן זיך ארפגעשיט פון די הימלישע פײַערן

אין סנאַפּעס — און האָבן זי אײַנגעהילט ווי אין טיכער פֿון טײַער־סטן זײַד, צוליב דעם פֿאַנטאַסטישן אויסזען אירן, האָט ער זיך דערפֿילט נאָך מער אומבאַהאָלפֿן. ער האָט ניט געוואוסט צי זאָל ער זיך ווײַטער לאָזן אין זײַן וועג, אָדער ער זאָל וואַרטן ביז זי וועט אים פֿרעגן און ער וועט אפֿשר קריגן מער מוט און איר עפּעס ענטפֿערן. דאָס ווינטל האָט געריסן די קאַפּעליושן פֿון זייערע קעפּ און איז אַרײַנגעקראָכן צום אייזל אין די אומרואיק געוואָרענע אויערן. זי האָט זיך אָנגערופֿן:

— מען האָט דיר אָפּגעשניטן די צונג, אַפּאַריסיאַ?... אָדער דיר שטייט ניט אָן מיר צו ענטפֿערן אויף מײַן גוטמאָרגן?...

איר קול האָט אים נאָך מער צעמישט, אין דער מינוט האָט זי אין זײַנע אויגן אויסגעזען ווי אַ פּרינצעסן... אַ אומדערגרייכבאַר פֿאַנטאַסטיש וועזן, פֿאַר וועלכן מען מוז האָבן דעם גרעסטן אָפּשיי. זי האָט געקנייטשט דאָס הנעוודיקע נעזל און ווידער איבערגעריסן די שטילקייט:

— וועסט אפֿשר קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם ברעקעלע פֿון דאָן סעראַפּין?

ער האָט געשוויגן און מיטן אָפּצאָס פֿון גרויסן שיך געהאַלטן אין איין דוביען די גראָזיקע ערד. זי האָט ווידער געפֿרעגט:

— דײַן זיידע, פּערמין, איז שוין אויפֿגעשטאַנען? ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— גוטע מענטשן זאָגן אַז דער פּאַטערל וועט ניט קומען... ווײַל דאָן פּערמין האָט ניט צו באַצאָלן... פּאַברעסיטאָ — האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

אַ רגע איז ווידער געווען שטיל. ס'האָט זיך דערטראָגן צו זיי דאָס רוישן פֿונעם קויטיקן ריטשקעלע און דאָס וואָיען פֿון אַ שאַקאַל. זי האָט זיך צעהוידעט אינעם זאָטל, געמאַכט אַ באַוועגונג ווי זי וואָלט זיך שוין געגרייט אוועקצורײַטן, אָבער ווײַל אַפּאַריסיאַ האָט אַלץ געהאַלטן אויף איר צוויי אויגן ווי שײַנענדיקע דימענטן און פֿולע מיט אויסדרוק, האָט זי זיך ווידער אַ בויג געטאָן צו אים און אָנגעהויבן:

— דאָס ברעקעלע וועט מען סײַ ווי מקבר זײַן. דאָס אָרעמענקע האָט זיך געגוג אָנגעליטן ביז עס איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט.

— פֿאַרוואָס?... האָט ער קוים אַרויסגעריסן פֿון זיך אַ וואָרט.

זי האָט מיידליש צעכויפֿגענומען אַרום זיך די פֿאַלעס פֿון צעשונדענעם מענערישן ראָק און האָט מיט אַ אומעטיקן קול געענטפֿערט:

— די ווײַבער וואָס קומען זיך צענויף אינעם קליטל, זיי האָבן

בפירוש דערציילט אז דאס מלאכל איז אוועקגעקומען צוליב שלעכ־טער דערנערונג...

— זיין מאמע קאן ניט קאכן?... איז אפאריסיא געווארן פאר־וואונדערט.

— גיי, דו ביסט אן אייזל! — האט זי ברוגזלעך פארלייגט א ליפל איבער א ליפל. ער האט זיך דערפילט נאך שפלדיקער ווי פריער. ער האט געוואוסט אז עוועלינא איז א קלוג מיידל, דערצו גייט זיי איינקויפן און זי ווייסט וועגן אלץ וואס די ווייבער אין קלייטל רעדן צווישן זיך. ער האט אפגעזיפצט און געטאן א קוק צום וועג.

זי האט זיך צעשמייכלט. די ווייסע שיטערע ציין, דאס נעזל, אלץ אין איר האט מיטגעשמייכלט. זי האט זיך ווידער אנגערופן:

— איך וועל זיין ביי דאן סעראפין... עדמונדא וועט אויך זיין!...

אפאריסיא האט דערפילט א מאדנע קלעמעניש ביים הערצל, גע־פילט ווי דאס בלוט איז אים געלאפן אין פנים אריין. די אומרו האט אים געבראכט צום לשון... א זאך צו וועלכער ער איז ניט גע־ווען געוווינט. איבערהויפט האט ער קיינמאל אין איר אנוועזנהייט נישט געקענט רעדן קיין סך, כאטש ער האט עס דווקא יא געוואלט...

— מען דארף זיין פארזיכטיק, עוועלינא! דא גייען אום שלענג מיט יאשטשערקעס — האט ער שטיל, אבער זייער ערנסט זי גע־ווארנט. זי האט אים איבערגעריסן:

— איך האב נישט קיין מורא!... וויפל מאל מיינסטו האבן זיך שוין, א יאשטשערקע צי א שלאנג, א לאז געטאן צו מיר? אבער איך האב אויפגעהויבן א שטיין און א ווארף געטאן גלייך אין קעפל אריין! דו האסט גאר מורא? ווי איז עס געהערט געווארן, אז א בחורל ווי דו זאל זיך שרעקן? — האט זי ניט געווארט אויף זיין ענטפער. — דיך פירט אומעטום דיין זיידעניו, ניט אזוי?...

ער איז געווארן ווי צעמישט. ס'האט זיך אים געדאכט אז דער גאנצער ארום אין איינעם מיט דער ערד האט א ציטער געטאן. ער האט געוואוסט וואוהין אירע לעצטע ווערטער האבן געצילט: עדמונ־דא, דער בינעזער!... אבער עס מאכט ניט אויס. זאל ער זיך נאר באווייזן אהער! ער, אפאריסיא, איז א בחורל און ניט אבי ווער. ער וועט זיך מיט אים אפפארטיקן. ער וועט! מיט וואס פאר א רעכט שלעפט ער זיך תמיד נאך דער עוועלינא? ער, אפאריסיא, וועט איר זאגן: זאל זי אויסקלייבן — אים, אדער יענעם און באסטא!

דערווייל האט פון די שיטערע במארעס ארויסגעריסן אויף אן אלטן אייזל עדמונדא. די טרוקענע גראזן האבן זיך געבראכן אונטער די קאפעטעס פונעם חמור און די בלויע און געלע קאלירן זענען

געהאנגען איבער אים מיט ריטער. עוועלינא האט אומגעדרייט דאס פנים און פון וויטנס געשריען:

— א גוטמארגן, עדמונדא, וואס אזוי שפעט, קאראמבא!...

— א גוטמארגן דיר, מיין ליבינקע, האט ער בחורעש געענטפערט און זיינע שמאלע, שווארצע אויגן, די ארויסגעשטעלטע קינבאקן און די קורצע מאלפעדנאז — זענען צוגעפאלן צו איר. ער האט געטאן א טרייב דאס אייזל און באלד זיך אויסגעגלייכט מיט אירן. ער האט זיך אנגערופן:

— דו האסט געהערט, עוועלינא, ווען די רעאל־פייגל האבן געוויינט?

— אוודאי האב איך געהערט.

— זאלסט זיין פארזיכטיק, טאמער ציטערט די ערד און דו וועסט גראד זיין אינעם מדבר. — האט ער מענעריש זי געלערנט.

זי האט גרויסהאלטעריש אפגעענטפערט:

— נישט איינמאל האט די ציטערניש מיך פארכאפט גאר ווייט אינעם מדבר! נו, מיינסטו אוודאי אז איך האב ניט געוואוסט וואס צו טאן?...

אפאריסיא האט דערפילט א מאדנע טריקעניש אין האלדז. זיינע בליקן זענען געווארן ווי פארנעפלט. אבער ער האט פארפרעסט די ליפן און זיך קוים באהערשט פון אויסברעכן אין א געוויין.

עדמונדא האט אראפגענומען דעם קאפעליוש פון איר קאפ און מיט די לאנגע, באנעגלטע פינגער געהאלטן אין איין אויסגלייכן דעם זוים מיט די צערעוואניעס פון רויטן פאדעם. ער האט דערביי א זאג געטאן:

— דיינע באלעבאטים מעגן דיר שוין קויפן א נייעם קאפעליוש.

זי האט קינדיש געשמייכלט און סודותדיק געענטפערט:

— סיי ווי סיי וועל איך ניט בלייבן דא ביז צו מיין חתונה... אזוי אז מיך ארט ניט וואס איך טראג דערווייל דעם קאפעליוש... ווער זעט מיך דא?...

עדמונדא האט פארצויגן די ברעמען און די שמאלע אויגן האבן אויסגעדריקט א מאדנע אומרו און א כוח, פאר וועלכן אפאריסיא האט געהאט אפשיי, אבער ער האט אים, דעם כוח ניט פארגינען. עדמונדא, האט ער געוואוסט, איז שוין א יונגל פון א יאר צען, אדער עלף. ער איז שוין אליין געפארן אין דער גרויסער שטאט. ער קען דעם מדבר... צוליב דעם אליין איז זי, עוועלינא, אזוי נאענט צו אים...

מיט אמאל האט זיך עוועלינא געווענדעט דא צו אים און דא

צו עדמונדאָן, וואָס האָט נאָך אַלץ אויסגעגלייכט דעם ראַנד פון איר קאַפּעליוש:

— די ווייבער אין קליימל האָב איך געהערט דערציילן אַז כאַסעפּינאַ איז געבליבן אַ טראַגעדיקע...

— וואו איז איר חתן, דער גרענעץ־זשאַנדאַר? — האָט עדמונדאַ זיך אַריינגעמישט. זי האָט אים געענטפערט:

— ער האָט שוין דאָ געענדיקט זיין דינסט און איז געפאָרן אַהיים.

עס איז ווידער געוואָרן שטיל. עדמונדאַ האָט פאַרצויגן די מאַלפּע־נאָז און האָט אַריינגעאָטעמט די מחיהדיקע לופט. זי האָט זיך צעהוידעט אינעם זאַטל און קינדיש אַריינגערעדט אין זיינע פאַרצויגענע ווייעס:

— די ווייבער אין קליימל, האָב איך געהערט זאָגן, אַז מיר וועלן האָבן אַן אייגענע אַרמיי פון ברעקעלעך גרענעץ־זשאַנדאַרמעלעך...

— עדמונדאַ האָט זיך צוגעבויגן צו איר פּנים און די אויגן זיינע ווי צוויי לאָמפּן, האָבן זי דורכגעברענט. אַפּאַריסיאַ האָט זיך צעהוידעט אויף די פיס, די ליפּן האָבן געציטערט, אַלץ אין אים האָט זיך געראַנגלט קעגן זיין אויפברויז און באַגער אויפצוהויבן אַ שטיין און דערלאַנגען עדמונדאָן איבערן קאָפּ:

— וואָס אַרט עס מיך?... זאָל זי, די נאַרישע ציג, פּלאַפּלען וויפל איר האַרץ גלוסט!... ער, אַפּאַריסיאַ, וועט שוין דעם דאָזיקן ביטוזער דערוויזן ווער עס איז אַן אמתער „מאַטשאָ". ווער עס איז אַן עכטער אַרגענטינער, קאַראַמבאַ!...

דערווייל האָט פון אַ זייטיקער סטעזשקע זיך אַרויסגעשאַרט אַ מיט שמאַטעס אָנגעטוענער מאַנספּאַרשוין און נאָך אים נאָך איינער. אַנטקעגן איז פון אַ בערגל אַראָפּגעקומען אַ שמאָל באַרוועס מיידל מיט אַ מאַרבע אויף דער פּלייצע. איינער פון די מאַנספּאַרשוינען האָט מיט אַן אַרויסגעשטעלטן פּוס איר פאַרשטעלט דעם וועג. זי איז לייכט און שטיל אַריינגעפאַלן אין די הויכע גראָזן. דער צווייטער האָט ביים געמאַן אַ צישע און איז מיט אַ זייטיק, צעוואַקלט גענגעלע, אַוועק זיין וועג. די דריי קינדער האָבן שטומע, אָבער זייער נייגעריקע, זיך צוגעקוקט ווי אין דער בלייכער פּאַרטאַגיקער שיין האָט זיך אינעם טיפן גראָז געוויגט אַ בערגעלע. אַפּאַריסיאָס בליקן זענען געוואָרן נאָך ברייטער, אין געדאַנק האָט ער זיך געזאָגט:

— אַה, אַה! די סיגועניאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהער... ניט איין מאָל האָט ער זיך שוין אָנגעטראָפן מיט דער סיגועניאַ. אַבי

די קינדער זאָגן אַז זי זיצט נאָר אין הימל... אָט ווי גאָט זיצט אויפֿן אייזעלע וואָס רײַט מיט אים אין דער לבנה.

די שײַן איז געוואָרן שיטערער. פֿון אַלע זײַטיקע וועגן און שטעג־טעלעך, האָבן אײַנציקווײַז זיך אַראָפּגעלאָזט קינדערלעך, יִינגלעך און מיידלעך, מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס. שטילע זענען זיי אַוועק צו די גערטנער און סעדער. עדמונדאָ האָט אַריבערגעוואָרפֿן אַ פֿוס אויף עוועליגאַס אייזל און האָט זיך געגרייט אַוועקצוזעצן הינטער איר. די קליינע האָט געמאַכט אַ באַוועגונג פֿון לײַכטן ווידערשטאַנד. אַפּאַריסיאָס האָרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּן. עס האָט אים אויס־געפּעלט דער אָטעם. ער האָט זיך דערשראָקן, געוואָלט וואָס גיכער אַנטלויפֿן, אָבער די פּיסלעך אין די צוויי גרויסע שקראַבעס, האָבן זיך ניט גערירט. ס'האָט קענגן זײַן ווילן אַרויסגעשריגן פֿון אים:

— זיידע, זיידעניו!...

דער אַלטער איז פֿלינק צוגעלאָפֿן צו אים און קינדיש גע־שמייכלט:

— ביסט נאָך אַלץ דאָ?... זע, מײַן יִינגל, ווי די קינדער זענען שוין אַוועק אין די גערטנער אַרײַן — האָט ער מיט די בליקן אָנגע־וויזן אויפֿן קליינוואַרג וואָס איז שוין געשטאַנען פֿון יענער זײַט פֿאַרצוימונגען און נײַגיריק געקוקט צום בערגעלע אינעם הויכן גראָז... ער איז צוגעגאַנגען צו ערמינדאָן און האָט אים אַרײַנגעשמייכלט אין די אַביסל צעטומלטע אויגן:

— עי, דו ביסט דאָך שוין אַ פֿאַלנער בחור!... ריר דיך אַוועק פֿון דאַנען. עס וועט ווערן שפּעט, וועסט קריגן אַ גאָב פֿון דײַן באַלעבעסל.

ערמינדאָ איז שוין ווידער געזעסן אין זײַן זאָטל און האָט גע־זשמורעט די וויעס. ער האָט זיך פּלוצים אָנגערופֿן:

— איר האָט געהערט דאָס פּערמין וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער שוואַרצער קאַרליטשקע?

— וואָס?...

— אָט אַ בהמה!... זי האָט אַוועקגעבאָרגט עמיצן איר פּאַראַ־מיטאַ און האָט פֿאַרגעסן צו בעטן אַן אַדרעס...

דער אַלטער האָט רואיק געענטפֿערט:

— נישטאָ וואָס צו זײַן אומרואיק...אַ קינד איז אומעטום אַ קינד. עס וועט אויסוואַקסן און אין אַ מײנעם טאָג וועט עס דערפֿילן אַ בענקעניש צוריק אַ היים... עס וועט קומען. אַזוי פֿירט זיך עס דאָ...

ערמינדאָ האָט געטאָן אַ לאַך און די שמאָלע אויגעלעך האָבן געלויערט אויפֿן אַלטן. ער האָט אים אײַנגערוימט:

— די קאַרליטשקע איז שוין ווידער אויף דער צײַט... דערווײַלע זוכט זי עמיצן צווישן די טוריסטן וואָס זאָל זיך מרחם זײַן אויף איר פּינפּיאַריקער !...

— עס איז נישט קיין עוולה... אַבי דאָס קינד זאָל אָנקומען צו לײַטישע מענטשן, צו אייגענע. וועט עס אויסוואַקסן... וועט עס ווערן אַ מענטש ווי עס פּירט זיך בײַ לײַטן...

עוועלינאַ האָט זיך אַרײַנגעמישט:

— די ווײַבער אין קלייטל זאָגן אַז די קליינע איז פון דאָן אַבעל, דעם אַלמאַסענעראַס זון...

— שווײַג! זי איז פון אַ גרענעץ-זשאַנדאַרם: — האָט ער־מינדאַ איר איבערגעשלאָגן.

פּערמין האָט צענויפגעפּרעסט די שמאָלע ליפּן, זײַטיק אַ קוק געטאָן צום בערגעלע און האָט פאַרטאַגיק אָפּגעהוסט... עוועלינאַ האָט, מעשה דערוואַקסענע, זיך ווידער אָנגערופן:

— די זכרים, דאָן פּערמין, האָבן אַ שלעכטן געשמאַק... די קאַר־ליטשקע איז שוין אַן אַלטע אינקובאַדאָראַ!... וואָס האָבן זיי דער־זען אין איר, קאַראַמבאַ?...

ז דער אַלטער האָט געטאָן אַ גלעט צווישן אייזלס אויערן און האָט זיך צערעדט:

— דער וואָס פּאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט, האָט ער געמוסרט, דער, קינדערלעך, בלײַבט שוין אויף אייביק אַן אָרעמאַן! און אַ אויסגעלאַכטער דערצו.

אַפּאַריסיאָ האָט זיך ווי עס איז געשטאַרקט און איז אַוועק זײַן וועג. וואו ניט וואו איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ באַשמאַטעטע קינד מיט אַ טאַרבע אויף דער פּלייצע. ער האָט זיך געטרייסט:

אויך זיי גייען ערשט איצטער אין די גערטנער צו טרייסלען די פּרוכט. זיי קריגן פאַר דער אַרבעט אָפּצועסן אַ אָנבײַסן און אויך אַ טאַרבע מיט פּרוכט אויף אַהיימצונעמען. ער האָט נאָר געוואָלט אַז דער וועג צו זײַן באַלעבאָס גוט, זאָל זיך איצט ניט ענדיקן אַזוי גיך... די טרערן זענען אים געשטאַנען אין האַלדז, אין די אויגן. ער האָט מורא געהאַט טאַמער וועט דער באַלעבאָס דער־קענען וואָס אַזוינס עס קומט פאָר אין זײַן נשמה און — ער וועט אים צוליב דעם ניט געטרויען די טשערעדע... ער האָט שווער און ווי אַ קראַנקער קוים געשלעפּט די צוויי גרויסע מענערישע שיך, זיך אָפּגעשטעלט, אומגעדרייט דאָס פּנים אויף צוריק און די אויגן האָבן ווי צוויי לאָמפּן זיך געדרייט און אַרומגענישטערט עוועלינאַן...

אויף אַ שפּיץ פון אַ בערגל איז ער געבליבן שטיין, געשלונגען די טרערן און געאָטעמט שווער.

דער פאַרטאָגיקער מדבר־ווינט האָט געשמיסן זיינע צעפליקטע בגדים און אַראָפּגעריסן דעם קאַפּעליוש. ער איז אויפגעשטאַנען ווי אַ קליינער דעמבעלע, אַן אַרומגענומענער פון אַלערליי הימלישע קאָלירן. ער האָט אויפגעהויבן די בליקן צו דער לבנה, געקנייטשט דאָס געזל און איז געדאַנק זיך ווידער געחידושט: דער איבער־שטער ווערט גאָר ניט מיד אַרומצוריטן אַזוי פיל! ווען שלאָפט ער?...

ווייסט ער, דער הערשער פון הימל, וואָס אַזוינס עס טוט זיך איצט אין זיין, אַפּאַריסיאָס האַרץ?...

* * *

ווען ער איז אַרויפגעקומען אויפן באַרג, וואו עס האָט זיך גע־פונען דעם באַלעבאָס לאַנגע ראַנטשע, מיט די פאַרהענגלעד איבער די נידעריקע פענצטער — איז ער געבליבן שטיין און דורכגעבויערט מיט זיינע בליקן די פאַרטאָגיקע בלויקייט וואָס איז ווי אומגעשוואָר־מען איבער די קרוינען פון די ביימער. ער האָט געאָטעמט שווער און טיף. אַ קאַלטער שווייס האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זיין פּנימל פון געהאַמערטן בראָנדז. ער האָט אַנגעשפּיצט די חושים און האָט אויפגעכאַפּט יעדן וויבריר פון אַ בלעטל פון אַ בוים, יעדן שאָרך פונעם פאַרטאָגיקן ווינטל, וואָס האָט אומגעשפּאַנט צווישן די גראָזן און זיי געוועקט פונעם שלאָף. דאָס ווינטל, האָט ער געפילט, האָט אויך מיטגעבראַכט פון סאַד — די ריחות פון גרינע נוס־ביימער, פון פערעשקעס, אַבריקאָסן, פלוימען און עפּל מיט בארן און אַליוון. די דאָזיקע געזונטע ריחות האָבן אים ווידער דערמאָנט אין דער וועלינאַ... אַ סך מאָל קומט זי אַהער מיט אַ זאַק און ער, אַפּאַרי־סיאָ, העלפט איר צונויפצונעמען די אַראָפּגעפאַלענע פרוכט. זי איז אַ פריילעכע, אַ לאַכנדיקע און אַ שפּילעוודיקע. ער האָט איצט ווידער־דערהערט איר שטים:

— און אַז איך וועל אַנטלויפן פון מיינע באַלעבאַטימלעך וועסטו מיך אַריינעמען אין דיין זיידנס ראַנטשעלע?...

— פאַרוואָס דען ניט! עס איז פאַראַן גענוג פּלאַץ!

— גוט, וועלן מיר ווערן מאַן און ווייב, ווילסטו, אַפּאַריסיאָ?

— פאַרוואָס דען ניט?...

אָט איז זי איצט ווידער אַריין צווישן וועגעלעך מיט גרויסע רויטע און גרינע וויינטרויבן און זיך באַהאַלטן אויף אַ ווייַלע. די צווייגן האָבן ווי געבויגענע, שמאָלע הענט אַרומגענומען דאָס נידע־ריקע פלויטל פון שטיינער און זיך אויסגעצויגן ביז איבער די דעכער

און דעכלעך פון די צימערן און בײדלעך פאר די חיות װעגן. זי האט אויסגעפלאכטן א קרוין פון טרויבן־בלעטער מיט גרינע צװײַגעלעך און האט זיך אויסגעצירט אין איר. זי איז צוריק ארויסגעקומען און לאכנדיק געזאגט:

— איצט, אפאריסיא בין איך אן אמתע אינדיאנערן... עס פעלן מיר נאר — רויטע קארעלן און אוירינגלעך, גרויסע אוירינגלעך פון א קרעטירטן אײַזן מיט אותיות...

— אז איך װעל װערן א קאובאי, װעל איך דיר קויפן װאס דו װעסט נאר װעלן...

— און איך װעל דיר מאכן א קרוין פון רויטע און גרינע פעדערן — װעסטו װערן מײַן קאציק... געפעלט עס דיר?..

— פארװאס דען נישט???

איצט זענען זײַנע בליקן געװארן װי צװײ פראזשעקטארס: ער האט געפילט ארום זיך אירע הענט, בשעת זי האט, פונקט װי דעמאלט — אים אנגעטאן די קרוין אויפן קאפ... זײַן הארץ האט געציטערט װי א נישט דערשאסענער פויגל. ער האט פארגעסן נאך װאס ער איז געקומען. אנשטאט צו רופן דעם באלעבאס, װי ער איז געװען געװוינט צו טאן, יעדן פארטאג, — האט ער זיך געלאזט פירן פון דער אילוזיע, עװעלינא מיט דער קרוין פון בלעטער — װארט איצט אויף אים. ער איז איר קאציק, ער מוז איר אנטקעגן קומען, ער מוז דעם אונטערגעװארפענעם, דעם כינעזער דערלאנגען מיט א מעסער, ער מוז!...

די פיסלעך האבן אים אנגעהויבן אװעקצופירן אלץ טיפער און װײַטער אינעם גארטן. די שטיקער שײַן װי גאלדענע און בריליאנטענע רייפלעך, װאס האבן זיך געװיגט און געמיניעט איבער די גראזן און צװישן די בלעטער פון די בוימער — די שײַן האט אים װי פארכישופט, אים געצויגן װי עס ציט א מאגנעט. ער האט מיט די הענט געזוכט אין דער בלויקייט און די בליקן, װי צװײ לאמפן, האבן זיך געריסן פארויס, פארויס. ער איז געבליבן שטײן פאר א גאנצער שורה מיט בינען־שטיבלעך. דארטן האט געשמעקט דער פרישער האניק און די שיסעלעך פון װאקס. ער האט אײַנגעזאפט אין זיך דעם מחיהדיקן ריח און די נײַגיר האט אויף א װײַלע װי אפגערוקט די בענקעניש נאך עװעלינאן און דעם צארן צום „כינעזער". אפאריסיא האט מיטן שפיץ פון דער צונג ארומגעלעקט די פארשמאכטע ברוגזע ליפן און געטראכט: דער זיידע פערמין זאגט אז די בינען האבן אן אייגענע קעניגין. זי באנוגט זיך מיט זייער װיניציק, די קעניגין... זי זיצט תמיד אויף איר טראן דארטן אויבן אן, אינעם בינען־פאלאץ און זי האלט אין איין לייגן אייעלעך... פון די אייעלעך, זאגט דער זיידעניו

ווערן באַלד ברעקעלעך בינעלעך. די קעניגין שיקט זיי אַרוים צו זוכן זייער לעבנס־מיטל... זיי זויגן אויס די זאַפטן פון פאַרשידענע בלומען און בליִעכצן און פון די דאָזיקע זאַפטן ווערט עס אויסגעאַרבעט דער האָניק. אַ גליק, אַ גרויסער גליק, וואָס די בינעלעך, זאָגט דער זיידעניו, האָבן צו צוויי מאַנגדלעך אײנעם באַנוצן זיי ווי עס נוצן מענטשן אויף צו דערנערן זיך און דעם צווייטן — אויף צו מאַכן דעם האָניק פאַר די קליינע קינדערס וועגן...

ער וואָלט נאָר וועלן אַ קוק טאָן ווי עס זעט אויס אַ קעניגין פון די בינען, איין קוקעלע און נישט מער! דער זיידעניו זאָגט — זיי האָבן פײַנט פוילנצער, לײדיקגייער... זיי לאָזן די סאַנגאַנען נים אַרײַן אין פּאַלאַץ. די באַדינער שטייען ביי די טירן און צערײַסן אויף שטיקער יעדן פון די לײדיקגייער וואָס ווילן זיך אַרײַנגנבענען אַהין. היינטן, ביים וועג, זענען דאָ אַלטע געבויגענע ווערבע־בוימער. אין די שטאַמען פון די ביימער זענען אויך פאַראַן נעסטן פון בינען. עס רינט פון דאָרטן דער האָניק. ווײַזט אויס אַז יענע קעניגנס זענען רײַכע... זונטיק, ווען ער וועט נישט אַרויסגיין מיט דער טשעררעדע — וועט ער נעמען אַ בלעך און גיין שעפּן האָניק פון יענע נעסטן!... קיינער וועט אים גאָרנישט זאָגן — די ביימער זענען קייר נעמס נישט.

עס וואָלט געווען שיין, ווען אויף יענע ביימער וואָס זענען קיינעמס נים — זאָלן אויך וואַקסן מטבעות... און רויטע אוירינגען מיט קאַרעלן פאַר עוועלינעס וועגן... די מטבעות וואָלט ער צוגעשלאָגן צו זײַן זונטיקדיקן ברייטן גאַרטל און אויך צום זיידנס... ווי שיין עס איז אַ גאַרטל מיט אמתדיקע, זילבערנע מטבעות, ווי שיין!... דער כינעזער, דער אונטערגעוואָרפענער, וואָלט מער נים געהאַט אַזא העזה, ווען ער זעט אים, אַפּאַריסיאַן, מיט אַזא טײַערן גאַרטל.·.

דער ריח פון האָניק אין די וואַקסענע רערעלעך איז אים געקראָכן אין דער נאָז און געררייצט דעם אַפּעטיט, פּונקט ווי עס האָט אים געררייצט די נײַגיר אַ קוק צו טאָן אויף דער קעניגין. ער האָט פּאַוואָלינקע אויסגעצויגן דעם האַלדז און אַרײַנגעשטעלט דאָס פּנים אינעם אויסשניט פון אַ בינען־שטיבל. מיט אַ געשריי פון אַ אָפּגעבריטן האָט ער גיך צוריקגעכאַפּט דאָס פּנים און מיט איין האַנט אָנגעהויבן אָפּצושאַרן מחנות בינען וואָס האָבן ווי נאָדלען זיך אָנגעשטאָכן אין זײַן פּנים, אין די אויגן, אויערן און אויפן האַלדז. דערצו האָבן טויזנטער און טויזנטער בינען — ווי אַ שוואַרצע כמאַרע זיך אויפגעהויבן אַרום אים, געזשומעט און אויף אים אָנגע

וואַרפן אַ שרעק: דו פּרעמדער, דו גנב, מירן דיך צערײַסן אויף שטיקער... — האָבן זיי אים געוואָרנט.

אַ צעשראָקענער, מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן אין דער האַנט — איז געקומען צעלויפן דער באַלעבאָס, אַ דריווגער שפּאַניער פון אַ יאָר זעכציק. זײַנע טונקל־גרינע לעבעדיקע אויגן זענען צוגע־פּאַלן צום ייִנגלס געשוואָלענעם פּנים מיט רויטע אויפגעלאָפענע בײַלן.

— קאַראַמבאַ, וואָוהין, אַפּאַריסיאַ, ווײַל איך ווייס, ביסטו פאַר־קראָכן? — ער האָט אויפגעהויבן אין דער לופטן דעם לאַמטערן און די בינען זענען נאָך מיט מער רעש און באַקלאָגעניש — אַוועק אין זייערע נעסטן און אַרום די נעסטן. דער שפּאַניער האָט גע־קנײַטשט די קאַרבן אויפן קלײנעם, פון דער זון און די ווינטן אָנ־געשמיסענעם פּנים און האָט זיך גוטמוטיק געבייזערט:

— מיט די בינען, ייִנגל, מוז מען זײַן פאַרזיכטיק. פריער באַ־דאַרף מען געווינען זייער צוטרוי, זייער פרײַנטשאַפט, פאַרשטייסט מיך?

אין דעם איז אײַלנדיק אָנגעקומען זײַן ווײַב, אַ יונגע קריאָזשע מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און מיט אַ רויטן טיכל אויפן קאָפּ. זי האָט געבראַכט אין אַ גלעזל אַביסל האָניק און מיט די פינגער מיט האָניק אָנגעשמירט אַפּאַריסיאָס אָנגעביסענע ערטער. ער האָט געהאַט פאַרגאָסענע אויגן, אָבער ער האָט מער ניט אַרויסגעלאָזט אַפילו דעם מינדעסטן פּיפּס. זי האָט זיך געווענדעט צום מאַן, וואָס האָט דערווײַל אַרומגעקוקט די בינשטאָקן:

— דאָס ייִנגל איז מאָדנע אומפּילבאַר...

— דאָס גייט מיך ניט אָן — האָט ער פאַרטאָגיק געשמייכלט — מיך אַרט מער וואָס ער איז אַ פּייפער... ער ווערט אַנטשלאָפן און לאָזט די טשערעדע אויף הפקר...

אַפּאַריסיאָ האָט דערפילט ווי דאָס בלוט האָט אים געטאָן אַ שלאָג צום פּנים... די באַליידיקונג האָט אים געשטאָכן אַ סך טיפער און ווייטיקלעכער ווי דער גיפט פון די בינען... ער האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און געקוקט צו די טרויבן־בלעטער וועלכע דאָס ווינטל האָט פאַרטאָגיק געשויבערט. צווישן זיי — האָט זיך אים ווי־דער אויסגעראָכט — איז געשטאַנען עוועלינאַ מיט דער קרוין אויפן קאָפּ.

די באַלעבאָסטע האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— פון מײַנעטוועגן, איגנאַסיאַ, מעגסטו זאָגן דעם אַלטן ער זאָל אים מער ניט שיקן אַהער... מירן קריגן אַביסל אַן עלטערן ייִנגל.

— לאָז צורו, שוואַרצע — האָט איר דער מאַן איבערגעשלאָגן און האָט פאַרענדיקט מיט חוזק:

— אויף צו אַרבעטן, זענען זיי אַלע קליינע בעלנים... גיב זיי דעם שליסל פון גן־עדן, וועלן זיי ניט וויסן ווי אַזוי אים אויסצונוצן.

זי האָט אַפּאַריסיאַן אַנגענומען פאַר אַ הענטל, דורכגעקרייצט דעם ברייטן גאָרטן מיט אַלערליי געוויקסן און מיט אַ ריזיקן אויוון אין סאַמע מיטן און האָט אים אַריינגעפירט אין אַ גרוימער ראַנ־טשע, מיט בינטלעך הייל־גראָזן וואָס הענגען אַראָפּ פון די בעלקעס אונטער דער נידעריקער סטריכע. אין מיטן פון דיל, אויף אַ קליי־נער טרינישקע, האָט געזאָטן וואַסער אין אַ גרויסן שוואַרצן טשיי־ניק. זי האָט געמאַכט אין אַ טעפּעלע אַ הייסע געזאָטענע מאַטע פאַרן קינדס וועגן. זי האָט אים אויך דערלאַנגט אַן ערדן שיסעלע מיט אַ ביסל האָניק און צוויי גראָבע רייפטלעך ברויט.

ער איז געשטאַנען ביים שוואַרצן טיש און האָט גלייכגילטיק געקוקט אויף זיין רחבותדיקן איבערביים. פון דער הייסער מאַטע האָט זיך ווי געהויבן אַ פּאַרע און אַ מחיהדיקער זיסלעכער ריח. ער האָט מיטן זוים פון העמד אָפּגעווישט די אויפגעלאָפענע ביילן אויפן ברענענדיקן פּנים און האָט מיט אַלע כוחות זיך איינגעהאַלטן נישט אויסצוברעכן אין אַ געוויין.

די באַלעבאָסטע האָט אַרויסגערעדט פון דער אַנגערוקטער גרוי־קייט אין קיך און האָט דערוויַיל צוגעגרייט די מאַטע פאַרן מאַנס וועגן:

— פאַרוואָס טרינקסטו ניט די מאַטע?... אפשר ווילסטו אַז איך זאָל דיר מאַכן אַ טיי פון היילונגס־גראָזן?...

ער האָט געשוויגן און מיט אַלע חושים אויפגעכאַפּט יעדן וויבריר פון אַנקומענדיקן טאָג.

אין דעם האָט זיך דערטראָגן צו אים דאָס האַרצרייסנדיקע מרו־קען פון באַלעבאָס אייזלכע וואָס איז געשטאַנען אין אַנדערן ברעג פון גאָרטן. דאָס יאָמערן איז געקומען ווי פון אַלע טיפעניש אינעם מדבר און זיך ווי אַ הייסער בליי אַריינגעגאָסן צו אים אין בלוט. ער האָט אַרויסגעלאָזט האַרטע בלעזלעך דורך די אומרואיק געוואָרענע אויגן און די בליקן האָבן זיך אַנגעצונדן... די דאָזיקע קולות זענען אים שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט... זיי האָבן תמיד איינגעבראָכן זיין נשמה און געוועקט דעם פּראָטעסט קעגן די דערוואַקסענע, וואָס האָבן ווינציק ליב שטוב־חיות...

די באַלעבאָסטע האָט אויסגעדרייט צו אים דאָס פּנים און אַרויס־געערדט פון דער רויכיקער גרויקייט:

— דאָס איגנאַסיאָ האָט נעכטן פאַרקויפט די צוויי ברעקעלעך...

די אייזעלעד, די מאמע זייערע, האט נישט אויפגעהערט צו קלאגן... מען האט זי געמוזט צובינדן צו א בוים. אבער זי האט אונדז א גאנצע נאכט נישט געלאזט צו טון קיין אויג...

ער האט ארויסגעלאזט א הארטן זיפץ און פארשטשימעט די צעציטערטע, וויַיס־געווארענע ליפן. זי האט אנגעגאסן וואסער אין דער מאטע און צווישן איין זופ און דעם צווייטן — ווידער אי־בערגעריסן די שטילקייט:

— איך האב אים געבעטן, דעם אלטן עקשן מיַינעם, ער זאל די ברעקעלעד לאזן וואקסן דא, איז געווען דער תירוץ — ער האט שוין געהאט צוגעזאגט דעם קוואטער פון אונדזער זון, אים צו שענקען די ברעקעלעד און ער האט זיין ווארט נישט געוואלט ברעכן...

אפאריסיא האט געפילט אז זיַין ברוסט וועט באלד ווערן צע־שפרונגען. אלע זיינע ווייטיקן, די אייפערזוכט און דער פארדראס אויף עוועלינא מיט ערמינדא, וואס האבן אים ערשט דערנידעריקט, דער גיפט פון די בינען דער שטארקער סם וואס איז אין אים אריַינ־געדרונגען און די מינדערשעצונג פון זיינע באלעבאטים — דאס אלץ האט זיך מיט איין מאל ווי א בלוטיקער טוך געוויקלט ארום דעם צער צוליב דער אייזלעכעס יאמערן... אויך ער אליין האט געוואלט שריַיען פון צער און פון בענקשאפט נאך די ברעקעלעד...

גאט מיַינער, האב רחמנות! — האט ער אין גערדאנק געזוכט טרייסט און די צוויי אויגן ווי קלאג־ליכט האבן זיך אריַינגעבויערט אין דער פארטאגיקער גרויקייט...

— גאטעניו, האב רחמנות!

דערוויַיל איז אויך אריַינגעקומען דאן איגנאסיא. ער האט זיַי־טיק א קוק געטאן צום יינגל און געשמייכלט. אוועקגעשטעלט דעם לאמטערן אויפן טיש און האט אריַינגעצויגן אין זיך דעם זיס־לעכן ריח פון דער פרישער מאטע, וואס דאס וויַיב האט אים צוגע־טראגן.

זי האט געטאן א קוק צום ברעג טיש מיטן יינגלס נישט־דאנגע־רירטן איבערביַיס און נאכדעם האט זי זיך אין א טאן פון פאר־ווארף, געווענדעט צום מאן וואס האט אפעטיטלעך געזופט די מאטע:

— נו, וואס האב איך דיר נעכטן געזאגט, הא?...

— זי וועט פארגעסן האט ער געענטפערט.

— עס וועלן אוועק צוויי דריַי טעג און זי וועט אויפהערן צו יאמערן און באסטא!

זי האט פארטאגיק געגענעצט און צונויפגעצויגן די שפיצן פון דער פאטשיילע אונטערן דיקלעכן האלדז.

— דער וואָרעם האָט זיך געשפּיגלט אין די ברעקעלעך!... האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווײַגן ווידער זיך אָנגערופן און האָט אָפּגעזיפצט.

— עס וועט אים גאָר נישט שאַטן, און די אייזלעכע וועט פאַר־געסן און באַסטאַ!...

דאָ האָט דער איבערגעלאָדענער צער זיך אַרויסגעריסן פון אַפּאַ־ריסיאַס אָנגעשטרענגטער ברוסט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טעפּל מיט דער געקאַכטער מאַטע און דאָס אַ מאָרדעווע געטאָן אויפן דיל... נאָכדעם איז ער ווי אַ געדירטער פון זין אַרויסגעלאָפן פון קיך. ער האָט נישט געפילט ווען די שווער־באַלאָדענע צווײַגן האָבן אים געשמיסן איבערן פּנים. ער האָט מער נישט געפילט די ווייטיקן וואָס די ביינער האָבן אים פאַרשאַפט. ער איז ווי געטראָגן געוואָרן פון זײַן אינעווייניקסטן פײַער און גרענעצלאָזן צער. ווען ער איז אָנגעקו־מען אין צווייטן עק פון גאָרטן, האָבן אים די כוחות אינגאַנצן פאַר־לאָזט. ער איז ווי אַ שטיק פײַער צוגעפאַלן צו דער אייזלעכע, מיט זײַן ברענענדיקן פּנים האָט ער געגלעט איר פּנים און דעם אויסגעצויי־גענעם האַלדז. ער האָט געוויקלט די הענט אַרום איר קאָפּ, און אַרײַנגעיאָמערט אין אירע גרויס־געוואָרענע אויגן, די פולע מיט שווי־דער און מיט האַרצרײַסנדיקער בענקשאַפט נאָך די ברעקעלעך... דער פאַרטאָגיקער ווינט האָט ווי אויף נישט געזעענע פליגל — אַוועקגעטראָגן ביידנס געוויין... פאַרזייעט דאָס יאָמערן איבער דער וויסטעניש פונעם מדבר...

— 3 —

די זון האָט גיהנומדיק געשרפט. פון די אָנגעהיצטע שטיינער און שטיינדלעך — האָט צוריק אַרויסגעשלאָגן אַ טרוקענע היץ און ווי אַ ברענענדיקע קאַנווע זיך געוועבט אינעם מדברדיקן חלל. פון צײַט צו צײַט האָט זיך אַ הויב געטאָן אַ ווינטל אינאיינעם מיט אַן אָנגעשרפטן רויטן שטויב. דער שטויב האָט זיך אָפּגעזעצט אויף די צווײַגן פון די פאַרשמאַכטע סאַסנעס און ווערבעס, אַרום דעם קויטיקן ריטשקעלע, וווּ עס האָט זיך געפּאַשעט אַפּאַריסיאַס טשערעדע.

צוויי ריזיקע גרויע באַבערדלטע צאַפּעס מיט פאַרדרייטע הערנער און מיט שווערע גלעקלעך אויף די העלדזער — האָבן מאָדנע פּאַ־ריסן אומגעשפּאַנט צווישן אַ טשערעדע ציגן. קליינע גרויע ווײַס־געפלעקטע ציגעלעך האָבן געשטופּט זייערע שמאָלע פּיסקעלעך צווישן די הינטערשטע צענומענע פיס פון זייערע מאַמעס, געמעקעט און געזוכט די פולע אייטערס. אין דער צווייטער זײַט ווי אָפּגעזונדערטע

פון די ציגן, האט ארומגעשפאנט א ריזיקע מחנה שאף, זיי האבן זיך געטוליעט צווישן זיך און ווי פארלוירענע זיך ארומגעבלאנקעט אונטער דעם הימלישן פייער.

אפאריסיא איז געזעסן אויפן בערגל. ער האט געהאלטן דאס פארוויינטע צעפלאמטע פנים אנגעשפארט אויף די הענט און די געשוואלענע וויעס ווי נאכט־בלימלעך זיך ביסלעכווייז צונויפגעצויגן. דער טעמפער קלאנג פון די גלעקלעך האט זיך לאנגזאם דערוויימערט און דאס מעקען און בעקען פון די שאף און די לעמלעך — איז אים מער נישט אנגעגאנגען.

ווי דורך א נעפל האט ער געזען די מאמע־אייזל מיט אירע צוויי ברעקלעך. דאס זיעלע האט געהאט א ווייסן פלעק צווישן די אויפגעשטעלטע אויערלעך. דאס זכרל איז געווען ווי פון ברוינעם סאמעט און דערצו האט עס געהאט גרויע אויגן, אט אזעלכע מאדנע צוויי קוקערלעך וואס האבן אים, אפאריסיאן, איינגאנצן אפגעקויפט. נעכטן אין דער צייט האט ער זיי געהאט דא, לעבן דער טשערעדע. עס איז געווען שיין, ווו זענען זיי היינט, די ארעמענקע? זיי מוזן אוודאי בענקען נאך זייער מאמען. אך, סארא הארצלאזע ברואים עס זענען די דערוואקסענע לייט! גאט וועט זיי דערפאר באשטראפן, שטארק באשטראפן!... ער, אפאריסיא, וועט אויך גיין אין קלויסטערל און בעטן ביי זיין ראסאריא, בעטן ער זאל אכטונג געבן עס זאל די ברעקלעך נישט געשען קיין שלעכטס.

און עוועלינא? אויך זי האט אים פאראטן! דאס דאנקט זי אים אפ פאר זיין געטריישאפט פארן אנקלייבן פאר אירעטוועגן גאנצע זעק מיט פרוכטן און זיי ארויפלייגן אויף איר אייזעלע. זאל זי גיין מיטן אונטערגעווארפענעם, מיטן כינעזער, ער, אפאריסיא איז אן ארגענטינער אן אמתער ארגענטינער און באסטא!... — האט עס אין אים געוויימיקט און געקלאגט.

די טרערן האבן ווידער אנגעהויבן ריזלען, שמארצן און ברענען די אנגעשוואלענע וויעס. ער האט אריינגערוקט דעם קאפ צווישן די אויפגעהויבענע קניען און אזוי ארום — אויסבאהאלטן זיין בושה, זיין געפאלנקייט. מער וואלט אים נישט געפעלט, נאר דער זיידעניו זאל פלוצים קומען צוגיין און אים דא זען א וויינענדיקן — האט ער געזוכט צו שטארקן זיין געבראכענעם מוט.

ער האט געהערט דאס לויפן פון דער טשערערע און דעם געקלאנג פון די גלעקער. ער האט אויפגעהויבן דאס בייטשל וואס איז געליגן ביי זיינע פיס און נישט אומדרייענדיק דאס פנים א פאכע געטאן אין דער לופטן און וויינענדיק געמורמלט: — א. הא! א׳ הא!...

ס׳איז געווארן שטילער. דאס קויטיקע וואסער האט געריזלט

צווישן די שטיינער. די צווייַגן פון די ביימער האָבן ווי פייגל גע־פלאַטערט אינעםווינטל. אים האָט געפלאַטערט דאָס האַרץ. עס איז אים באַפאַלן אַ מידקייט און אַ גלייַכגילט צו אַלץ וואָס אַרום אים. דערצו האָבן די ברענענדיקע וויַעס ווי צוויי בלומען בעכערס זיך צונויפגעצויגן און זיך שוין מער נישט געוואָלט אויפמאַכן. לעבן אים איז אין דער אַפענער טאָרבע געלעגן אַ רייפטל ברויט מיט האָניק וואָס די באַלעבאָסטע האָט אים פריער געבראַכט. ער האָט נישט גע־האַט קיין אַפעטיט. דער דאָרשט האָט אים יאָ געמאַטערט און ער האָט נישט געהאַט קיין כוח און נישט קיין ווילן זיך אויפצוהויבן און אָנצוטמעלקן פון אַ ציג אַביסל מילך אינעם בלעכל אַריין. דער שלאָף האָט ווי אַ מאַמע אים אָנגעהויבן אַרומצונעמען און פאַרווינגן. דער געקלימפּער פון די גלעקער איז געוואָרן אַלץ טעמפּער, שוואַכער און דאָס מעקען האָט ביסלעכוויַיז אינגאַנצן אויפגעהערט.

מיט אַ אַמאָל האָט ער זיך דערפילט פריַי און אַזוי ווי אַן אויסגע־לייזטער פון אַלע זיַינע מאַטערנישן. ער האָט זיך ברייטלעך אויסגע־צויגן אויפן גראָז, פאַרלייגט די הענטלעך איבערן קאָפּ. ער האָט געאָטעמט שווער און אַלע מאָל טיף אָפּגעזיפצט. דער הייסער ווינט האָט געריסן די ראַנדן פון זיין קאַפּעליוש און די צוגרויסע מלבושים — פון זיַין לייַב. ער האָט ווי געהערט דעם זיידנס וואָרענונג:

— אַ מידבר־קינד מוז האָבן שאַרפע חושים... ער טאָר נישט אַנטשלאָפן ווערן אינעם מדבר! אין די בייַטאָגן קומען אַרויס שלענג און עקדישן פון זייערע נעסטן!...

— אַוודאי איז ער, אַפּאַריסיאַ, וואַד!... וואָס דען? ער איז אַ פּייפער — קאַראַמבאַ, אַ קאַבאַרדע... דער ביגעזער דער ערמינ־דאַ, איז אַ קאַבאַרדע. ער אַפּאַריסיאַ, וועט צונויפטרייַבן די טשערע־דע אַרום דער ריטשקע. ער אַליין וועט אויך אַריין אין וואַסער און זיך אויסבאָדן...

ער האָט מיט געוואַלד געפּרוווט אויפרייַסן די וויַעס, אָבער זיי זענען, אָנגעשרפּטע, זיך ווידער צונויפגעפאַלן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ער איז אַריינגעפאַלן אין טיפן שלאָף, אַ שלאָף פון אַ פאַרצווייפלטן וואָס האָט זיך לאַנג ביטער געפּייַניקט.

אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז ווידער געזעסן הינטערן זיידנס ראַנטשעלע און געטרונקען מאַטע. דער זיידע האָט אַרויפגעלייגט אויף אים צוויי ריזיקע פליגלען פון בלויער כמאַרע און האָט געזאָגט:

„די דאָזיקע פליגלען מייַן ווערעמל האָבן מיך אומעטום געטראָגן און מיך געוויזן דעם מדבר און זיַינע סודות. צוליב די פליגלען האָב איך אַרויסבאַקומען פון הימלישן הערשער דעם שליסל פון גן־עדן... איצט וועסטו אומפליען און דער שליסל וועט געהערן צו דיר...

דערווייל איז פון אונטער דער סטריכע אַרויסגעפלויגן דער שוואַרצער פויגל־גנב. זײַנע קײַלכיקע אויגן האָבן אַ לויער געטאָן צו אַ שכנישער נעסט. נאָכן אונטערוואַרטן אַ רגע, האָט זיך דער גנב צעטאַנצט, צעזונגען און ער איז אַרײַן אין דער פרעמדער דירה. ער האָט אינעם לאַנגן שפּיציקן שנאָבל אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן דאָס פרעמדע האָב און גוטס: פעדערן, שפּענדלעך, שטרויעלעך און שטיקלעך וואַטע און וואָל. ער האָט די אַלע טייערע זאַכן באַהאַלטן אין זײַן אייגענער נעסט און נאָכרעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן דעכל, באַהאַלטן דאָס קעפּל אונטערן רעכטן פליגל און זיך געמאַכט תמעוואַטע. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון ערגעץ איז מיט אַ בינטעלע פעדערלעך אין שנאָבל אָנגעפלויגן דער באַלעבאָס פון דער אויסגערויבטער היים. דערזען זײַן גרויסן אומגליק, איז ער מיט אַ געוואַלד צוריק אַרויסגעפלויגן, געפאָכעט מיט די פליגלען, געשריען און גערופן מען זאָל אים העלפן... אָבער, קיינער האָט אים נישט געהערט און נישט גענומען ערנסט... האָט ער זיך אַ הויב געטאָן אויף די צעווייעטע פליגל און מיט אַ געוויין זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַ נײַע היים...

דער פויגל־גנב האָט זיך דאָן ווידער צעטענצלט. ר'האָט איינציקווײַז צוריקגעטראָגן דאָס אָנגערויבטע האָב און גוטס און שוין פאַרבליבן דער אייגנטלעכער באַלעבאָס פון יענעמס היים...

דער זיידע, וואָס האָט אַ צעשמייכלטער געקוקט זיין ליולקע און זיך צוגעקוקט צו די אַרבעטן פונעם פויגל־גנב, האָט זיך דערבײַ אָנגערופן: כל זמן אייניקל, דער ביטערער און געמיינער וועט באַנײַן פאַרברעכנס, און נישט ווערן באַשטראָפט — וועלן די אומגליקן זיך מערן און מערן!...

א, אהה! אָבער פאַרוואָס איז דער ווינט אַזוי שנייאיק און ווילד? ס'איז דאָך ערשט געווען זומער? אָך, סאַראַ גרויע וואָלקנס ס'האָבן זיך אָרדפּגעלאָזט איבער די בערג! וווהין לויפן זיי, די וואָלקנס?... אַ, א! דאָס זענען זיי געקומען וואָרענען אַז עפּעס וועט דאָ באַלד געשען!...

דער זיידע האָט זיך טאַקע אויפגעהויבן, אים גענומען פאַר אַן אויער און שפּילנדיק אים געפירט אינעם ראַנטשעלע. ביידע האָבן זיך אויסגעצויגן אויפן שטרוי און דורך די צעפּאָכעטע ווענטלעך, אַרייסגעקוקט צום מדבר: אָך, ווי גוט עס איז צו זײַן לעבן זיידעניו! איצט מעג דער ווינט איבערקערן די בערג — הויבט עס אים נישט אָן אפילו צו אָרן! זאָל דאָס ראַנטשעלע ציטערן, זאָלן די הינט בילן, וואָיען, זאָל דער מדבר קרעכצן — ער איז לעבן זיידן, ווי גוט עס איז אים!...

אַט האָט דער ווינט אַרומגעשונדן די ווענט פֿון ראַנטשעלע. פֿון דער געדיכטער גרויער מאַסע האָט אָנגעהויבן רעגענען מיט שטויב, מיט דינעם זאַמד. דאָס זאַמד איז שוין געפֿאַלן אויף אים מיטן זיידן, עס האָט אויך צוגעדעקט דעם אָרום. דער זיידע האָט אים צוגעצויגן צו זיך און געשוויגן.

פֿון מאַגערן שטיק פּאַשע־פֿעלד איז מיט אַ ווילדן קוויטשערײַ און הירזשעניש, געלאָפֿן אַ היים אַבעל, דעם טערקס איינציק פֿערד. און נאָך פֿערד זענען אים נאָכגעלאָפֿן. דער ברומענדיקער ווינט איז געוואָרן פֿול מיט קולות. אַבעלס אַלטע שוואַרצע חזיר׳טע — איז גאָר משוגע געוואָרן: זי איז אומגעלאָפֿן מיט אַ כרוקערײַ, זי האָט מיטן פּיסק צונויפֿגעטריבן אין קעמערל אַרײַן אירע קליינע חזירימלעד, פֿאַרהאַקט דאָס טירל און נאָכדעם אויך אָנגעהויבן צו ראַמעווען פֿרעמדע חזירימלעד, געראַטעוועט די צעשראָקענע גענדז, אינדיקעס, קאַטשקעס און אַנדערע עופֿות.

דער זיידע האָט זיך אָנגערופֿן:

— דו זעסט מײַן יינגל, איצט האָט דער אויבערשטער אויסגעחוזקט דעם מין מענטש. די גוטהאַרציקע חזירטע מוז אוודאי זײַן אַ גילגול פֿון אַ גרויסער נשמה...

מיט אַמאָל האָט אַ בלויער פֿײַער־וואָלקן זיך צעשפּליטערט צווישן די כמאַרעס; ס׳איז געוואָרן ליכטיק... דער זאַמדיקער רעגן האָט געפֿלאָסן און צוגעדעקט דעם מדבר און די איינציקע צעוואָרפֿענע ראַנטשעס. ס׳האָט אָנגעהויבן דונערן. שווערע משאָס האָבן זיך געקאַלערט אין אָפּגרונט אַרײַן. דאָס קלאָפּערײַ האָט אים פֿאַרטויבט און צעמישט. דער זיידע האָט רואיק געפּיפּקעט זײַן ליולקע. ער האָט זיך ווידער אָנגערופֿן:

— די דאָזיקע רציחה, מײַן קינד, רײַסט זיך אַרויס פֿונעם שוואַרצן באַרג. איז זײַן טיפֿעניש האַלטן זיך אויף די ניט גוטע, זיי לעבן נאָר כדי צו טאָן שלעכטס און צו ברענגען אומגליקן אויף די מענטשן. אָבער פֿון צײַט צו צײַט הויבן זיי אָן זיך צו קריגן און ממיתן איינער דעם אַנדערן. דאָס גאַנצע שלעכטס און דעם צאָרן קענען די אָרנטלעכע ווערט דערמאָלט פֿון זיי אַליין, אויפֿגעריסן און אַרויסגעשאָסן צום מדבר... אָבער דאָס אַלץ, מײַן אייניקל, איז אוודאי אַ צייכן פֿונעם אויבערשטן... ווײַל אין דער דאָזיקער שדימדיקער מלחמה, קומען אויך אום אַ גרויסע צאָל פֿון די נימדגוטע, פֿון די וואָס טוען אָן אַלערליי צרות און אומגליקן... אַזוי אַרום ווערן דערווײַל די אָרנטלעכע לײַט אויסגעהיט פֿון דער שדימדיקער סכנה...

דערווײַל האָט די ערד געטאָן אַ ציטער, אַ וויג זיך אַהער און אַהין. ער האָט אין שלאָף אויסגעשטרעקט אַ הענטל און געזוכט

זיך אנצוכאפן אנעם זיידן. אבער דא איז צוגעקומען א ציגעלע און האט אנגעהויבן צו לעקן דעם שוויים פון זיין הענטל. ער האט ווי עס איז אויפגעריסן איין אויגן־דעקל, זיך ארומגעקוקט, צוריקגע־כאפט דאס הענטל און ווידער אמאל און נאך שטארקער ווי פריער — ארייַנגעפאלן אינעם שווערן, קרענקלעכן שלאף.

אין די אויערן האבן ווי גלעקלעך געקלונגען די קולות פון די שכנישע ווייַבער און קינדער:

— עס ציטערט די ערד!

— עס ציטערט די ערד!

דער זיידע איז אויפגעשפרונגען און האט אים, אפאריסיאן מיט־געצויגן מיט זיך. זיי זענען אראפגעלאפן פון בארג אונטן איז אלץ געווען צוגעדעקט מיט שטויב. אך, ער וועט באלד ווערן פאר־שרפהט... ער מוז זיך אנטרינען, שטילן דעם דארשט, אז ניט וועט ער דא אוועקפאלן...

דער זיידע האט פונקט ווי די ווייַבער און קינדער — זיך אויס־געצויגן אויף דער פלאכער ערד און ער, אפאריסיא, איז געלאפן זוכן וואסער... אבער דא איז ער געבליבן שטיין און רחמנותדיק געקוקט אויפן אלטן גואנאקא, וואס איז געשטאנען א צוגעבונדענער צום ריזיקן, צעפרעסענעם שטאם פון אן ארומגעשונדענעם בוים. און ארום אים — גרויסע הויפנס מיט שטויב, אויגן פולע מיט כמארע און מיט אומרו.

— ווי אומפילבאר עס זענען די דערוואקסענע לייַט! — האט ער אין שלאף זיך באקלאגט. זומער און ווינטער האלט מען דא צו־געבונדענע די שטומע באשעפענישן... ער האט אויסגעשטרעקט א האנט און האט דעם פערד געוואלט טאן א גלעט און אזוי ארום טרייסטן אין זיין איינזאמקייט. דא האט אויך די גואנאקא אים אנטוישט. זי האט זיך א שטעל געטאן אויף די פאדערשטע פיסלעך און דורך איר לאנגע, פאדערשטע ציין, אים געטאן א שפיַי גלייַך אין פנים אריַין. דערצו האט זי מיטן הינטערשטן פיסל, אים גע־וואלט טאן א קלאפ אינעם בויך. ער איז א צעטומלטער אפגעשפרונ־גען אן א זייט און זיך געלאזט לויפן אליין ניט וויסנדיק וואוהין.

דער זיידע האט פון ווייַטנס געשריען צו אים:

— האסט ניט געטארט אייניקל, מיט ליידיקע הענט, צוגיין צו דער חיה. זי איז פונקט ווי מיר, די צווייפיסיקע, וואס ווילן אז די פרייַנטשאפט צו אונדז זאל זיך תמיד אויסדריקן אין עפעס ממשות־דיקס. האסט מיך פארשטאנען, אייניקל?...

ער איז א פארשעמטער אוועק צוריק אויפן בארג, און דער זיידע

אין אים נאכגעגאנגען. אפאריסיא האט אין שלאף זיך זייער גע־חידושט און זיך טאקע געפרעגט:

— וואס טוט זיך דא?... ס'איז שוין ווידער געווארן ווינטער. ווי, פון אלע ווינקלען האלט עס אין איין פליען א פייכטער, גראלע־כער שניי. הימל און ערד און פליענדיקע ווייסקייט וואס בלענדט זיינע אויגן און שמארצט די אנגעדראלענע וויעס...

דעם זיידן ארט עס גארניט... כאטש זיינע לאנגע אויערן זענען אנגעשמיסן פונעם ווינט און פונעם שניי. דער זיידע שטייט זיך אויפן בערגל און קוקט אינעם ווייסן, פליענדיקן פוד... א, דער זיידעניו איז טאקע געראכט: ווי עס זעט אויס האבן די שדים אינעם שווארצן בארג צעריסן זייערע טייערע קישנס מיט די איבערבעטן. דערצו ווילן זיי נאך — די ניט־גוטע — אז דער מדבר זאל פארשיט ווערן און — באסטא!

דערווייל האט ער דערהערט שרייען דעם טערא־פויגל און ער איז גיך אוועק הינטער דער ראנטשע. דער זכר איז אים אנטקעגנגעשפרונ־גען: טערא, טערא, מערא טערא!...

— נו, א! דאס זאגט ער אז גאר א וויכטיקע געשעעניש!...

אפאריסיא האט געטאן א קוק צו דער נעסט וואס צווישן די שטיינער און האט זיך זייער פארחידושט. די טערעכע האט שוין געהאט אויסגעפיקט איין שאל פון אן איי און א גרוי טערעלע מיט הויכע פיסלעך האט אומגעשפאנט און מיט די פיסלעך אויסגעטאפט די פייכטקייט ארום שטיין און מיטן שנעבעלע, ארויסגעצויגן ברעקלעך ווערעמלעך... באלד איז שוין ארויס נאך א טערעלע און נאך איינס. ביז עס איז געווארן זעקס... אלע האבן זיך אויסגעגלייכט אויף די רינינקע פיסלעך און זיך אויסגעזוכט זייער ערשטן מאלציים. אבער דאס עלצטע טערעלע, איז געווען א נאשערל... ס'האט זיך צוגעכאפט צום געשמאקן מאלציים, דאס בייכל איז געווארן גרויס, עס האט אראפגעהאנגען הינטערן עקעלע.

דערווייל איז די טערעכע אויפגעשטאנען פון איר איינגעזעסנ־קייט, אראפגעווארפן פון זיך דעם שטויב און דעם עול. זי איז ווי א שטאלצע פרינצעסן אוועק שפאצירן אויף דער פרייער לופט און דער זכר, דער געמרייער מאן און טאטע, איז געבליבן אפצוהיטן די ברעקעלעך. ער האט זיך געהאלטן אין איין גרויסן און נוידערן און אנזאגן יעדן איינעם וועגן דער גרויסקייט פון זיין משפחה...

אין דער רגע האט דער בכור געטאן א פאל אויפן שניי, די פיסעלעך האבן אים געציטערט און די אייגעלעך — האבן זיך אים איבערגעקערט. אך, סארא רחמנות! ער, אפאריסיא, האט ליב די

שטומע באַשעפענישן. ער וועט ניט לאָזן שטאַרבן דאָס דאָזיקע גרויענקע טערעלע. ער וועט ניט לאָזן!

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן דאָס אויפצוהויבן, אָבער דאָ איז דער שטאָלצער טאַטע צוגעשפּרונגען צו אים, געפּאַטשט מיט די פליגלען און געשריען:

— טעראַ, טעראַ, טעראַ!...

אויף זײַנע געוואַלדן איז אַנגעפלויגן די שוואַכע קימפּעטאָרן. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופטן און מיטן שפּיציקן שנאָבל — געזוכט זײַנע, אַפּאַריסיאַס, אויגן...

די לופט איז געוואָרן פול מיט דראָונג און קרבנות־גרייטקייט. עס זענען זיי געקומען צו הילף שכנים און גוטע פרײַנט... פאַרשידענע צוויי פוסיקע באַשעפענישן.

ער האָט אַ דערשראָקענער אַראָפּגערוקט גאָר נידעריק דעם טײַערן קאַפּעליוש און דאָס ברעקעלע צוגעטוליעט צו זיך. אַזוי, איז ער קוים לעבעדיק אַנטלאָפן פון דער גרויסער סכנה. די טאַטע־מאַמע און די שכנים און פרײַנט זענען אים נאָכגעשפּרונגען, נאָכגעפלויגן און געשאָלטן און געמאָנט דאָס צוגערויבטע ברעקעלע...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם רעדנע פאַרהאַנג איבערן אויפשניט אינעם ווענטל פון ראַנטשעלע און האָט אָנגעהויבן צו ראַטעווען דאָס קראַנקע באַשעפענישל. פריער, האָט ער אים געמאַכט מאַסאַזש איבערן געשוואָלענעם בײַכל און נאָכדעם — אים געגעבן אַ אַפּפיר־מיטל — שטלעכע טראָפּנס בוימל. דאָס טערעלע האָט אויף אַ רגע אויפגעמאַכט די פאַרגלייזטע אייגלעך און זיך קינדיש צעפּיעטשעט:

— טע־רע־רע־רע־רע!

ער האָט עס אַרײַנגעלייגט אין זײַן פּאַנטשעלע און האָט עס נאָך צוגעהעצקעט אויך — ערשט דעמאָלט, איז, צו זײַן גרויסן צער געשען דאָס אומגליק: דאָס ברעקעלע האָט פאַרגלאָצט די אייגעלעך, פאַרוואָרפן אין אַ זײַט ראָס קעפּעלע און אויף אייביק אויסגעצויגן די דינינקע פיסעלעך...

דער זיידע איז אַרייַנגעקומען און האָט אים גענומען פאַר אַ הענטל און האָט אים סײַ געטרייסט, סײַ גוטמוטיק געמוסרט:

— די מענטשלעכע הילף, אייניקל, מוז אויך קומען מיט אַ סך שכל... דאָס טערעלע, מוזטו וויסן, איז אַ ווינטער־פײגעלע און די שטוביקע װאַרעמקייט האָט עס דערשטיקט... אָבער פאַרצווייפלען, דאַרפסטו ניט — אָפּטמאָל איז דער טויט אַ אויסלייזונג און ניט קיין אומגליק...

עפּעס איז ווידער געשען אין דער מדבריקער שטילקייט. — האָט ער זיך געוווּנדערט. — אַבעלם הונט, מיטן לאַנגען פּיסק ווי

פון א שלאַנג. דער דאָזיקער הונט האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן בי־לערײַ. אפשר האָט אים אַ שלאַנג אַ ביס געטאָן? אפשר האָט עמי־צער צוגעכאַפּט אַבעלס געראָטענע חזירטע און דער געטרײַער הונט וויל דאָס צו וויסן געבן דעם באַלעבאָס?

דער זיידע נעמט אים אַן פאַרן הענטל און צוזאַמען גייען זיי אַראָפּ פונעם באַרג. אונטן איז אַלץ ווי געווען. נאָר דער הונט האַלט אין איין אַרומשפּרינגען אַרום אַ ברייט־צעוואַקסן קורץ ביימל מיט גאָלדיקע צווייגלעך.. שפּרינגט אַרום און אַרום און מיט די נעגל האַלט ער אין איין רײַסן די ערד ביי די ברעגן פון בערגעלע און ער שטופּט די מאָרדע צווישן די קוסטעס. בלויז האַלט אין איין רינען פון זײַן מאָרדע,נאָר דער הונט וויל בשום אופן ניט אויפגעבן זײַנע אַנפאַלן און מיט אַלץ שטייגנדיקער ווילדקייט גרײַפּט ער אָן...

דער זיידע, וואָס האָט אַ צעשמייכלטער זיך צוגעקוקט און רואיק געפּופּקעט זײַן ליולקע, האָט אַ רגע שפּעטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און האָט אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די צעווייגטע קוסטעס, אַ קליין ווײַס קראַליקל. פון שרעק האָבן זײַנע אויפגעשטעלטע אויער־לעך און די אייגעלעך ווי פּײַנע, געלע קנעפּ — אַזש געציטערט.

דער הונט האָט מיט דער לאַנגער צונג אָפּגעלעקט די סלינע פון אַרום דער מאָרדע זײַנער, און אַ פאַרכלינעטער אַרויפגעקוקט צום קראַליקל אין זיידנס געטרײַע הענט. דער זיידע האָט געפּיפּקעט זײַן ליולקע און זיך געווענדעט צום אייניקל:

— דאָ איז אַלץ געהאָנגען אויף דער וואָגשאָל: אָבער — דאָס לעבן האָט, אַ דאַנק דעם אויבערשטן, גובר געווען דעם טויט. אַזוי, מײַן יינגל, וועט זיך עס תמיד פירן און ניט אַנדערש...

דער הונט איז מיטן טרוקענעם עק צווישן די פיס — אַ צעוואָר־משעטער אַוועק זײַן וועג. דער זיידע האָט צוגעגעבן:

— דאָ ניט ווײַט מוז אַוודאי זײַן אַ נעסט פון שלענג. דאָס ברעקעלע האָט אַוודאי פאַרבלאַנדזשעט אַהער, אָבער דאָס לעבן איז מיטגעגאַנגען מיט אים...

באַלד איז טאַקע פון אונטער אַ קופּע ערד צווישן די קוסטעס אַרויסגעקראָכן אַ שלאַנג. די פעל איז געווען אַ גרינע מיט גרויע פלעקן. אירע אויגן האָבן זיך געשפּיזלט קעגן זיידן. ער האָט אויפגעהויבן אַ שטיין און איר דערלאַנגט איבערן שמאָלן, אויף פאַרויס אויסגעצויגענעם קעפּל. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאַנ־וואולסיעס, נאָך אַ רגע געציטערט און נאָכדעם זיך אויסגעצויגן און זיך איבערגעדרייט מיטן בויך אַרויף.

דער זיידע האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— דער שלאַנג, מײַן קינד, מוז מען דערלאַנגען איבערן קאָפּ,

נאָך איידער זי האָט אים געגנוג הויך אויפגעהויבן, צוליב איין רגעלע פון נאַכלעסיקייט קאָן מען אַמאָל פאַרשפּילן דעם פּאַרמעסט...

אפּאַריסיאַ האָט אַנגענומען דעם עק פון דער מוטער שלאַנג און האָט זי אַרויפגעשלעפּט אויפן בערגל. דער זיידע האָט זי אָפּגעשונדן און אויפגעהאַנגען די פעל אויף אַ משוואַק אונטער דער סטריכע. דאָס קראַליקל האָט זיך פריידיק געלאַשטשעט אין אַפּאַריסיאַס שויס, אָבער די אויערלעך און די אויפגעשטעלטע האָר פון דער פעל — האָבן אַלץ געציטערט און געפלאַטערט...

אַך, ווי שטאַרק ער וואָלט וועלן דערציילן דער עוועלינאַן, וועגן די אַלע שיינקייטן אינעם מדבר. אָבער זי שטייט דאָרטן מיטן בינעזער. ער שפּילט זיך נאָך אַלץ מיטן ראַנד פון איר קאַפּעליוש... נו, גוט, ער, אַפּאַריסיאַ, האָט דאָך אויך זיך דעם זיידעס פליגלען.. ער וועט זיך אַ הויב טאָן אין דער לופטן און אַראָפּקוקן אַהין...

אַך, עוועלינאַ, ווי מחיהדיק גוט און לייכט עס איז אומצושוועמען איבער די וואָלקנס... סאַראַ וווּנדערלעכע רויטע קאַרעלן מיט אויירינגען עס וואַקסן דאָ! איך וויל נאָר אַ טרונק, אַ קאַלטן טרונק און ניט מער. אויב איך וועל ניט האָבן קיין וואַסער וועל איך אויסגיין און אַריינפאַלן אינעם אָפּגרונט... זי האָט אים נאָר אָנגעכאַפּט פאַר אַ פּוס און האָט אים אַנגעהויבן אַראָפּצושלעפּן אויף צוריק. דערביי האָט זי געלאַכט, שטאַרק און קלינגענדיק געלאַכט...

— לאָז אָפּ! לאָז מיך צורו!...

— מאַך דיך ניט פאַר אַזאַ גרויסן! איך וויל דיר נאָר ווייזן וווּ עס איז פאַראַנען ריינע פרישע וואַסער — און דו ביסט גאָר אומצופרידן...

— מיר באַדאַרף מען דאָ גאַרניט ווייזן. איך אַליין ווייס דעם וועג צו אַלע קוואַלן!

— וואָמאָס, וואָמאָס, קאַראַמבאַ!... האָסט דאָך מיך ערשט גערופן און איך בין געקומען דיר העלפן!

— ווער האָט דיך דען גערופן, דו נאַרישע ציג! — האָט ער זיך געבונטעוועט און געפּרוווט זיך ווידער אויפהייבן אין דער לופטן, אָבער זי האָט אים ניט אָפּגעלאָזט דעם פּוס... ער האָט געבורטשעט:

— אַלע ווייבער זענען ליגנערטעס און באַסטאַ!...

— וואָמאָס! איך ווייס וואָס אַזעלכעס דו האָסט געטראַכט וועגן מיר, איך ווייס!...

— ווער האָט געטראַכט?...

— ווער?... דאָס אייזל און דער שטרויספויגל. זי האָט ווידער געלאַכט — הויך און קלינגעוודיק געלאַכט.

אַט איז ער שוין געשטאַנען בײַם בערגל און האָט ניט געוואַגט צו קוקן איר אין די אויגן. זי האָט אים אָנגענומען דאָס מינדעסטע פֿינגערל און זיך געלאָזט גיין. ער איז איר ווייגנדיק נאָכגעגאַנגען נאָר די צוויי שווערע שיך — האָבן געהאַלטן אין איין רײַבן די הויט פֿון די באָרוועסע פֿיסלעך. ער האָט געוואָלט בלײַבן שטיין, נאָר זי האָט אים ניט געלאָזט. אירע טריט זענען געווען אײַנגעהאַלטענע, נאָר זיכערע, ביידע זענען זיי געווען דערשראָקן... אויבן, אויפֿן באַרג דאָרטן איז נאָך געשטאַנען די פֿאַרלאָזטע ראַנטשע.

אַ געוואַי פֿון אַ שאַקאַל איז זיי אַנטקעגנגעקומען און דאָס רוישן פֿון טרוקענע בלעטער אינעם ווינטל. אַך, ווי שטאַרק עס ברענט דאָ די היץ! — האָט ער זיך באַקלאָגט, — זי האָט אים געטרייסט:

— מירן אַרײַנגיין אינעווייניק אין ראַנטשע, דאָרטן איז קיל און עס איז פֿאַראַן אַ וואַסער־קראַן... אַה! האָסט מורא?...

— ווער האָט מורא, דו בהמה?...

זי האָט זיך ווידער צעלאַכט. אין איר שטים האָבן געציטערט טרערן און שרעק. ער איז איר נאָכגעגאַנגען און מיט איר אינײַנעם זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ הויכער שוועל פֿון דער פֿאַדערשטער ראַנטשע. דאָרטן איז געווען מחיהדיק קיל אָבער אומהיימלעך. זי האָט אים מיט פּחד אײַנגערוימט: איצט זענען מיר פֿאַרלוירענע... דאָ מוזן זיך געפֿינען די שדים וואָס וואוינען אינעם שוואַרצן באַרג... זיי קענען דאָ אוודאי וואוינען אינעם גרויסן אויוון פֿון דער פֿאַרלאָזטער קיך...

— וואָס, אין יענעם אויוון איז וועלכן דער טשילענער האָט פֿאַרברענט די מלבושים פֿון זײַן אייגענעם ברודער?...

— האָב נישט מורא, מירן נאָר פֿון ווײַטנס אַ קוק טאָן... איין קוקעלע און נישט מער!...

— דער טשילענער, זאָגט דער זיידעניו, האָט שוין אוועקגעלייגט אַכצן מענטשן. זײַן אייגענער ברודער איז שוין געווען פֿון די לעצטע קרבנות...

— וואָס גייט עס אונדז אָן, דו, נאַרעלע... אַצינד זיצט ער שוין הינטער אײַזערנע קראַטעס, דער מאָנסטער...

— אָבער גוטע מענטשן האָבן דאָך רחמנות, מען טראָגט אים צו ווער אַ געבראָטן הינדל, ווער אַ פּעקל ציגאַרן...

— און וואָס זאָגט צו דעם דײַן זיידע? טשאַוועלאַ טענהט גאָר אַז נאָר דער אויבערשטער האָט אַ רעכט צו משפּטן...

— מען דאַרף פֿונדעסטוועגן אַזאַ מערדער לאָזן פֿגרן פֿון הונגער. ניט אַזוי, עוועלינאַ?

אַ קופּע שטרוי אינעם ווינקל האָט זיך אָנגעהויבן רירן. עווע־

לינא האט זיך צוגעטוליעט צו אים און די אויגן האבן זיך אנגעגאסן מיט שרעק. ער האט מיטן שפיץ פון שיך אוועקגעשארט דאס שטרוי און דערזען אין א קנויל עטלעכע יונגע שלענגעלעך.

ער האט גאר ברייט צעעפנט די אויגן, זיך ארומגעקוקט און נאכדעם האט ער איר איינגערוימט:

— דו האסט מורא?...

— ווער האט מורא, קאראמבא?... אבער פון ערגעצוואו וועט דאך באלד ארויסקריכן די מאמע פון די קליינע שלענגעלעך. אין די בייטאגן, ווייס איך, האבן זיי ליב צו ליגן אונטער דער זון. אבער...

— נישטא וואס צו שרעקן זיך!... האט ער זיך בחוריש צוגע־רוקט צו איר נענטער. דו ביסט דאך לעבן מיר, ניט אזוי? א זכרל, זאגט דער זיידע, מוז אפהיטן דאס לעבן און דעם כבוד פון דער זי.

— פאראן, אפאריסיא, זייער געפערלעכע שלענג...

— ווען גייט עס דען אז: ערשט פריער האב איך אוועקגע־לייגט איינע פון צען מעטער די לענג... איך האב אויך געראטעוועט פון אומקום א ווייס ברעקעלע קראליקל. אז דו וועסט פארטרייבן דעם כינעזער מיט די אייזלשע אויערן — וועל איך דיר שענקען דאס קראליקל...

— ערמינדא האט מיר געשענקט א ביימשל פון רויטע גרויסע קארעלן...

— יא, די קארעלן זענען ניט מיאוס, זיי פאסן דיר... אבער איך וועל דיר שענקען נאך שענערע, פון רויטן גלאז. דערצו נאך אוירינגלעך און א פינגערל אויך...

— ווו, אפאריסיא, מיין ליבער, וועסטו נעמען געלט צו קויפן אזעלכע וואונדערלעכע מתנות פונמיינעטוועגן?...

— איך וועל ארבעטן!

— ארבעטן?... ביי וואס? דא איז דאך א וויסטעניש!

— איך וועל ווערן א קאובאי!...

— ערמינדא האט מיר געזאגט, אז ער וועט ווערן א גרענעץ־זשאנדארם... ער וועט מיך אומעטום מיטנעמען. ערמינדא האט מיר דערציילט וועגן א סך וואונדערלעכע זאכן וואס ער האט שוין געזען אין מדבר און אין דער שטיפקייט פון דער קארדיליערא.

— בא!... און איך וועל מיר ווידער גיין מיט מיין זיידן פער־מין! ער איז דער פלינקסטער און רואיקסטער בארג־קלעטערער... קיינער קען ניט אזוי גוט די קארדיליערא ווי ער קען זי, דער זיידע־ניו... און אומעטום האט ער מיך מיטגענומען... אך, סארא אויסטער־לישקייטן מיר האבן געזען און וואס פארא ריזיקאלישע וואנדערונגען איך האב שוין מיט אים דורכגעמאכט!...

— נאַרעלע, צו וואָס באַדאַרפסטו זײַן ברוגז?... איך זאָג דען חלילה, אַז מיט דיר וויל איך ניט גיין? אַדרבא, דו פּרוּוו און נעם מיך נאָר מיט... איך וועל דיר אַפּילו קויפן אַ ברייטן לעדערנעם גאַרטל און הערצו נאָך וועט ער זײַן באַשלאָגן מיט מטבעות... אמתע נאַציאָנאַלע מטבעות...

דער ווינט האָט דערוויל אָנגעהויבן צו שויבערן די בלעטער פון די געוועלקטע אומעטיקע סאָסנעלעך אַרום דער פּאַרלאַזטער ראַנטשאָ. זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים און האָט ברייט און מיידליש געשמייכלט. ער האָט געטאָן אַ קנייטש דעם זוים פון איר קאַפּעליוש: אויף אַ צעזעצעניש דעם ערמינדאַ... אַ, אַ!.... זי האָט געטאָן אַ קוק צו די ביימלעך און נאָכדעם האָט זי אים שטיל אײַנגערוימט:

— דו ווייסט, אַפּאַריסיאָ, אַז דער טשילענער, דער בראַווער יונג האָט געהאַט אַ טבע צו שלאָגן זיינע קינדער... דערצו — פלעגן זיי אין די שרעקלעכסטע שנייען אומגיין באָרוועס... און זיי האָבן געאַרבעט!... אַלע ווײַבער אינעם קלייטל האָבן אַ סך גערעדט וועגן דעם...

— די קינדער זענען ניט זײַנע, נאָר אירע!...

— וואָמאָס, וואָמאָס!... דו האַלטסט נאָר מיט די זכרים... דאָס דאָזיקע ווײַב, די אָרעמינקע, איז שוין ביי אים די פיפטע. פון אים האָט זי געהאַט די פיר קינדער. פון אים און מער ניט פון קיינעם!...

— אַזוי, פון אים?... מיט די פריערדיקע ווייבער האָט דער קאַנאַליע אויך געהאַט קינדער און מאַקע גאָר אַ סך. אַזוי האָט דערציילט דער זיידעניו!... די פריערדיקע ווייבער מיט די קינדערלעך פלעגט ער אויך שלאָגן און דערצו נאָך — אויפן נאַקעטן לײַב...

— אַך, סאַראַ בראַווער זכר ער איז... און אַ שיינער... האָסט געזען זײַנע געפּוצטע שטיוועלעך מיט די הויכע כאַלעווקעלעך!... האָסט געהערט, די לעצטע וואָס האָט צוגעזען ווי ער האָט דערהרגעט זײַן אייגענעם ברודער און באַהאַלטן אין אויוון זײַנע פאַרבלוטיקטע מלבושים — די לעצטע איז געגאַנגען זאָגן עדות אַז ער איז אומשולדיק...

— אויף דעם איז זי דאָך זײַן ווײַב... ניט אַזוי, עוועלינאַ?

— אוודאי!

עס איז געוואָרן טונקעלער. אַרום זיי האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדיכטער שטויב און אַ ריזיק ביינערדיק באַשעפעניש מיט אַ גרויער אָפּגעריבענער פעל — האָט זיך אַרויסגערוקט פון אַ גרוב, וואָס האָט זיך געעפנט אינעם דיל. ער האָט זיך צוגעטוליעט צו אַדעלינאַן און זייער פאַרגאַפט געקוקט אויף דעם מאָדנעם באַשעפעניש. יאָ, דאָס איז ער טאַקע... אין זיין פלאַטשיקן שטערן זיצן דרײַ אויגן ווי באַנקעס מיט בלוט... און דער טרוקענער, לאַנגער ווידל — וויי, וויי!

נאך א קאפעטשקע און דער ווידל טוט א קלאפ איבער עוועלינאס געבויגענעם קאפ... ער האט עוועלינאן געפרואווט בארויקן:

— נישטא וואס מורא צו האבן... קוק ניט צו דער חיה... איך וועל איר צוווארפן א שטיקל ברויט מיט האניק וועט זי טאנצן... ווען דער זיידע האט מיך געפירט אנקוקן דעם זאאלאגישן גארטן אין מענדאסא — האב איך דארטן געזען דעם דאזיקן מאנסטער... איך האב אים געגעבן פון מיין האנט — צו עסן האניק מיט ברויט!

— האניק מיט ברויט?...

— וואס דען מיינסטו, נארעלע, אלע, אלע ווילן עסן האניק מיט ברויט...

ער האט ארויסגעצויגן פון זיין טארבע דאס רייפטל ברויט מיט האניק וואס די באלעבאסטע האט אים פארטאג מיטגעגעבן און ער האט עס א ווארף געטאן צו דער חיה. זי האט עס אריינגעכאפט אינעם פיסק און האט זיך ווילד און פריילעך צעטאנצט. באלד האט זי אנגע־הויבן צו שלינגען די סלינע און האט זיך צערעוועט... עוועלינא האט מיט די הענט זיך פארדעקט די אויערן. אפאריסיא האט אין שלאף זיך באקלאגט פאר איר: — מיר רייסט דאס הארץ. דאס געוויין, טייערע, קומט פון דער אייזל־מאמע. הער, הער ווי זי קלאגט פון בענ־קעניש נאך אירע ברעקעלעך...

— אבער דער דאזיקער מאנסטער מוז אוודאי זיין טאקע דער טשילענער אליין! די ווייבער אין קלייטל האב איך געהערט זאגן אז דער אויבערשטער האט אים פארוואנדלט אין א ווילד באשעפעניש.

— אזוי גאר?... אבער די קולות קומען דאך פון דער אייזלעכע, איך וועל עס גאר נישט אויסהאלטן...

— האסט מורא, אפאריסיא?

— ווער האט מורא? איך בין שוין איינמאל געריטן אויף אן עלפאנט און צוויי מאל אויף זשיראפן... מילדע באשעפענישן זענען זיי... דער זיידע האט נאר צוגעהאלטן זייערע גריוועס, נאר די גריוועס... איך האב אויך פארווארפן א שטריק ארום א ריזיקן שטרויספויגל. ער איז געפאלן און איך האב אים א לעבעדיקן אהיימגעבראכט...

איין מאל איז געווארן א שניישטורעם, דער זיידע האט געקראגן אן אטאקע אויף דער בלאז... ער איז אוועקגעפאלן אינעם מדבר...

— אינעם מדבר? האסט ניט מורא געהאט!

— דארטן וואו עס זענען נישטא קיין מענטשן — איז ניטא פאר וואס מורא צו האבן... איך בין איינער אליין אוועק זוכן די קאמיסאריא, וואס צווישן ארגענטינע און טשילע — אבער דער שניי האט מיך פארשיט... דער זיידע האט זיך ווי עס איז אויפגעהויבן

און איז אַוועק מיך זוכן... אַך,ביידע זענען מיר שוין געווען צוויי שטיקער אייַז!... אַזוי פיל שוואַרצע קראָען האָבן זיך דאַן אַראָפּ־געלאָזט... אַזויפיל! קאַראַמבאַ!... אָט זענען זיי דאָך ווידער אַמאָל דאָ... זיי וועלן באַלד אַנפאַלן אויף מייַן טשערעדע און איך בין אַ פאַרלוירענער... ניין, נישט פון דער טשערעדע רייַסן זיי שטיקער — נאָר פון דעם טאַנצנדיקן מאַנסטער... אַ דאַנק דיר הימלישער הער־שער און דער הייליקער פון לורדעס... אַך, ווי די מאַמע אייזל יאַ־מערט עס!... גיט מיר אָפּ מייַנע ברעקעלעך!... מערדערער!... וואָס, האָט איר געהאַט צו מייַנע קינדער?!

— קום, אַפּאַריסיאַ, און איך וועל דיר העלפן אָפּזוכן די אייזעלעך.. קום גיכער, גיכער, האָב נישט מורא.

— ווער האָט מורא, קאַראַמבאַ?... קוק זי נאָר אָן. מיך וויל זי פירן ווי מען פירט אַ קליין קינד, קאַראַמבאַ!..

אַך, ווי זי שלעפּט אים. זי ציט ווי אין אַן אָפּגרונט אַרייַן!

אין דרויסן שרפהט ווידער די היץ. וואַסער, וואַסער!... אַ טרונק וויל איך!

— קום, קום נאָך אַ קאַפּעטשקע און מיר וועלן אַוועק פון דעם דאָזיקן גיהונים.

ער האָט זיך געלאָזט פירן פון איר. פון יענער זייַט באַרג זענען זיי ווידער געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט. אין דער לופטן האָט זיך ווי געזיפּט אַ רויטלעכער, הייסער שטויב און האָט צוגע־דעקט די סקעלעטן פון פערד און קי מיט שאָף וואָס זענען געפאַלן פון היץ און פון דאָרשט. זי האָט אים אַרייַנגערוימט:

— די ווייַבער אינעם קלייטל האָב איך געהערט זאָגן, אַז דער אויבערשטער האָט געבענטשט דעם מדבר נאָר ווייל מענטשן האָבן דערלאָזט אַז די שדים זאָלן זיך דאָ אויפהאַלטן — צוליב דעם איז דאָ אַלץ אַזוי פאַרשאָלטן... אַזוי וויסט... קום, קום פון דאַנען!...

— שלעפּ מיך נישט אַזוי! די שיך רייַבן מיר אָפּ די הויט פון די פיס!.... דאָ זענען אָנגעלאָפן אַ מחנה דאָרשטיקע בהמות פון דעם מדבר. זייערע קולות האָבן געשפּאָלטן די שטיינער אין דער וויסטעניש. וואַסער, וואַסער! מיר ווערן פאַרשרפהט!

די בהמות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף אַ פלאַכן, גראָזיקן באָדן און זיי זענען מיט אַ מוראדיקן געיאָמער אַראָפּגעזונקען... די קולות זענען געבליבן הענגען אין דער לופטן און אָנגעוואָרפן אויף אים אַ שרעק: „אוי, מייַן טשערעדע! דאָן איגנאַסיאָ, איך בין נישט שולדיק! איך שווער עס אייַך ביי גאָט און ביים הייליקן ראָסאַ־ריאָ!... — האָט ער געשריען פון שלאָף.

— האב ניט מורא — האט אים עוועלינא געטרייסט. אין דעם דאזיקן פארשאלטענעם זומפ זענען שוין אייַנגעזונקען געווארן הונדערטער בהמות... וואס? דו האסט זיך ערשט איצט דערוואוסט וועגן דעם?...

— וואס הייסט איך האב געוואוסט, קאראמבא?... דער זיידע פערמין האט געזאגט אז אין יענעם זומפ ליגן די ניט־גוטע... זיי פרעסן א סך פלייש, די מיַיוואלים, דערפאר האבן זיי אזויפיל כוח...

זיי זענען אוועק מיט א קרומלעכן, שמאלן וועג, און צוגעקומען צו א אייינציקער ראנטשעלע. אונטער דער ברייטער סטריכע זענען געשטאנען עטלעכע באשמאטעטע קינדער, אייַנגעטונקענע אין שוויים און אין שטויב. די דאזיקע קינדער זענען געווען שטילע, גלייַכגילטיקע. עוועלינא האט זיך אנגערופן:

— די ארעמענקע לעבן זיך דא ווי אין א גן עדן. די קארטופארפערן האט זיי, די ארעמענקע, אויפגעקליבן ערגעץ דא ניט וויַיט. זי האט זיי אויסגעהאדעוועט... און וואלסט געמעגט זען, אפאריסיא, ווי זיי האבן אפשיי פאר איר!...

— און וווּ איז אין אזא שרעקלעכע הייז די אלטע? — האט ער איר איבערגעשלאגן און ביטער געזיפצט. זי האט אים ווידער אייַנגערוימט:

— די אלטע איז אוועק וואשן וועש אין א נאענטן האטעל... גוטע מענטשן העלפן איר אויך ארויס מיט אייניקע מטבעות...

— אך, סארא חנעוודיקע עס זענען די ברעקעלעד... טו א קוק! פארוואס זאלן זיי ניט זייַן קיין חנעוודיקע? די וויַיבער אין קלייטל האב איך געהערט זאגן, אז די גרענעץ־זשאנדארמען זענען אפשטאמיקע פון גאר געהויבענע לייַט... פארשטייסטו מיך?...

— וואס איז דען פאראן צו פארשטיין?... איך וויל זייַן א קאר־באי!... איך וויל מיר נעמען אט א יענע מיידעלע מיט די בלויע סטענגעס אין די גראבע צעפלעך. זע, זע! זי קוקט צו מיר און שמייכלט...

— האב קיין מורא ניט — די אלטע וועט זי דיר סיַי ווי סיַי ניט געבן!... פאר קיין שום געלט ניט!...

דער הייסער ווינט האט אויפגעהויבן א געדיכטן שטויב און האט אפאריסיאן איבערגעהאקט דעם אטעם. עוועלינא האט אים אראפגערוקט נידעריקער דעם צעשונדענעם קאפעליוש און האט אים אוועקגעפירט אין טאלעכל, דארטן איז געווען מחיה קיל. א העלע גרינקייט, ווי מיַיערע טעפיכער, האט דארטן גערוט. און די זון האט געווארפן גאלדענע פונקען. עוועלינא האט אויפגעמאכט די טיר פון דעם קליינעם קלויסטערל און האט ארייַנגעפירט אפאריסיאן. זי האט

אים קינדיש אַראָפּגערוקט דעם קאַפּעליוש און זיך באַרימט:
„זעסט, אַז דו האָסט זיך געלאָזט פירן פון מיר, ביסטו איצטער אַ געראָטענוועטער!...

— וואַמאַס, וואַמאַס! דער זיידע פּערמיז האָט מיר ערשט היינ־טיקן זונטיק מיטגענומען אַהער... און אויך אויפן דערביאַיקן צווינ־טער...

— וואָס פאַר אַ מין זכרל ביסטו עס! אומעטום דער זיידע, דער זיידעניו!...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו אים און אַנידערגעקניט אַנטקעגן דעם געקרייציקטן. אַפּאַריסיאַ האָט זיך אַרומגעקוקט. ניין, ער האָט ניט קיין טעות: אַט שטייען די הויכע בלעכענע פּושקעס מיט פּעלדבלימלעך אַרום אַלטאַר. די מאַמע האַלט אויף די הענט אַ ברע־קעלע. אַך, ווי זיס און אומעטיק עס זענען אירע בליקן... אַז ער, אַפּאַריסיאַ, וועט ווערן אַ קאַובאַי, וועט ער אויך קויפן אַ טעפּיך און אים אויסשפּרייטן צווישן די טעפּיכער, וואָס אויף די טרעפּלעך צום אַלטאַר.

ער האָט אַנגעשעפּט אַ בלעכל קאַלטע וואַסער פונעם הויכן ער־דענעם טאָפּ, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער טיר און האָט זיך אַנ־געטרונקען. נאָר דאָס ברענען און שרפּען וואָס איז ווי אַ פייער גע־זעסן אין אים — האָט אַלץ ניט אויפגעהערט. — אַך, ווי שטאַרק ער וואָלט וועלן אַריינוואַרפן עפּעס אין דער צדקה־פּושקע... אָבער, ער האָט ניט קיין געלט, אַפילו קיין איין סענט ניט...

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, אָוועקגעלייגט אין אַ זייט דעם קאַפּעליוש, וועלכן ער האָט, ביים אַריינקומען, אַראָפּגענו־מען, זיך איבערגעצלמט און מיט אָפענע בליקן ווי צוויי לויטערע וואַסער־קוואַלן, געקוקט צו דער הייליקער מוטערל און שטיל געבעטן:

— האָב רחמנות, מאַמעלע, געטלעכע דערהויבנקייט הימלשע טאָכטער, שיק אַראָפּ אַ רעגן... אַ קליינטשיק רעגנדל, ניט מער! אינעם וואַסער, זאָגט דער זיידעניו, ליגט דער שליסל צום גן עדן... איך וויל אַ פּאָר נייע שיך... שיך פון אמתער לעדער און מיט טשוועקעס אין די גראָבע פּאָדעשוועס... און אַ גאַרטל וואָס איז באַ־שלאָגן מיט מטבעות... און ניט מער, הייליקע מומערל!

ער איז אויפגעשטאַנען, אָפּגעאָטעמט טיף און דער־לייכטערט, גע־טאָן אַ קוק צו עוועלינאָן, וואָס האָט אַ פּאַרטיפטע, ניט אויפגעהערט רעדן צום געקרייציקטן:

— זאָל דער טאַטעלע אונדז מוחל זיין, ווי מיר זענען אים מוחל געווען; זאָל דער טאַטעלע האָבן רחמנות און אונדז שיקן דעם קער־ניג פון די וונדער, מיט מתנות פאַר די קליינע קינדער. פאַרשרייב

אים, הימלשער הערשער, מײַן אדרעס... זאג ער זאל ניט לאזן לײַ־דיק מײַנע שיך... ווײַל דער הונט פון דאניא סינפאראמא שלעפט זיי מיר אוועק — אך, ווי עס לויכטן אירע אויגן... ווי דרײַסט זי איז די עוועלינא! ער, אפאריסיא, וועט שוין זען שאפן פאר אירעט־וועגן די אלע טײַערע זאכן אין וועלכע זי נייטיקט זיך... אויך דער זיידע פערמין פלעגט קויפן מתנות פאר זײַן כלה׳לע, געשטארבן די ארעמענקע פון א גוט־אויג...

אין זײַן פארטוענקייט אין טראכטן, האט ער ניט באמערקט ווען עוועלינא איז צוגעקומען צו אים. זי האט אים עפעס אײַנגע־רוימט און אויך סודותדיק געוויזן מיט א בליק פון אפשיי:

— די ווײַבער אין קלייטל האב איך געהערט דערציילן, אז אין איינער פון די וועגט געפינט זיך דער קבר פון ערשטן אויסלענדער מיט זײַן ווײַב וואס האבן זיך דא באזעצט.

ער האט שווײַגנדיק צוגעשאקלט מיטן קאפ אויף יא.

אויך דער זיידע, פערמין, האט דאך אים ניט איין מאל מיט־געטומען אהער, דער זיידעניו און דאן טשאוועלא האבן געזאגט אז דער מאן און זײַן ווײַב, וואס זענען געקומען פון שפאניע, האבן דא אפגעקויפט א סך ערד... זיי האבן דא געוואלט מאכן א שטאט אבער — מענטשן זענען צוליב פעלן פון וואסער, אנטלאפן פון דאנען...

יענע צוויי גרינע האבן דא אויפגעבויט גאנץ הויז. זיי האבן געלאזט א צוואה אז נאך זייער טויט זאלן זיי באערדיקט ווערן דא אינעווייניק. שוין לאנג אין דעם, זייער לאנג!

— יא, דער זיידע פערמין האט מיר דערציילט וועגן דעם. מ׳איז שוין באלד צוויי הונדערט יאר אריבער!...

— זאלן זיי, די גוטע נשמות, רוען דא אונטער דער וואנט? ווען ניט זיי, אפאריסיא ליבער, וואו וואלטן מיר געהאט א ווינקעלע אויף דער ערד, הא?...

— נישטא פארוואס זיך צו ערגערן! די קארדיליערע איז גרויס גאר אן א סוף... צען מיליאן מענטשן וואלטן דא געפונען א פלאץ צום וואוינען....

— אבער זי איז דאך א ליידיקע... פאר וואס, אפאריסיא, קומט מען ניט אהערצו אויפצוהייבן דאס גוטס וואס וואלגערט זיך דא?

— מען וועט קומען... אזוי האט מיר געזאגט דער זיידע פער־מין, ער איז זיכער אז דא וועט אלץ אויפשײַנען און אויפבליען ווען מיר, איך און דו, עוועלינא, וועלן ווערן גרויס...

זי האט זיך צעלאכט און טאנצנדיק אוועק צו דער טיר און זי אויפגעפראלט. ער האט אין שלאף זיך געחידושט: קאראמבא,

ווי האָט זיך געהערט מען זאָל אין גאַנס הויז לאַכן אַזוי פרעך?... אָבער — וואָס טוט זיך היינט מיט אים? ס'איז דען זונטיק?... ערשט נעכטן איז ער מיטן זיידן געווען דאָ אויפן דערבייאיקן צווינטערל.

דערווייל איז יעוועלינאַ צוגעקומען און האָט אים פאַרשייט א צי געטאָן פאַרן אַרבעל. ער האָט געלאָזט זי זאָל אים אַרויספירן און פאַרמאַכן די טיר. ער האָט ווידער דערפילט א ברענענדיקע היץ אין די אברים. דער דאָרשט האָט אים געברענט די קישקעס. ער האָט איר נאָכגעשפּאַנט ביז אויפן בערגל און איז מיט איר אַריין אין ברייטן, צעפראַלטן טויער פונעם צווינטערל. דאָרט האָט ער דערפילט, אַז די לופט געווען פול מיט ריחות פון איבערגעצייטיקטע פעלד־בלימלעך און פון פוילעכץ... אויף די טרוקענע בלימלעך איז געלעגן א געדיכטער שטויב און א ווייענדיקע זון. דאָס ווינטל איז אומגעלאָפן צווישן די נידעריקע, טרוקענע גראָזן און האָט טיף און רוישלאָז ווי אַריינגעמורמלט אין די אָפענע לעכער פון אַן איינגעפאַלענעם קבֿרל.

ער האָט זיך איבערגעצלמט און זיך גאַטפאַרכטיק און אויך נייגעריק אַראָפגעלאָזט אויף די קני און האָט אַריינגעקוקט אין דעם צעבראָכענעם קבֿר. באַלד איז ער אויפגעשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געאָטעמט שווער און אומעטיק געשמייכלט. עוועלינאַ, וואָס איז דערווייל אומגעגאַנגען צווישן די קליינע בערגלעך מיט צלמלעך פון ברעטלעך, האָט צו אים פון ווייטנס געשריען:

— אַך, סאַראַ גרויסער פּחדן דו ביסט עס... דיינע אויגן זענען פול מיט שרעק...

— סאָ ליגן!...

— פאַר וואָסזשע ביסטו געוואָרן אַזוי בלייך?...

— ווייל איך האָב רחמנות אויפן מת... איך האָב געזען...

— וואָס האָסטו געזען, קאַראַמבאַ?...

— שוואַרצע צעפּ און א ווייס קלייד...

— א, א!. ס'איז א פרוי מן הסתם; האָט זי, די אָרעמע, זיך גענוג אָנגעזינדיקט... האָבן די שדים זיך איצט גוט אָפּגערעכנט מיט איר...

זי איז צוגעקומען צו אים. גענומען זיין קאַפּעליוש און גע־קנייטשט דעם צעשוויצטן זוים. דאָס ווינטל האָט געשווייבערט דעם זוים פון איר קליידל און די טרוקענע בלעטער אַרום אירע באָרוועסע פיס. זי האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— טו נאָר א קוק, דאָס פעלד איז פול מיט ברעקלעך צלמלעך זאָג מיר, אַפּאַריסיאָ, פאַר וואָס פאַלן דאָ אַוועק אַזויפיל מלאַכימלעך

אויך זיי האבן ניט קיין חן אין דעם אויבערשטנס אויגן?... דאן פערמינס מלאך, ווייס איך, איז געווען שטיל ווי א טויב. ס׳האט נאך מיט גאר ניט געזינדיקט...

— גוט, דער אויבערשטער וועט עס נעמען צו זיך אונטער די הייליקע פליגלען...

— קום, קום! — האט זי אים געצויגן טיפער אינעם צווינטער צווישן די גרויסע ווייסע מצבות מיט איינגעפאסטע בילדלעך. פון וויטנס האט ער געקוקט צום נידעריקן שטיבל, פון וועלכן ס׳האט זיך געטראגן א פארעיפושטער ריח. זי האט אים איינגערוימט:

— זעסט, אז אויף צוויי טישן שטייען צוויי אלטע קאסטנס, פון דארטן טראגט זיך עס אזא ריח...

— צו וואס האלט מען דארטן די טויטע?

— מסתמא האבן ביינאכט די טייוואלים זיי ארויסגעשלעפט פון די קברים און אוועקגעטראגן אהער...

— אזוי, די טייוואלים ליגן דאך אויפן שווארצן בארג!...

— ווער האט עס דיר איינגעשמועסט? טייוואלים טוען זייער ווינסטע ארבעט אפילו צווישן די טויטע... די זינדיקע באשעפענישן

— דאס זענען די טייוואלים...

— אזוי?... און ער, אפאריסיא, איז אויך א זינדיקער... צוליב זיין טעמפקייט איז דאך היינט געשטארבן דאס ברעקעלע טערעלע.

אבער וואס טוט דא ווידער דער זיידע פערמין?... ער איז דאך ערשט נעכטן געקומען מיט קלימעקלעך בלימעלעך פאר זיין געווע־זענער כלה׳כל?... אך, ווי הייליק ער קניט איצט פאר איר און רעדט עפעס צו דער פארשטארבענער כלה זיינער... תמיד איז ער דער זעלבי־קער פארליבטער אלטיטשקער, קאראמבא...

דא האט דער זיידע אויפגעהויבן דאס פנים און אים דערזען. איז אויפגעשטאנען, אפגעווישט די פייכטקייט פון די אויגן און איז צוגעקומען. אפאריסיא האט פארשעמט געקוקט צו עוועלינאן, וואס האט איצטער מיט א מינע פון אומשולד אויסגעגלייכט די איינגע־פאלענע בלימלעך ארום א קבר׳ל. דער זיידע האט אים איינגערוימט:

— די עוועלינא איז א קלוג און פראכטפול מיידל... זע, ווי זי זארגט פאר דער שיינקייט פון די קברים־בלימלעך... א לייטיש קינד פארגעסט ניט אין איר חוב אז די וואס זענען אין דער אייביקייט....

אויך ער, אפאריסיא, האט קיינמאל ניט פארגעסן צו טראכטן וועגן זיין מאמעלע...

עוועלינא האט זיך אויסגעגלייכט און מיט א מינע פון טרויער איבערגעריסן די שטילקייט:

— דאָן פּערמין איז גאָר ניט געגאַנגען אַפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד סעראַפינס מלאכל... די ווייבער אין קלייטל האָבן זיך נאָכ־געפּרעגט אויף אייד... פּאַרוואָס, דאָן פּערמין, טראָגט מען מער ניט אום צווישן די שכנים די ברעקעלעך וואָס שטאַרבן ?

— די היינטוועלטיקע, מיין טייער מיידל, האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון די אַלטע...

— צוליב דעם איז דער מדבר וויסט און טרוקן... קומט, קומט וועלן מיר נעמען דאָס מלאכל און עס אומטראָגן פון ראַנטשע צו ראַנטשע און דאָס וועט אונדז ברענגען גליק, אַ סך גליק, דאָן פּער־מין וועט עס אומטראָגן, דאָס אַרעמענקע.

אַ נאַרישע ציג די עוועלינאַ... אַט איז מען קוים לעבעדיק אָנ־געקומען אין סעראַפינס גריבערדיקער ראַנטשע און זי, די פּלאַפּלער־קע, איז גאָר געבליבן שטיין הינטער דער טיר...

אָבער ער, אַפּאַריסיאָ, און אויך דער זיידע, זענען צוגעגאַנגען ביז צום מלאכל. ס'איז נעבעך געזעסן אויף אַ שטולכל און געהאַלטן עטלעכע פעלד־בלימלעך אין די אויף פאַרנט פאַרבונדענע הענטלעך. אויפן אויסגעבויגענעם קעפּל איז געזעסן אַ קרוינדל פון וויים־בלויע פּאַפּירענע סטענגעס מיט גאָלדענע בלעטער. צופוסנס דעם מת'ל האָט זיך געפלעמלט דאָס קנויטל פון אַ ווייראָך־לעמפּעלע.

דער זיידע האָט זיך איבערגעצלמט און זיך אַוועקגעזעצט צווי־שן די ווייבער... אויף אַ לאַנגער באַנק לעבן דער טיר.

פּלוצים האָט זיך אַהין אַריינגעשטעלט — ערמינדאַ. ער האָט געהאַלטן עוועלינאַס קאַפּעליוש אין די הענט און געבויגן דעם זוים.... אַפּאַריסיאָ האָט פון שלאָף געמאַן אַ געשריי און נאָכדעם זיך ביטער צעוויינט — זיידע, זיידעניו....

דער זיידע, האָט זיך אים געדאַכט, האָט מער מיט די קלוגע, געטרייע בליקן, ווי מיטן מויל — אים געטרייסט: נישטאָ צוליב וואָס, אייניקל, זיך צו אַלאַרמירן.. ס'איז אונטער דער ווירדע פון אַ לייטישן מאַן צו וויינען צוליב אַ זיעלע... אויב עוועלינאַ האָט דיך מאַקע ליב — וועט ניט זיין אַזאַ כוח וואָס זאָל זי קענען אַוועקרייסן פון דיר...

— וועמען, זיידע, גייט זי דען אָן ?... רוף מיר נאָר אַהער דעם דאָן טשאַוועלאָ און מירן גיין אין דער קאָרדיליערע... איך וויל מער ניט זיין דאָ... דאָרטן איז מיר ניט הייס...

— גוט, מירן גיין, אייניקל.

— וועסט מיר העלפן זוכן די ברעקעלעך אייזעלעך ?...

— אוודאי וועל איך דיר העלפן...

דערווייל איז טאַקע אַריינגעקומען טשאַוועלאָ. ער איז געווען

איינגעטונקען אין שוויים און באדעקט מיט שטויב. ער האט אוועקגעשטעלט אויף דער באנק א ברעקעלע טרומנעלע, האט ארויסגעשלעפט פון קעשענע א פאפיר מיט קאלך און עס אריינגעשוט אין טרומנעלע.

דער זיידע האט זיך אויפגעשטעלט און באלד זיך צוריק אראפגעלאזט אויף זיין פריערדיקן פלאץ און האט קונציק באהאלטן אויף הינטן — דעם פום מיטן וויבערישן שוד... די באטיכלטע וויבער האבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט... און עוועלינא?... זי שטייט לעבן דעם כינעזער און קוקט ווי ער שפילט זיך מיטן זוים פון איר קאפיליוש... זאל זי ווערן צעשפאלטן פון א דונער.... זאל קומען אן ערד־ציטערניש און זאל פארשלינגען אלע זיעלעד און אויך די באטיכלטע וויבער וואס חוזקן פונעם זיידן...

די ניינציק־יאריקע סינפארא, דעם מלאכלס אן עלטער־באבע, איז געזעסן גאר הארט לעבן זיידן. איר קליין געקארבט פנימל און די קיילעכיקע טונקעלע אויגן, האבן זיך איינגעגעסן אין זיידן. זי האט צוגעשאקלט מיטן באטיכלטן קאפ און אבלדיק געזאגט:

— דאס מלאכל האט זיך געפעלט טיילווייז פון א גוט־אויג און דאס איבעריקע — צוליב דער קנאפער דערנערונג...

— זאל עס דער אויבערשטער נעמען אונטער זיינע פליגלען. אבער מען האט אים פונדעסטוועגן באציטנס געוועזן געדארפט אפפירן אין א שפיטאל...

— מען האט געפירט — דאן פערמין. אבער ס'האט גראד אויסגעפעלט פלאזמא... דער „אקסיכענא” האט דעם ארעמענקען גאר פארגרינגערט די גסיסה...

— מען האט אים אויך אפגעשפראכן פון א גוט־אויג און אראפגעצויגן דעם מאגן־פארשפארונג. האט זיך אריינגעמישט א צווייטע באטיכלטע באבע און אירע אויגן, ווי פלעקן סמאלע, זענען אונטערטעניקע אומגעגאנגען פון איינעם צום אנדערן און געווארט אויף אן ענטפער.

— דאניא פעפא, די „קודאנדערא”, האט אים אויך אפגעשפראכן פון א גוט־אויג און אויך קעגן אלע ניט־גוטע... — האט די קוואטערן מיט די מילדע אויגן שטיל אפגעזיפצט. דאניא פעפא, אז קיין שלעכטס זאל איר קיינמאל ניט געשען — האט פאר מיר אין די אויגן אפגעשפראכן דרייצן ווייץ־קערנדלעך און האט זיי מיר געגעבן אין א סענט... איך האב די ווייץ־קערנדלעך אוועקגעלייגט צוקאפנס פונעם מלאכל און ס'האט אויך ניט געהאלפן!...

— בא מיין טאכטער איז נעכטן אוועקגעפאלן דאס איינציקע

און לעצטע חזירל — האָט אַ דריטע זיך באַקלאָגט און אומבאַראָלפֿן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויף מײַן שטיקעלע ערד געשעען אויך מאָדנע זאַכן — האָט אַ שמאָלע באַשמאַטעטע קרעאַלן צוגעטראָגן איר חלק. די מאָגערע סאָסנעלעך זענען פֿאַרטריקנט געוואָרן, און די הינדעלעך און די אינדיקלעך — פֿאַלן בײַ מיר אויס ווי פֿליגן... אַ בית עולם איז איצטער אַרום מײַן ראַנטשעלע... אַ קללה, אַן אָפּגעטוענע זאַך...

אַזוי איז אַוועק אַ באַקלאָגעניש, אַ דערציילן זיך אַלערליי אויס־טערלישע מעשיות. דאָס ראַנטשעלע איז פֿול געוואָרן מיטן יסורים־דיקן געמורמל וואָס האָט אָפּאַריסיאַן דורכגענומען ביזן ביין.

די פֿלעמלעך פֿון די ליכטלעך האָבן געצאַנקט זיך אויסגעצויגן און געפֿאַלן צוריק.

ער האָט אויף אַ רגע ווי פֿאַרגעסן אין זײַנע אייגענע דאגות, זיך פֿאַררוקט אין אַ ווינקל און פֿון דאָרטן געקוקט צום זיידן. דער אַלטער האָט זיך געביסן די אויבערשטע ליפּ און נאָך אַ לענגערן טראַכטן, האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופֿן:

— דאָ, מײַנע ליבענקע, איז אַ פּשוטע זאַך: אַז מיר וועלן ניט האָבן קיין וואַסער, וועלן מיר אַלע פֿאַרדאַרט ווערן און פֿאַלן ווי עס פֿאַלן די בהמות...

טשאַוועלאַ וואָס האָט זיך דערווײַל נײַגעריק צוגעהערט, האָט בעת מעשה אויסגעבעט דאָס געלעגערל אינעם טרומנעלע און ער האָט זיך אויסגעגלײַכט און אַ זאָג געטאָן:

— דערפֿאַר טאַקע, מײַנע ליבנקע, אַנטלויפֿן פֿונדאַנען די יונ־געלײַט... זיי זוכן פֿאַר זיך אַ לײַכטער שטיקל ברויט און ניט מער!...

— זייער גלײַך טוען זיי, אויף מײַן וואָרט — האָט סינפֿאָראַ אים געענטפֿערט און בנימעותדיק פֿאַרצויגן די ליפּן ווי אַ לעדערן טעקעלע.

— אָבער פֿאַראַן אַזעלכע וואָס טאָדלען... פֿאַראַן אַ אידעאַ־ליסט בײַ אונדז... — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל און זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. פֿערמין האָט געטאָן אַ פּיפּקע די ליולקע און נאָך טיפֿער אַרונטערגערוקט דעם פּוס מיטן ווײַבערישן שוך.

די מאַמע פֿונעם מלאכל האָט זיך צעהוידעט דאָרטן צוקאָפּנס דעם שטולכל, פֿאַרבראָכן די פֿינגער און זיך צעקלאָגט:

— מאָזלען, דאָן טשאַוועלאַ, קען יעדער איינער. אָבער גאָט און די הייליקע זענען עדות — איך האָב מײַן ברעקעלע ניט פֿאַר־נאַכלעסיקט... ניין און ניין!

די געסט האָבן אַרונטערגעלאָזט די קעפּ און עס איז ווידער

געוואַרן שטיל. פון דרויסן איז אַריינגעדרונגען אַ רויטלעכער היי־סער שטויב און דער שטאַרקער ווינט האָט געריסן דאָס שטרויענע דעכל פונעם ראַנטשעלע. פערמין האָט אָפּגעזיפצט און זיך אָנ־גערופן:

— וואַסער, וואַסער!...

טשאַוועלאַ האָט אַריינגעזיפצט אין באַקאַלכטן טרומנעלע: — ער וויל, דער אַלטער אייזל, דעם שליסל צום גן־עדן...

— אַזוי, דאָס וויל דער זיידעניו?... האָט זיך אַפּאַריסיאַ גע־וואונדערט אין זײַן שווערן, קרענקלעכן שלאָף. — וואו ליגט ער, דער וואונדערלעכער שליסל, וואו? דער זיידע, האָט זיך אים גע־דאַכט, האָט זיך געווענדעט צו טשאַוועלאַן וואָס איז שוין געשטאַנען לעבן אים, סעראַפינען, דעם מת'ס פאַרמרויערטן טאַטע. ער האָט אים געזאָגט:

— איך האָב דיר שוין טויזנט מאָל דערציילט וועגן די גרויסע אויפטועז פון די העברעיער...

— אַט האָסטו דיר אַ פאַרגלייך! יענע האָבן דאָך אויפגעריסן די בתולה־ערד, דאָרטן אינעם הייליקן לאַנד... יענע, ווייס איך האָבן פון זייער פוסטן מדבר געמאַכט אַ שטיק — ציוויליזאַציע.

— אויך מיר דאָ, דו אַלטער אייזל, אויך מיר וואָלטן געקענט שאַפן וואונדער, ווען מיר האָבן פונקט ווי יענע, די הילף פון דער מלוכה און פון גאַנצן שטאַם.

די אַלטע סינפאַראַ האָט געפרעגט:

— וואו וואוינען יענע לײַט? דאָ, אין דער קאַרדיליערא?

פערמין האָט געטאָן אַ פּיפּקע זײַן ליולקע און קלוג געשמייכלט. די אַלטע איז צוגעשטאַנען:

— איך וואָלט געוועזן אַ בעלן אַ קוק צו טאָן ווי אַזוי מען לעבט אויף דער מדבר.

— ס'איז ווײַט פונדאַנען, באָבע...

— עס מאַכט ניט, אויף אַן אייזל קען איך גוט צורײַטן אַהין... אַבי דער זאָטל איז נאָך אַ ווייכער...

— ס'איז אין אַנדערן עק פון דער וועלט — האָט טשאַוועלאַ מעשה גרויסער ווייסער, איר געגעבן צו פאַרשטיין.

— אַזוי גאָר. דאָרט וואוינען אויך מענטשן? איז ווער זענען זיי עם? —

— מיר האָבן דאָ גערעדט וועגן די העברעיער.

— ווער זענען זיי עם?... — האָט זי געזשמורעט די ווייעס און

די צוויי גומע שווארצע אויגן זענען אומגעגאנגען פון איינעם צום צווייטן. — ווער זענען עס יענע לײַט?...

— גוט. כודיאס זענען זיי. — האט דער זיידע אומרואיק א זאג געטאן און זיך ווידער פארקוקט צום נײַגעריקן אייניקל.

די אלטע האט אויסגעשפיגן, מיטן ברעג פון דער פאטשיילע אפגעווישט די ליפן און נאכדעם ווידער געפרעגט:

— נאך פאראן א סך פון יענע לײַט?... פאר וואס, דאן פער־מין, שפײַט איר נישט אויס, ס'איז א מצווה, א גרויסע מצווה...

טשאווועלא האט זיך אנגעהויבן צו קראצן אין דער באָרד און געשמייכלט: סינפארא האט ווי א שוואך הינדל פארצויגן די ווינעס און אראפגעלאזט דעם באטיכלטן קאפ אויף איר אײַנגעפאלענער ברוסט.

ס'איז ווידער געווארן שטיל. די פלעמלעך פון די ליכט האבן זיך ווי פארתומטע אויפגעהויבן און געפאלן צוריק. טשאווועלא האט גע־נומען אפבינדן דאס מת'על פון שטולכל און פערמין האט געקוקט צום פארחידושטן אייניקל.

אפאריסיא איז אויפגעשטאנען פון זײַן פלאץ און איז מיט א זײַ־טיק, שווער געגנגעלע ארויסגעגאנגען פון דער ראנטשע. ער האט געפילט הינטער זיך דעם זיידנס לײַכטע שוועבנדיקע טריט.

— קאראמבא, אייניקל, ווו זענען אהינגעקומען די פליגלען וואס איך האב דיר היינט צוגעטשעפעט צו די אקסלען?

אפאריסיא האט ביטער אפגעזיפצט און מיט די בליקן — געוויזן אויף עוועלינאן וואס איז הינטערן ראנטשעלע געשטאנען און זיך געסודעט מיט ערמינדאן.

— קום זיידעניו און מיר וועלן זיי דערהרגענען!

— וואס פעלט דיר אײַן?... קוים האט א מענטש איינמאל עמיצן דערהרגעט, האט ער שוין אויף אלע אייביקייטן זײַן אייגענע נשמה אוועקגעהרגעט און ער ווערט א סכנה פאר זײַנע מיטמענטשן...

דער זיידע האט אים א כאפ געטאן פאר א הענטל און האט זיך אויפגעהויבן צו די כמארעס...

אך דער זיידע איז געווארן ווי א ריזיקער פיש... אבער אים, אפאריסיאן, איז הייס, שרעקלעך הייס... די שווערע צוויי שויך שלעפן אים צוריק צו דער ערד. אט זעט ער ווי דער ווינט שויבערט די בלויע פליגל אויף עוועלינאס אקסלען, און ווי דער כינעזער מיט די אייזלשע אויערן, שפילט זיך נאך אלץ מיטן ראנד פון איר קאפעליוש...

— קאראמבא, אייניקל, ווו זענען די פליגלען וואס איך האב דיר געשענקט?... א! דו קענסט מיך נישט נאכהאלטן — צוליב דער זיעלע, דער פארטעריז, וועט ער, אפאריסיא נאך לײַדן א בושה...

דער זיידע איז ווי א פיש ארומגעשווומען צווישן די גאלדענע און פייערדיקע סנאפעס. אים, אפאריסיאן, ברענען זיי אויס די אויגן...

— זיידע, זיידעניו, וואַרט אונטער אביסעלע!..

ער האט אין שלאף אראפגערוקט נידעריקער דעם קאפעליוש און א פארטייעטער, א באהערשטער פונעם דאזיקן וואונדערלעכן חלום — האט ער אויסגעשטרעקט א הענטל, ווי ער וואלט וועלן זיך אנכאפן אין עפעס. דערווייל איז צוגעקומען א ציגעלע און נאך איינס און זיי האבן אנגעהויבן ארומצולעקן דעם שוויים פון זיין הענטל און אויך זיין ברוסט וואס האט ווי א שטיק בראנדז ארויסגעקוקט פון צעכראסטעטן העמד.

אין זיין פארטראגנקייט האט ער פונדעסטוועגן געהערט ארום זיך דאס רופן פון זיין טשערעדע: בעעע!מעעע! — ער האט זיך מיט שווערקייטן איבערגעדרייט פון איין זייט אויף דער אנדערער, און ס׳האט זיך אים אויסגעדאכט אז ער איז אויפגעשטאנען און האט געטריבן זיין טשערעדע גאר ווייט אינעם מדבר, וווּ עס זענען פאראן שפורן פון היילונג־וואסער, וואס זעצן ארויס פון דער צעקארבטער ערד, אבער מיט אמאל האט זיך די ערד אין די בערג געטאן א צעוויג, א ציטער און ער איז אומגעפאלן און האט ווי א באלעם, אראפגעקייקלט ביזן טיפן טאל.

אפאריסיא האט זיך קרעכצנדיק אויפגעהויבן און אראפגענומען פון קאפ דעם צעפלעטשטן קאפעליוש. די פיס האבן אים ביסלעכווייז אוועקגעפירט אלץ טיפער, ווייטער אינעם צעדריבלטן בארג מיט די נישעס און נעסטן פון שטיינער. זיינע אברים האבן געציטערט מער פון אפשיי און אבערגלויבן ווי פון שרעק. אין סאמע מיטן איז אין א נישע געזעסן און געדרימלט אן אלטער אינדיאנער. די גרויע פאנטשא מיט פראנדזן, איז געלעגן ארום זיינע הויכע אקסלען און די פעדער אינעם קאפעליוש פון שמרוי איז געווען פארשטויבט. לעבן זיינע פיס איז געשטאנען אן ערדענע אייוועלע, מיט אביסל אש אויף די פארבליבענע קוילן. אויפן גריבערדיקן דיל מיט שמרוי, זענען געשטאנען ערדענע קריגלעד מיט רויט־געפארבטע קוויטן. ליימענע כלים פון פארשידענער גרויס, אויך האק־ברעטלעד און מולטערס צום וואשן און אויף צו באקן ברויט. אויף די ווענט און איבער די געבויגענע קעפ פון די אנדערע זיצנדיקע, האבן געהאנגען פיילנבויגנס, מעסערס, שפיזן, אייזערנע פרענטעס, שמריק, בייטשן און ביקסן.

די פנימער פון די אינדיאנער זענען געווען גרוי באדעקט מיט שטויב און גערונצלט פון טיפע קארבן. ער האט נייגעריק אנגעטאפט

די פינגער פון איינעם, האָט ער זיך צעשיט ווי זאַמד... אַפּאַריסיאָ האָט אין שלאָף זיך געחידושט:

— קאַראַמבאַ, אין דעם ווייטן באַרג האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די געבוי־ענע באַרג־מענטשן... זיי האָבן זיך בלוטיק און העלדיש גע־שלאָגן קעגן די שפּאַניער, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דאָס טייַערע פאָטער־לאַנד... אָבער זיי האָבן סוף כל סוף פאַרשפּילט, די געטרייַע פּאַט־ריאָטן... פאַרשפּילט און זיך אויסבאַהאַלטן אינעם דאַזיקן באַרג און דאָ זענען זיי, די אָרעמע, אויסגעגאַנגען פון הונגער און דאָרשט...

ערשט דאָ נישט לאַנג האָבן קינדער פון דער קאָרדיליערא, אויס־געפונען די הייליקטימער... זענען געקומען מענטשן פון דער גרויסער שטאָט און זיי האָבן די לייכעס און אַלץ וואָס האָט זיך דאָ געפינען צוגענומען אין אַ מוזיי... איז וואָס טוען זיי ווידער אַמאָל דאָ?... איז עס אפשר בלויז אַ חלום... אָדער די אַלטע סינפּאָרא, מיטן פוי־גלשן פנים, האָט אים, אַפּאַריסיאָן, שוין אָפּגעטאָן אַ כישוף?...

ער האָט אָנגעהויבן גיין אויף פּאָראויס. זייַנע טריט האָבן אָפּגע־קלונגען אין דער שטיינערנער פוסטקייט.

ער האָט זיך אומגעקוקט אויף צוריק. אים האָט זיך געדאַכט אַז די אינדיאַנער האָבן אים נאָכגעקוקט און געשמייכלט. דער וואָס איז געזעסן אין מיטן האָט זיך אָנגערופן: — דו ביסט אַ בראַווער גאַוטשאָ... קום אַהער, אָט אין דער־אָ קרוג איז פאַראַן וואַסער... עס וועט קלעקן פאַר דיר און פאַר דייַן טשערעדע... — ניין ער, אַפּאַריסיאָ וועט נישט גיין צו די טויטע... צום זיידן וועט ער גיין! זיידע, זיידעניו, ווו ביסטו מיר אַהינגעקומען?...

אויף זייַנע קולות איז טאַקע געקומען צו לויפן דער זיידע. ער איז געווען איינגעהילט אין דער גרויער פּאָנטשע און דער וויַבערישער שוך איז שוין געווען אַן דעם קנאַפּל... דער זיידע האָט שווייגנדיי־ אים אָנגענומען פאַר אַ הענטל און מיט אים אינאייגעם זיך ווידער אויפגעהויבן צו די וואָלקנס.

אַלערלייי בריליאַנטן, ווי גרויסע אוירינגען האָבן זיך געמיניעט צווישן די געדיכטע און פול־באַזעצטע צווייַגן מיט ניס, איינגעווי־קלטע אין די גרינע שאָלעכצער. צווישן דער דאָזיקער וווּנדערלעכער סאָד באַלאָדן מיט גרויסע רויטע ווייַנשל און געלע קאַרשן און ציי־טיקע פערעשקעס מיט זאַפטיקע פלוימען. לאַנגע באַרנעס ווי לאַגלען מיט האָניק און גרויסע עפּל מיט רויטע באַקן. הינטער די ביימער האָבן שטיל און שטאָלץ געדרוישט די בלעטער פון דינע סאָסנעס און צווישן די סאָסנעס האָבן אומגעשפּאַנט ווייַסע שעפּסן און ציגן. אונטן, אינעם גרינעם טאָל, האָבן זיך געפּאַשעט טויזנטער קוטשע־

ראָווע שאָף. פּעטע קי, קעלבלעך און אייזעלעך — אַך, וויפל אייזעלעך דאָ גייען אום... מסתמא וועט ער דאָ געפינען די צוויי ברעקעלעך פונעם באַלעבאָס אייזעלעכע... אַך, ווי זי וויינט איצטער און קלאָגט נאָך אירע קינדער...

און ווער זענען די ווייַסע שטיבעלעך מיט רויטע שפּיציקע דע־כער און מיט פאַרהענגלעך איבער די פענצטערלעך? אַרום די שטיב־לעך וואַקסן זיך אינעם ווינטל — גרויסע רויטע און געלע דאַליען און ווייַסע נאַרציסן.

אויף צוויי הויכע דינע סלופּעס — פּלאַטערן אינעם ווינטל צוויי ריזיקע פענער. איינע — מיט אַ סך דרייַשפּיציקע שטערנדלעך און די צווייטע — אַן אַרגענטינישע, אַן אמתע פּאַטערלענדישע פאָן.

דער זיידע, וואָס איז זיך געמיטלעך געזעסן אינעם גראָז און געפּיפּקעט זייַן ליולקע, האָט זיך צעשמייכלט און נאָכדעם געזאָגט:

— דאָס איז דער העכסטער באַרג וואָס צווישן אַרגענטינע און טשילע. מיט דער הילף פון אַן אויסלענדער — האָט דאָ אויפגעשייַנט אַן ערדישער גן־עדן. ווען די קינדער פון אונדזער לאַנד, אייניקל מייַנס, וועלן אָפּשאַצן דעם אויבערשטנס גאָב, דאָס גוטס וואָס ער האָט זיי געשענקט, דעמאָלט וועט אונדזער ערד אינגאַנצן — פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גן־עדן.

— אָ, אָ!... דאָס איז דער באַרג אַליווערא? ... ער, אַפּאַריסיאָ, וויל אַהער ברענגען זייַן טשערעדע און עוועלינאַן. דאָ מוזן אוודאי ווױ־נען יענע גרויסע לייַט פון אַמאָל... אַזוי האָט בפירוש געזאָגט טשאַוועלאָ און די אַלטע סינפּאַראַ.

— קום זיידעניו צום הימלישן הערשער און מירן אים בעטן ער זאָל אונדז צולאָזן צו יענע... צו די אַמאָליקע וואָס האָבן דעם שליסל צום גן־עדן...

— ס'איז שוין צו שפּעט אַפּאַריסיאָ... דו האָסט אַ קאַפּעטשקע פאַרשלאָפן... ס'איז שוין צען אַזייגער... אין דער דאָזיקער שעה, אייניקל, קומען די ניט־גוטע אַרויס פון זייערע באַהעלטעניש און הויבן אָן צו גוואַלדעווען... דעמאָלט ווערט אַ שטורעם אַ שרעקלע־כער שטורעם און ווער עס איז נישט צוגעגרייט — דער פאַלט זיכער אַ קרבן... אַ רגע שפּעטער זענען די גאָלדענע און פייַעריקע סנאָ־פּעס געוואָרן טונקעלער און באַקומען דעם קאָליר פון איבערגעבראָכע־נע ציגל. איבער זיי האָט זיך פון הינטער די שנייאיקע הויכקייטן אויפגעהויבן אַן אַש גרויע כמאַרע, אײַלנדיק אַרייַנגעשוווּמען אין דער טונקלקייט און זי ביסלעכווייַז אייַנגעשלונגען.

איבערן מדבר האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ לויפנדיקע, פּחדימדיקע

הימלישע אומרואיקייט. ווי ניט ווי האָט זיך געוואָלגערט אַ ריזיקער בוים ווי געפּאַרבט אין טונקל־בלויער טינט און אַ וואָלף מיט צע־שויבערטע ווילדע קוטשערן...

באַלד טאַקע האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם, אַ פּולער מיט האַר־טע קלאַנגען, מיט אַ סווישטשערן, אַ ברומען, ווו ער וואָלט אין זיך אויסגעלאָדן פון אַלערליי קולות וואָס האָבן זיך ביז אַצינד געשטיקט אין דער קעל פון די אויפגעריסענע וואָלקנס.

דער זיידעניו — האָט אַפּאַריסיאַ זיך באַרואיקט — דער זיידע האָט זיך דערוויַיל אַריַינגעשאַרט אין אַ נאַענטער הייל, אַזאַ אויסגע־מוליעטע עפענונג וואָס די נאַטור אַליין האָט צוגעגרייט פאַר יענע וואַנדערער וואָס מוזן אין אַ נויטפאַל זיך אויסבאַהאַלטן... ער האָט זיך אויסגעצויגן מיטן רוקן אויף אַרויף און האָט אויך אים, דעם אייניקל, מיטגעצויגן.

דער דרויסן האָט זיך געוויגט איַינעם שטורעם. מיט אַמאָל האָבן זיך דערטראָגן אַהין שווידערלעכע קולות פון מענטשן און פון בהמות. די קולות האָבן ווי שווערע געוויכטן זיך געקאַלערט ביז צו די גרויסע שנייבערג און מיט אַמאָל איז געוואָרן שטיל.

דער זיידע האָט אים צוגעצויגן נאָך נענטער און האָט אים איַינ־גערוימט:

— דער שטורעם, אייניקל האָט אַראָפּגעטראָגן אין אָפּגרונט אַריַין אַ סטאַדע בהמות און די באַגלייטער וואָס האָבן זי געפירט קיין טשו־לע. ווען די פירער, אייניקל, זענען ליַיכטזיניק, אָדער אומפעיִק פאַר דער מיסיע וואָס מען טרויעט זיי אָן, — דעמאָלט פליען זיי צום אָפּגרונט און שלעפּן אויך מיט קרבנות... און אַזוי גייט עס יאָר איַין, יאָר אויס... אַלטע מדבר־ליַיט ווייסן וועגן דעם, אָבער זיי זענען נישט בכוח אָפּצוהאַלטן די מענטשן פון באַגיין נאַרישקייטן און פאַרברעכנס... פאַרשטייסט, אייניקל, דער אויבערשטער האָט מיט זיינע פינגער באַרירט די דאָזיקע ערד און זי געבענטשט. זאָלן מיר אויך בענטשן זיַין גרויסן נאָב, אָבער קיינמאָל זיך נישט אונטער־וואַרפן זיַין צאָרן און זיַין שטראָף...

דערוויַיל האָט דער שטורעם זיך גענומען איַינשטילן. די לויפנ־דיקע וואָלקן־באַטאַליאָנען זענען געוואָרן העלער, איבער די שנייאיקע בערג־רוקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט סנאָפּעס גאַנצע ווי פון ליליען אין טונקל בלויען צווייט. וואו נים וואו, האָט זיך אָנגעצונדן אַ בוים מיט ריזיקע צווייגן. גרויע שעפּסן האָבן זיך געשפּרייט ביַים ברעג פון לוימערן, פליסנדיקן טיַיך, צווישן צוויי גריבער.

דער זיידע איז אַרויסגעקראָכן פון דער באַהעלטעניש זיך אָוועק־

געזעצט אויף זיין בינטל און גענומען לעבן זיך דאס איניקל. ארום איז געווען רואיק. איבער די קרוינען פון די ביימער האט געשיינט א גאלדענע זון און דאס מחיהדיקע ווינטל האט שפילעוודיק געשוויבערט די אראפגעבויגענע, צעשונדענע ראנדן פונעם זיידנס קאפעליוש...

באלד האט ער זיך, דער זיידע אויפגעשטעלט, און פלינק ווי א יונגערמאן אנגעהויבן צו קלעטערן העכער און גאר הויך. ער האט זיך אנגעבויגן איבער א גאר טיפן אפגרונט, דורך וועלכן ס'האט געשטראמט און געשוימט א לויטערער וואסער־קוואל. די ווענט פונעם אפגרונט און אויבן ארום דער עפענונג — זענען געווען איינגעפרוירענע דיקע פליטן פון אייז. דאס אייז האט געשיינט אקעגן דער זון, זיך געטיקט ווי אין א שפיגל. דער זיידע האט זיך אנגערופן:

— די דאזיקע וואסערן, אייניקל מיינס, רייסן זיך ארויס פונעם ערדישן איינגעווייד און זיי טראגן זיך אוועק א:: גאר ווייטע, פאר אונדז אומבאקאנטע היילן. עס וועט קומען א טאג און די דאזיקע וואסערן וועלן ווידער ארויסקומען אהער און זיי וועלן אונדז ברענגען דעם שליסל צום גן־עדן...

אך, ווי שטארק, ער, אפאריסיא, וואלט וועלן טאן א קאלטן טרונק וואסער. ביי אים אין דער טארבע ליגט דאך דעם בלעכל, פאר וואסזשע זאל ער זיך ניט אנבייגן און אנשעפן קאלטע, פרישע וואסער פאר זיך און אויך פארן זיידנס וועגן?... אט שפיגלט ער זיך אפ אין דער רוישנדיקער קוואלעדיקער פליסיקייט. ווי פארשרפעט פון היץ עס איז זיינס און אויך דעם זיידנס פנים. דער זיידע האט אים אפגערוקט אן א זייט און זיך אפגערופן:

— זיי נישט אזוי איבערגעאיילט, אייניקל מיינס, איין פאלשע באוועגונג און דו פארלירסט דאס גלייכגעוויכט. דעמאלט פליסטו אריין אין דעם קעסל פון שטראמיקן גאלד... די כוואליעס וועלן דיך אוועקטראגן אינעם איינגעווייד פונעם פאסיפישן אקעאן... דא האט שוין נישט איינמאל געטראפן אזוינע פאסירונגען פון נישט זיין געווען פארזיכטיק. מיט טעג שפעטער זענען די אומגליקלעכע געפונען געווארן אויפן ברעג פון א פרעמדן ים אין א פרעמדן לאנד...

דא האט דער זיידע ארויסגעצויגן אן ערדענע קרוג פון זיין גרויסער טארבע און האט זיך אנגעבויגן איבערן אייזיקן קארניז אבער ער האט זיך אויסגעגליטשט און איז אריינגעפאלן אין דער שוימיקער לויטערקייט. אפאריסיא האט פון שלאף געטאן א געשריי, מיט שווערקייטן געעפנט די אויגן, אים האבן געשמארצט די אנגעצונדענע אויגן־דעקלעך, און ער האט זיך ארומגעקוקט. די טשערעדע האט ארומגעשפאנט גאר ווייט און געהאלטן אין איין מעקען און בעקען.

ער האָט נישט געוווּסט צי ער איז געווען אונטערן רושם פון אַ קאָשמאַר־ריש'ן חלום, אָדער ער איז ווידער אומגעגאַנגען מיטן זיידן אויף יענע וואונדערלעכע לאַנג־באַקאַנטע שפּאַצירן? ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט, מיטן קאַפּעליוש פאַרדעקט די אויגן און אין געדאַנק זיך געשוואוירן: מער נישט אַנטשלאָפן צו ווערן, נאָר פון ווייטנס אָפּהיטן די סטאַדע...

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און די שרפנדיקע היץ האָט אים ווידער אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמסט פון זיין שטענדיקער געוווינהייט. אינאיינעם מיטן שווערן, געשמאַקן שלאָף, האָט זיך אויך אומגעקערט צו אים דער איבערגעריסענער חלום.

ער האָט ווידער דערהערט דאָס פּליסקן פון דעם זיך־טרינקענדיקן זיידן צווישן די שוימיקע וואַסערן. פון אונטן איז אויך געקומען דאָס געוויין פון דער מאַמע־אייזל און פון אירע ברעקעלעך. ביסלעכווייז איז אויפגעגאַנגען אין אים אַ מאָדנע שרעק און אַ גרענעצלאָזער רחמנות צום זיידן און דער צעריסענער אייזל־משפחה. ער האָט אויך געהערט די קולות פון די בהמות וואָס דער שטורעם האָט אינאיינעם מיט די נישט־געניטע פּאַסטוכער אַראָפּגעטראָגן אינעם אָפּגרונט אַ־ריין... דערצו האָט זיך נאָר באַוויזן די עוועלינאַ מיטן „בינעזער". יענער האָט זיך אַלץ געשפּילט מיטן זוים פון איר קאַפּעליוש און זי האָט געלאַכט, שטאַרק און הילכיק געלאַכט...

אַפּאַריסיאַ האָט זיך אויפגעהויבן. ער איז אַוועק הינטער אַ ריזיקן גרויסן שטיין מיט אויסגעקריצטע נעמען פון וואַנדערער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און האָט אַ פאַרחידושטער און מיט אַ געפיל פון הייליקייט אַרויפגעקוקט צו דער ריזיקער לבנה, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פייערדיקער ראָד און האָט אָפּגעקוקט פון הינטער אַ ווייסן בלאַנקנדיקן שניי אויפן שפּיץ פון אַ באַרג. אין אין דער לבנה, האָט ער באַמערקט, איז ווי תמיד, אומגעריטן דער געטלעכער הערשער אויף זיין קליינעם חנוודיקן אייזעלע. אַפּאַריסיאַ האָט זיך ווי דערשראָקן פאַר דער אימפּאָנירנדיקער מאַיעסטעטישקייט פון די בערג. ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין קינדישן לעבן, זיך באמת דערפילט אַליין און פאַרלוירן. דערצו האָט דער פרעסנדיקער טרויער און די אייפערזוכט, אים געפייניקט ווי משוגעת. ס'האָט אים אויך געפייניקט אַ געפיל פון שולד לגבי דעם טייערן זיידעניו! צוליב אים, אַפּאַריסיאַן, האָט ער זיך אָנגעבויגן איבערן וואַסער און איז אַהין אַריינגעפאַלן... איצט, זיך פילנדיק אינגאַנצן אַן איינזאַמער, האָט ער, ווי אַלע פאַרצווייפלטע, אומבאַהאָלפענע קינדער, אָנגעהויבן וויינען און שלינגען די טרערן, וואָס זענען ריטשקעס־ווייז געפלאָסן

איבערן אָפּגעברענטן פּנים. צווישן איין כליפּ און דעם אַנדערן האָט עס פון אים אַרויסגערעדט און געמאָנט: „אַלמעכטיקער גאָט, גיב מיר אָפּ מײַן זיידן, גיב מיר צוריק די ברעקעלעך אייזעלעך! אַ־אַ!...

די לבנה שווימט זיך ווײַטער און דעם אויבערשטן גייען ניט אָן זײַנע, אַפּאַריסיאָס טרערן און נישט זײַן געבעט... אָך, ווען ער האָט אַצינד די פליגלען פון בלויען ווינט, וואָס דער זיידע האָט אים געשאָנקען! אָך וואָלט ער איצט אַ פלי געטאָן ביז צו דער לבנה... און זאָל אים דער אויבערשטער פרוּוון אַראָפּוואַרפן... זאָל ער, אויב ער האָט אַ האַרץ פון אַ שטיין...

דערווײַל האָט זיך אַ גרויסע בין אָפּגעשטעלט בײַ אים אויפן נאַקן און אים געטאָן איר שטאָך. ער האָט פאַר ווייטיק אַזש אָנגע־הויבן צו וויינען נאָך האַרצרײַסנדיקער ווי פריער, אָבער די לבנה איז זיך רואיק געשווומען בײַם ראַנד פון שפּיץ־באַרג און געוואָרפן אויפן שניי — פײַערדיקע שפּיצן און אויך פלעקן ווי פון ליליען און פון בורשטין. די ליכטיקייט האָט אָנגעהויבן שנײַדן און בריען זײַנע גע־שוואָלענע וויעס. אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגן און צו בעטן. באַלד האָט זיך דערהערט אַ דונער און נאָך איינער. אַ בליץ ווי אַ שאַרף פון אַ מעסער האָט דורכגעשניטן די ראָזע און בלייכע קו־פּאָלן איבער די בערג און דער גאַנצער אַרום האָט זיך געגעבן אַ צעוויג. אַפּאַריסיאָס צוויי אויגן ווי געלײַטערטע פּערל — האָבן גע־לויערט העט ווײַט און געזוכט עמיצן וואָס זאָל טיילן מיט אים די שרעק און דעם טרויער. אַ ריזיקער רויטער פויגל מיט צעשפּרייטע פליגלען, האָט זיך אויפגעהויבן פון צווישן די סאָסנעס און האָט מיט גראַציעזער ליכטקייט זיך אײַנגעוועבט אין די טונקעלע שווערע כמאַרעס. באַלד נאָך אַ פויגל מיט קײַלעכיקע אויגן וואָס פינקלען אַרויס פון הינטער אַ ברוינעם טשיפּיקל, אויפן שיינעם קעפּל. אין דער זעלביקער ליניע האָבן נאָכגעפּאָלגט אין אַ האַלב־קרײַז, זעקס יונגע פייגעלעך. אַ,אַ! האָט אַפּאַריסיאָ ווי פאַרגעסן אין זײַן פאַרצווייפלונג און איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דער פרײַער זאָרגלאָזער פויגלישער דרייסטקייט אַ, אַ! דער ערשטער איז ווײַזט אויס, דער וועגווײַזער. מוז עס אוודאי זײַן דער אמתר זכר! — האָט ער זיך פאַרטראַכט. די עוועלינאַ וויל האָס מאַכן אַנדערש. זי וויל תמיד גיין פאָרויס און זײַן די וועגווײַזערין... ווען ער, אַפּאַריסיאָ, וועט זי נעמען פאַר אַ ווײַב, וועט ער איר דערלאַנגען מיט אַ פויסט... אַזוי טוט מען דאָ און זיי ווערן נאָכגיביק, די נאַרישע זיעלעך... זאָל זי אים נאָר געבן צוריק דעם זיידנס פליגלען, וועט זי ווערן אויס מאַכערן... מיט איך פוסטער גאווה און ער, אַפּאַריסיאָ וועט זיך אַ הויב טאָן אַזוי הויך און אַזוי דרייסט ווי דער פויגל, דער וועגווײַזער...

דאָ האָט ער דערהערט עוועליִנאַס פרעך געלעכטערל: „אַפּאַריסיאַ, ביזט אַ בהמהלע און נישט מער. מיט פליגלען קען דאָך יעדער פויגל זיך אויפהויבן ביז צו די וואָלקנס, דו וויַיז מיר נאָר אַ קונץ און הויב זיך אויף אָן די פליגלען, דעמאָלט וועל איך זען אַז דו ביזט אַן אמתער זכרל, און איך וועל אויף אייביק ווערן דיַין וויַיבעלע, דיַינע און מער קיינעמס נישט"...

ער האָט אומגעדרייט צו איר דאָס פּנים און מיט אַ האַרצוווייטיק און פאַרשעמונג צוגעזען ווי זיַין ריוואַל איז, אויפן בערגל, געשטאַנען לעבן עוועליִנאַן און האָט אַלץ געקנייטשט דעם זוים פון איר קאַפּעליוש: הייסט עס זיי האָבן אים געזען אין זיַין שוואַכקייט?... זיי וועלן דאָס אויך דערציילן אַלע יינגלעך אין מדבר. ווי אַזוי וועט ער איצטער קענען קוקן זיי אין די אויגן?... וואָס וועלן זיי, די פּחדנים טראַכטן וועגן אים?

ערשט איצט האָבן אויפגעוואַכט אין אים אַלע אָנגעזאַמלטע ווייטיקן און די נישט־אַרויסגעזאָגטע טענות צו אַלץ און צו אַלעמען, אַפילו צו זיַין אייגענער מאַמען מיטן טאַטן. ער האָט געוואָלט נאָר איין זאַך: זיך אויפהויבן אין דער לופטן און נאָכפליען יענעם ריזיקן רויטן פויגל מיטן ברוינעם טשיפּיק... פליען — און עוועליִנאַ מיט איר כינעזער — זאָלן אים באַוווּנדערן און מקנא זיַין. ער האָט ווי אַ בלאָזזאַק, זיך אָנגענומען מיט ליבע און זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס. ער איז געוואָרן ליַיכט, שוועבנדיק און זיך אַוועקגעוויגט העכער, העכער...

ס'האָט אים נאָר אויסגעפעלט אַביסל אָטעם און די שווערע צווייַיגן האָבן אים געצויגן צוריק... ער האָט אָנגעהויבן שאַרן מיט די הענט, דורכגעבראָכן די כמאַרעס און זיך ווי עס איז געטראָגן וויַיטער.

עוועליִנאַס שטים איז אים נאָכגעפלויגן און אים באַוווּנדערט: „אַך" סאַראַ בראַווער זכרל דו ביזט! אויב דיר איז ליב וואַרט נאָר אַ וויַילינקע און איך וועל אַ פלי טאָן צו דיר"...

— אַזוי, מיט פליגל איז דיר אַוודאי ליַיכט צו זיַין אַ שטאַרקע!

— האָט ער זיך געגרויסט און קוים געקענט אָפּכאַפּן דעם שווערן אָטעם. דו באַוויַיז מיר נאָר אַ קונץ און פלי אָן פליגלען — אַזוי ווי איך!...

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן נאָך העכער און איז פּונקט ווי יענער רויטער פויגל מיט זיַין משפּחה — אַריַין צווישן די וואָלקנס ווי פון ליליען־צוויט און בערג פון ראָזעווע און העל־בלויע וואַטע.

מיט אַמאָל האָט ער דערהערט אַ גראָבלעכע שטימע פון אַ מאַן „עי! וווּהין טראָגט עס דיך?..." — אַפּאַריסיאַ האָט געטאָן אַ ציר־

טער און די הענט און פֿיס זענען געוואָרן מאַכטלאַז. ער איז געבליבן ליגן אויף אַ שטיקל כמאַרע ווי אַ רויטע פּאַנטשע פֿון וואָל. ער האָט דורך די געשוואָלענע האַלב־פֿאַרצויגענע ווִיעס געהאַלטן אין איין קוקן צו אַ זיגזאַגיקער סטעזשקע, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען אַ הויך שליטעלע אויסגעבעט מיט רויטן פּליוש און מיט אַ זיץ פֿון בלויען זײַד. אויפֿן זיץ, האָט ער דערזען, איז זיך ברייטלעך געזעסן אַ דיקלעכער מאַן מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד און מיט אַ ווײַסע קיטשמע. זײַנע בלויע אויגן האָבן קינדיש און לציש געשמייכלט. אַפּאַריסיאַ האָט געטראַכט: „סאַראַ טײַערן מאַנטל פֿון רויטן סאַמעד מיט אַ ווײַסן קאָלנער — האָט זיידע טראָגט! זאָל עס טאַקע דער אַלטיטשקער זײַן דער זיידע פּערמין, אָדער טשאַוועלאַ?... אָבער ווער זענען עס די ווײַסע בערן וואָס פֿירן דאָס שליטעלע? בערן אין רויטע שטיוועלעד פֿון טײַערן פּליוש און מיט רויטע היטלען אויף די קעפּ — אַזעלכע בערן זעט ער דאָ צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן... און הינטן, אין שליטעלעד, אַן אוצר... פֿולע קוישן מיט שפּילערײַען פֿאַר קינדערסוועגן... ער, אַפּאַריסיאַ, וואָלט אויך געוואָלט קריגן אַ רעוואָלווער, אַן אמתן רעוואָלווער און אַ גרויסן באַלעם... און אַ גאַרטל, אַן אמתן גאַרטל פֿון לעדער און באַשלאָגן מיט מטבעות מיט אמתע, מיט נאַציאָנאַלע...

דער אַלטער האָט געטאָן אַ פּאַכע מיטן בײַטש און די בערן האָבן, גראַציעזע, געטאָן אַ שפּאַן. דער שליטן האָט זיך געגליטשט אויף אַ ווייכן טעפּיך פֿון גרויער כמאַרע און דערצו נאָך — צווישן דינע גרינע סאָסנעלעד און צוויט־ביימלעד... ער האָט פֿון ווײַטנס אויסגערופֿן...

— ווער ביסטו, שיינער זיידעניו?...

— דאָס בין איך דער קעניג פֿון די וואונדער פֿאַר אַלע קליינע קינדער.

— אַזוי, איז פֿאַרוואָס, ליבער זיידעניו, האָסטו אַלע נעכט פֿון די „רעזשעס” געלאָזט ליידיק מײַנע שיך?...

דער קעניג האָט זיך ברייטלעך צעהוידעט אויף זײַן זיצפּלאַץ און די רויטע באַקן און די לויטערקייט פֿון זײַן צעפֿרידענעם פּנים זענען געוואָרן מער ערנסט. אַפּאַריסיאַ האָט פֿאַרלייגט אַ ליפּ איבער אַ ליפּ און ברוגזלעך געפֿרעגט:

— אפֿשר האָט דער קעניג פֿון די וואונדער פֿאַר אַלע קליינע קינדער, גאָר פֿאַרגעסן דעם אַדרעס פֿון זיידע פּערמינס ראַנטשעלע? אויב אַזוי, קען ער, דער גוטער קעניג, אים, אַפּאַריסיאַ, אַצינד, אָפּגעבן אַלץ וואָס ער איז אים געבליבן שולדיק... ער וויל אַ פּאָר נײַע

אַלפּאַרגאַטן, אמתע אַלפּאַרגאַטן מיט פּאַדעשוועס פֿון גראָבן שטריק...
ער וויל מלבושים און אַ גאַרטל ווי עס טראָגן די קאָו־באָיס...

האָט דער קעניג אַ ווײַלינקע אָפּגעהאַלטן די בערן און האָט בשעת ער האָט געטענהט, זיך אויך אָנגערופֿן:

— איך, מײַן אוצערל, בין דאָ ניט מער ווי אַן עקאָנאָם איבער אַ פֿרעמדן פֿאַרמעגן, דאָ ווייסט מען ניט פֿון קיין קאַרגשאַפֿט און פֿון שפּאָרן געלט. די הערשער טוען דאָס וואָס זיי געפֿעלט.

— זיי זענען אויסלענדישע?... האָט זיך אַפּאַריסיאַ געוואונ־דערט. דער קעניג האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס פֿאַלט דיר אײַן, מײַן ליב ייִנגל. פֿאַר אַזעלכע געדאַנקען האָט מען דיר געדאַרפֿט גוט אָנדרייען די אויערן...

אַפּאַריסיאַ האָט ביטער געזיפֿצט; ווייל רעדן צופֿיל איז ניט גע־ווען אין זײַן נאַטור, האָט ער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און גע־שוויגן. אָבער דאָ האָט ער ווידער דערהערט עוועלינאָס פֿריידיקע שטים:

— אַפּאַריסיאַ, מײַן ליבסטער, לאָז אים ניט אָפּ, דעם ליבן קע־ניג פֿון די וואונדער... זאָג אַז איך און דו, זענען מיר אויך קליי־נע קינדער...

אַפּאַריסיאַ האָט זיך אויפֿגעהויבן, צענעמען די הענט און האָט פֿאַרשטעלט די בערן דעם אויסגעטראָטענעם וועג אויף דער סטעזש־קע. דער קעניג האָט פֿאַרצויגן די ווייסע שפּיציקע ברעמען און גע־טאָן אַ ברום:

— דו גיי דיר צוריק צו דײַן טשערעדע און שפּיל דיך מיטן ווינט... דו האָסט אויגן ווי צוויי לויטערע קוואַלן און די ליבשאַפֿט פֿון עוועלינאָן...

— אַזוי, גאָרניט געוואוסט. אָבער איך מוז דאָך אויך האָבן אַ מתנה פֿאַרן זיידנס וועגן, צו זײַנע געבוירן־טעג, ווען דער טאָג פֿון אַלע זיידעס...

— דו ביסט אַ ליגנער!... האָט דער קעניג אַ פּאַטש געטאָן מיטן בײַטשל און אים געוואָרנט: דו האָסט תמיד געגעבן אַ מתנה דעם זיידן און די שענסטע פֿון אַלע מתנות... אַ בינטל פֿרישע בלי־מעלעך און דערצו נאָך זינגסטו אים תמיד אַ לידעלע: „איך האָב דיר זיידעניו, אַ זעלטענעם אוצרל געבראַכט; געבראַכט דיר מײַן ליב־שאַפֿט, מײַן האַרץ און מײַן שבועה, ווען דו וועסט ווערן צו אַלט און צו שוואַך „אין ראַנטשע ביי מיר וועסטו רוען". דו וועסט אין מײַן היים דיך ניט פֿילן אַליין. דעם ווײַן און דאָס פֿלייש איך וועל טיילן אויף צווייען..."

— איך וויל אַ זייגער פֿאַרן זיידנס וועגן — האָט אים אַפּאַרי־

סיא איבערגעשלאגן א געריךטער פון קעניגס גוטסקייט. דער קעניג האט זיך ווידער אנגערופן:

— דיין זיידע, יינגעלע, נוויטיקט זיך נישט אין קיין שום זייגער, אים האט דער אויבערשטער געגעבן די שענסטע און איידלסטע מתנה: שארפע חושים און א גרויס הארץ און ליכטיקע אויגן וואס בויערן דורך אלע ווינקלען פונעם מדבר! וואס נאך, יינגל, קען א מענטש וועלן פארמאגן, וואס נאך? זאג, זאג...

— אבער עס איז דאך שיין צו האבן א זייגער, אן אמתן זייגער מיט א קייטעלע פון אייזן... און שיך וויל איך אים גיבן, אמתע שיך פון לעדער און מיט צוועקעס אין די גראבע פארעשוועס...

דער קעניג האט זיך גוטמוטיק געבייזערט:

— דיין זיידע יינגעלע באדארף נישט קיין זייגער. איך האב דיר שוין געזאגט: זיינע שארפע חושים און דאס ליכט פון זיינע קלוגע אויגן וועלן אים וויטער אומפירן איבערן מדבר... ער קען אויך, דער זיידע דיינער, ווערן א וועגווייזער פאר אנדערע...

— אזוי?!... עס איז אבער דאך שיין צו האבן א זייגער אזוי אן אמתן זייגער מיט א קייטעלע פון שטאל... און שיך איז אויך שיין צו האבן... שיך פון אמתן לעדער און מיט צוועקעס אין די פארעשוועס... — האט ער זיך פארביטערט געעקשנט.

דער אלטער האט מילד געשמייכלט און געזאגט:

— דו, מיין יינגל פארשטייסט נישט וואס אזוינס עס הייסט זיין רואיק, ווער, וויל איך וויסן, קען, צו דיינע קלוגן זיידן, גאר זיין גלייך?... דו, ווידער קוקסט צו וויט... איך מוז באדינען די געהויבענע לייט... שאפן אומזיסטע דאגה׳ס איז א זינד... פארשטייסטו מיך, דו, נאריש קינד?

ער האט א שמייכל געטאן מיטן בייטשל און די צוויי ווייסע בערן האבן זיך ווי פייגל אוועקגעטראגן. אפאריסיא האט זיי נאכגעקוקט און הארצרייסנדיק געכליפעט: מאמע, מאמע... פאר וואס שווייגסטו?... פאר וואס האסטו מיך איבערגעלאזט, פארוואס?...

מיט אמאל האבן די ריזיקע קופאלן זיך אפגערוקט איינס פון צווייטן און א פרויען־געשטאלט איז געבליבן שטיין אנטקעגן אים. זי איז געווען א קליינע, א שמאלע און ארומגעהילט אין א בלויער פאנטשע מיט רויטע פראנדזן. אירע בלויע אויגן האבן אומעטיק און זיס געשמייכלט. אויף איין האנט האט זי געהאלטן א האלב נאקעט יינגעלע מיט קרויזן און מיט א ליבן שמייכל אויפן קיילכיקן פנימ׳ל. אין דער צווייטער האנט — האט זי געהאלטן א גראבן שטעקן אויף וועלכן זי האט זיך אנגעשפארט. אפאריסיא האט גע־אטעמט שווער און איז שלאף זיך געחידושט:

— דאָס איז דאָך די הייליקע מאַמעלע מיט איר קינד, דער דער־לייזער... ער האָט זי דאַכט זיך, ערשט היינט געזען דאָרטן, אינעם קלויסטערל. ער האָט נישט אויפגעהערט צו בליפּען און ווידער צו רופן: מאַמע!... זי האָט דעם שטעקן אַריבערגעלייגט איבער אירע אַקסלען, צוגעגאַנגען צו אים גאָר נאָענט און מיטן זוים פון ווייכן הימל־בלויען כאַלאַט, אים אויסגעשווישט די טרערן. אים איז געוואָרן מאָדנע וואַרעם אין די אברים און דאָס געפיל פון אַ באַליידיקט קינד, האָט זיך ווי אַרויסגעגאָסן פון אים אינאיינעם מיט די ריטשקעס טרערן.

— פאַר וואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט הינטערן זיידנס ראַנטשעלע, האַ?... איך האָב דאָך דאָרטן געקענט צוגעדעקט ווערן פון שניי און שטאַרבן... אַ, אַ! איך ווייס: דו האָסט דיר געזוכט דיין אייגן לעבן, דיינע באַקוועמלעכקייטן!...

די מאַמע האָט געטריי צוגעטוליעט זיין קאָפּ צו איר ברוסט און האָט שטיל געוויינט.

— זיי מיך מוחל, מיין אוצרל... עס האָט דיין טאַטע מיר גע־געוואוירן אייביקע ליבע, אָבער...

— קאַבאַרדע!... אַז איך וועל אים דעם ליגנער, געפינען, וועל איך אים, מאַמעלע, אויסהאַקן די ציין... פאַר דיר, פאַר דיין כבוד וועגן, וועל איך עס טאָן!

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, צוגעלייגט איר פּנים צו זיינעם און אים צוגעטוליעט צו זיך אַזוי שטאַרק, אַז דער אָטעם איז אים איבערגעהאַקט געוואָרן. ער האָט אין געדאַנק זיך געזאָגט:

— אַך, ווי גוט און ווי רואיק מען פילט זיך לעבן דער אייגענער מאַמע... איצט דאַרף ער שוין מער נישט קיין שום מתנה פונעם וואונדערלעכן קעניג. ער האָט אַצינד אַלץ וואָס ער האָט זיך ביז איצט געוואונטשן. ער וועט נעמען די מאַמעלע צום זיידן אין דער ראַנטשע... ס'איז דאָרטן גענוג געררוים... אויך דאָס ברעקעלע וועט אין אַ ווינקל האָבן וואו צו שלאָפן... און וואו וועט שלאָפן עווע־לינאַ?... ער וועט אַפּנעמען ביי איר די פליגלען און זיי אַוועק־שענקען דער מאַמעלע, וועט זי פאַרשפּאָרן זיך אַנצושפּאַרן אויף אַ שטעקן...

מיט אַמאָל האָט ער ווידער דערהערט עוועלינאַס קול:

— קאַראַמבאַ, רוק דיך אָפּ פון דער הייליקער מאַמעלע און לאָז מיך צו... — זי האָט נישט געוואַרט אַז ער זאָל איר צוליבטאָן, נאָר אים אָפּגעריסן פון אָרט און זיך צוגעבויגן צו דער מאַמעלע... ער האָט זיך ביטער צעפּליפּעט... צווישן איין שלוכץ און דעם אַנדערן, האָט ער געגרופן: „זיידע, זיידעניו!...”

— אַט בין איך דאָ! האָט ער געהערט דעם זיידנס טרייסטנדיקע שטים. ער האָט אויפגעהויבן די בליקן און אַנטקעגן אים איז גאָר געשטאַנען אַ קליינער אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגער ווייסע באָרד מיט פּאה'ס. זיין פּנים איז געווען קליין און דורכגעאַקערט מיט גרויע קאַרבן און קנייטשעלעך. די קליינע אויגן האָבן זיך קוים אַרויסגעזען פון טיפן שטערן מיט די ברייטע געדיכטע און שפּיציקע ברעמען.

— האָסט מיך גערופן? — האָט דער אַלטיטשקער געפרעגט.

אַפּאַריסיאַ האָט זיך דערשראָקן ווייל די שטים פון אַלטיטשקן איז אים געווען אומבאַקאַנט. ער האָט אין שלאָף זיך געוואונדערט און זיך געפרעגט: — זאָל עס דער דאָזיקער אַלטיטשקער טאַקע זיין דער רחמנות'דיקער, וועגן וועלכן דער זיידע און טשאַוועלאַ האַלטן אין איין דערציילן די גרעסטע וואונדער און ניסים? קאַראַמבאַ, ווי קען עס אַזאַ אויסגעצערטער אַלטיטשקער, געוועלטיקן איבער אַלץ און אַלעמען...

ער, אַפּאַריסיאַ, וואָלט נאָר וועלן צוגיין גאָר נאָענט און אים אָנקוקן בעסער...

די קינדערשע נייגיר האָט אים ווי גענומען פאַרן הענטל. ער האָט פּאַוואָלינקע און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געשטעלט איין טראָט נאָכן אַנדערן, אָבער די שווערע צוויי שיך זענען געבליבן שטעקן צווישן די הויפנס כמאַרע און האָבן אים געשלעפּט אַראָפּ, צו דער נידער. דערצו האָבן פייערדיקע סנאָפּעס ווי גאָלדענע בליעכצן און פּערל מיט בורשטינען זיך געהאַלטן אין איין מישן פאַר זיינע פאַרחידושטע בליקן און אים פאַרבלענדעט מיט זייער אויסטערלישער שיינקייט. ער האָט זיך געוואונדערט: קאַראַמבאַ, פאַר וואָס איז אים אַצינד אַזוי שווער צו גיין אויף די בערג... די שיין ברענט אים אויס די אויגן און די שטערן — מיליאָנען שטערן ווי גרויסע בריליאַנטן — קוקן אַרויס פון די פייערדיקע סנאָפּעס און ווינקן צו אים. אָבער — ער איז אַ יינגל פון דער מדבר... ער ווייסט אַז מען דאַרף גיין און גיין ביז מען קומט אָן צום ציל...

דאָ איז פון הינטערן ראַנטשעלע אין וועלכן עס איז געשטאַנען דער אַלטיטשקער, אַרויסגעשפּרונגען אַ לאַנגער פאַרשוין אין אַ שוואַרצער, געפּאַסטער מאַמעלוקע און מיט אַ געלן טראַלד אין שפּיציקן, שוואַרצן מיץ אויפן קאָפּ.

אַפּאַריסיאַ האָט זיך דערשראָקן און זיך אויך געחידושט:

— קאַראַמבאַ, דאָ אויפן הימל, וואוינט אַ טייוול? דער זיידע און טשאַוועלאַ האָבן דערציילט אַז דער טייוול זיצט אין גהינום... אַלע טייוואָלים וואוינען דאָרטן און זיי בראָטן זיך אין שרעקלעכע

פֿייערן — דערווייל האָט דער פּאַרשוין אַ ציטשע געטאָן אונטער זיין שוואַרצער מאַסקע:

— וואָס, דו קליינער מזיק, האָט דיר געוויזן דעם וועג אַהער?...

אַפּאַריסיאַ האָט געפילט ווי זיינע בליקן און אַלץ אין אים האָט גענומען ציטערן... ס'האָט פון אים קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— דער זיידע איז דאָ טשאַלעוואַ האָבן מיך שוין אַ סך מאָל געפירט פאַרברענגען אויף די דאָזיקע וואונדערלעכע בערג.

— דו זאָגסט ליגן!

אַפּאַריסיאַ וואָס איז נישט געווען געוואוינט צו רעדן צופיל און אויך נישט אַז עמיצער זאָל באַנוצן צו אים אַזאַ טאָן פון גרינגשעצונג, איז ווי פאַרהילצערט געוואָרן. אָנשטאָט זיך צו פאַרענטפערן האָט ער גאָר אָנגעשטעלט די בליקן צום אַלטעטשקן וואָס האָט מיט אַ ציין־שטעכערל געהאַלטן אין איין אַרויסשלעפן שניצעלעך וואַטע פונעם רעכטן אויער... אַפּאַריסיאַ האָט אָנגעהויבן וויינען. דער אַלטיטשקער האָט געקראַגן אַ פאַרצרהט און רחמנות'דיק פנים. ער האָט בעטנדיק געזאָגט:

— פאַר וואָס האָסטו, מיין אוצרל, מיך אויפגעוועקט פון מיין געשמאַקן שלאָף?... אַט שטייט דאָך דאָ איינער פון מיינע ליבמענטשן. דערצייל אים, מיין קינד, וועגן אַלץ וואָס דיך קוועלט...

— אוודאי — האָט זיך דער טייוול אַריינגעמישט — ס'איז נאָך פאַראַן גערעכטיקייט אויף דער וועלט...

— ניין, עס איז נישט פאַראַן! — האָט אַפּאַריסיאַ אין זיין קינדישער געבראָכנקייט זיך באַקלאָגט. דער מאַגישער קעניג און די מאַמעלע, האָבן אָפּגענאַרט זיינע האָפענונגען... וואו איז דער זיידע פּערמין, וואו זענען די ברעקעלעך אייזעלעך און די טשערעדע?...

דער פּאַרשוין האָט זיך צוגעבויגן צום זיידעניו און אים עפּעס איינגערוימט... דער זיידע האָט זיך ווי געבעטן ביי אַפּאַריסיאַ'ן וואָס האָט פון שרעק — אָנגעהויבן ציטערן.

— איך, מיין אוצרל, בין שוין אַלט און מיד...

— ניין און ניין! האָט עס פון אַפּטריסיאַ'ן אַרויסגעכליפּעט דער אָנגעזאַמלטער צער און די שרעק. — איך וויל אַז דער זיידע זאָל מיך אַריינלאָזן אין זיין ראַנטשע און באַסטאַ!...

ער האָט אין זיין פאַרצווייפלונג פאַרגעסן אין אַלע געפאַרן און האָט זיך אַ צי געטאָן פאַראויס און זיך אָנגעכאַפּט אין קאַרניז פונעם נידעריקן פענצטערל. ער האָט גלייך באַמערקט אַז דעם זיידנ'ס אויערן זענען טאַקע פאַרשטאָפּטע און דערצו — רינט פון זיי... די אַלטע סינפּאַראַ וואָלט אים געמאַכט פאַרע־בעדער און געגעבן צו טרינקען אַכענכאַ. עס ווייזט טאַקע אויס אַז דער דאָזיקער זיידעניו

האט דא נישט קיין אמת'ע גוטע פריינט... דער זיידע פערמין האט געזונטע אויערן און טשאוועלא — אויך... — האט ער געטראכט.

ער פארשוין, איז שווארצן, וואס האט דעריווייל געהאלטן אין איין מאכן אומקריַיזן ארום דעם ברעקעלע ראנטשעלע פון גרויער כמארע, דער פארשוין האט ווידער עפעס איינגערוימט דעם אל־טיטשקען און איז וויַיטער אוועק זיַין וועג. אפאריסיא האט רחמנות'דיק א גלעט געטאן די אלטע געראנצלטע האנט פון זיידן און פארלייגט א ליפל אויף א ליפל.

נאך דעם האט ער זיך שטיל אנגערופן:

— טריַיב אוועק פון דאנען דעם פארשוין אין שווארצן. לאז מיך, אז איך זאל דיר באדינען, ווילסט?...

דער זיידע האט אים אונטערגעטראגן דעם האלב־אויסגעשטאפטן אויער אינאיינעם מיטן ציין־שטעכער און האט אים איינגערוימט:

— צי איך וויל?... אבער צי האב איך דען דא א דעה איבער מיין אייגענער נשמה?... מיך האלט מען דא ווי אן ארעסטירטער, פשוט דערפאר וויל איך האב נישט געוואלט אז מיינע אלע געטרייע דינער זאלן אין מיין נאמען אפטאן די געמיינסטע שווינדלערייען...

— וואַ אַ ס?... ש ש ש... שרעק דיך נישט...

אט דא, טאקע נישט וויַיט, אין זיידן פערמינ'ס ראנטשעלע פילט מען זיך פריי און אויך זיכער... דערצו קען מען אוועקגיין און קומען צוריק — ווען דאס הארץ גלוסט...

— אזוי?... איז דעם אלטיטשקנס שטים געווארן אביסל לויטערער און די בליקן — פולע מיט אומגלויבן.

אויב אזוי, מיין ליב יינגל, אויב דיינע טרערן און דיין ריינקייט זענען נישט געפאלן צו זיי אין די הענט אריַין, פארשטיי איך שוין אלץ, אלץ...

— האב נישט מורא זיידעניו — האט אים אפאריסיא געטרייסט — קום, קום מיט מיר... וועסט אפשר אויך זיין א פאריער, אבער דאך נישט אזוי איינזאם און אפגעשלאסן פון מדבר...

— דו ביסט נאך א ברעקל. אויך דו טארסט נישט אומבלאנקן ווי א פאריער אויף דער ערד... איך האב זי געבענטשט מיט אלעם גוטן... פארשטייסט... עס זעט אויס אז דארטן, אונטן איז נאך נישט אלץ אין בעסטער ארדענונג...

— אונטן, זיידע, איז די ערד פעט און איז רואיק. אבער איך בין נאך א קינד מיט קינדער צוגלייך... צוליב דעם וויל איך איצט א רעד טאן מיטן דערלייזער... איך ווייס אז ער האט ליב קליינע קינדער, איך ווייס!

דא האט זיך ווידער באוויזן דער פארשוין אין שווארצן און

האָט מיט דער פלייצע פאַרשטעלט דאָס פענצטערל פון דעם זיידן. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגערופן:

— גיי דיר צוריק צו דיין סטאַדע, איידער די וועלף וועלן זי אויפפרעסן...

— איך וויל די ברעקעלעך אייזעלעך... איך וויל א טרונק, א קאַלטן טרונק!...

— גיי דיר פון דאַנען — אַז נישט וועסטו ליגן אין תפיסה!

— אין תפיסה?... פאַר וואָס?...

— ווייל דו קריכסט צו הויך און צו ווייט!

— דער זיידע פערמין האָט מיר געשענקט פליגלען צום פליען...

— וואָס, פליגלען?... האָט דער פאַרשוין זיך צעלאַכט און אָפּאַ־ריסיאַ האָט פון שרעק זיך איינגעבויגן און באַלד ווידער זיך אויס־געגלייכט און פעסט געהאַלטן דעם קאַרניז פון פענצטערל. ער האָט געהערט דעם אַלטיטשקן קרעכצן און זיין האַרץ איז צעבראָכן גע־וואָרן פון מיטגעפיל. ער האָט זיך אָנגערופן:

— פאַר וואָס האַלסטו א שלאָס אויפן זיידנס ראַנטשעלע? דער אַרעמענקער וועט דאָך דאָ ווערן דערשטיקט!. טו נאָר א קוק וויפל לייזיקע בערג עס זענען דאָ! מיליאַנען מענטשן קענען דאָ וואוינען, נים אזוי?...

— אַרויס פון דאַנען!...

— גוט, איך וועל מיר גיין!, אָבער פריער וויל איך אַז דער סעניאָר זאָל מיר געבן דעם ריכטיקן אַדרעס פון מיין מאַמעס ראַנטשאָ...

— דיין מאַמע איז ניט פאַרשריבן געוואָרן אין אונדזערע ביכער!...

— ווּעמען גייט עס אָן?... סיי ווי איז זי דאָך מיין מאַמע און באַסטאַ!

דער זיידעניו האָט אַפּאַריסיאַן באַמערקט, ער האָט אַפּיר־גערוקט א זייט פונעם פנים און אים — מער מיט די פאַרזיכטיקע אַלטע אויגן — ווי מיטן מויל, איינגערוימט:

— דער דאָזיקער פאַרשוין ווייסט ווענן אַלץ וואָס דיר פעלט... ער קען דיר שענקען א פעסל מיט שמאַלץ, ביי אים אין די לאַפּעס באַגראָבן איז אַלץ.

דער פאַרשוין האָט אים אָבער גלייך איבערגעשלאָגן:

—דער שנעק איז א פוילער, ער ווייסט ניט פון גוטס, אַלע טאָג עסט ער האָניק מיט ברויט...

— א, הימלישער טאַטע, האַר פון דער וועלט, דער יונג איז א פוילער — א פויגל אין פעלד... ער ווייסט ניט פון אַרבעט, ער ווייסט

ניט פון פליכט, איך פארשרייב אים אין אקט — עס „לעבט דאס געריכט”...

— אד, סארא מין בלאפער עס איז דער דאזיקער פארשוין! דעם זיידע פערמין וואלט זיך יא געפאסט צו זיין א פארטערא ביים הייליקן אלטן, פאר וואס לאזט ער מען זאל אים גאר אפנארן...

דער פארשוין האט מיטן שפיץ פון זיין ווייכער לאפעטקע אים געטאן א קלאפ איבער א הענטל און דערצו באפוילן:

—אומזיסט דיין קומען אהער!... ניט פאר דיר איז עס דאס הויכע פענצטער!...

— איך בין אן ארגענטינער און באסטא!...

נאכדעם האט ער אין א קינדישער באליידיקונג זיך געווענדעט צום אלטיטשקן וואס איז געווען מאדנע פארטראכט און מאדנע דער־שטוינט:

— גוט, אז דו האסט מיך פיינט... אז דו ווילסט מיך ניט העל־פן, איז ניט... אבער דעם אדרעס צו מיין אייגענער מאמעלען, דעם אדרעס וואס ער קאסט דיך גארניט, מעגסטו דאך מיר יא געבן.

— ניט דו און ניט זי זענען דא געווארן פארשריבן.

— א ליגן!... דער זיידע פערמין האט מיר געוויזן מיין מע־טריקע... אז איך וועל ווערן א גרויסער — וועל איך גיין צום שטים־קעסטל, וועט זיין — ווי צו די ליגנערס!...

— שריי ניט אזוי מיין אוצר. — האט דער אלטיטשקער גע־מאכט א וויינענדיקע מינע. — אפשר האט מיין געטרייער דינער, פונקט ווי איך, שוין פארלוירן דעם זכרון... צו זיין א הערשער איז גאר ניט אזוי גוט. מען שפילט זיך מיט טרערן, מיט אומשולדיק בלוט...

אפאריסיאן איז געווארן ניט גוט, ווי צום חלשן.

ער האט ווידער דערפילט א ברענענדיקן דארשט און אויך א ווילן זיך אויסצוציען אונטערן געבויגענעם פייגנבוים און רוען, נאך די טענות פון דעם מאדנעם זיידעניו און דעם פארשוין — אט די דאזיקע טענות, האבן געשטארקט אין אים די אויפגייענדיקע ניי־גער. זי האט אים ווי קעגן זיין ווילן, ווידער געהאלטן וואך. דערצו האט ער באלד דערהערט דעם אלטנס געוויין:

— אפאריסיא, מיין אוצרל, איך לעב דא אין עלנט און אין שרעק, האב רחמנות, יינגעלע, און נעם מיך פונדאנען אוועק. דארטן אין מדבר, צווישן פשוטע מענטשן — דארט וועט מען מיך ליבן און בענטשן...

אפאריסיא האט שווערלעך אפגעצויגן דעם אטעם, אריינגענומען דעם אלטן אין די רחמנות'דיקע בליקן און זיך געחידושט:

— קאַראַמבאַ, וואָס טוט זיך דאָ?... איז טאַקע דער דאָזיקער וויינענדיקער זקן — דער שטאַרקסטער פון אַלע שטאַרקע?... דער קלוגסטער, דער בעסטער, וועגן וועלכן דער זיידע פּערמין מיט טשאַוועלאָ'ן הערן נישט אויף צו ריידן?... ניין, עס קען נישט זיין! — האָט ער זיך געטרייסט. — מן הסתם האָט ער, אַפּאַריסיאָ, איצט געטון אַ דרימל און עס האָט זיך אים עפּעס געחלומט...

ער האָט מיט די פויסטלעך אָנגעהויבן צו ווישן דעם שלאָף פון די האַלב פאַרזשמורעטע אויגן און האָט פויל געגעניצט. דאָ האָט ער דערפילט אַ גלעט איבער דער באַק און זיך דערשראָקן. ער האָט גאָר ברייט אויפגעמאַכט די אויגן־דעקלעך און דערזען איבער זיך אַ געבויגענעם, דעם פאַרשוין אין שוואַרצן. ער האָט אונטערטעניק אַריינגערעדט אין אים:

— גיב מיר זכרל, די קלאָרקייט פון דיינע בליקן און איך וועל דיר געבן אַנדערע אויגן ווי פון אַ שאָף... דערצו וועסטו אויך באַקומען פון מיר אַ ביקסל צום שיסן פייגל און וויסקאַטשעס...

— ניין און ניין, סעניאָר מיינער! דער זיידע פּערמין זאָגט אַז מיינע אויגן זענען ווערט מער פון אַלע אוצרות אין דער וועלט — האָט ער זיך אָפּגערוקט. — ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם האַרטן, באַצווינגערישן בליק פון דעם פאַרשוין. ער האָט אַרויפגעלייגט די דלאָניע צו זיך אויף די אויגן און געזיפצט שווער, ווי עמיצער וואָלט אַרויפגעלייגט אַ שטיין אויף זיין האַרצן. ער האָט אָבער געפילט איבער זיך דעם שווערן אָטעם פונעם פאַרשוין. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו ווערן, געוומען ווארפן מיט אַ פוס, מיט אַ האַנט און באַלד אָנגעהויבן שרייען: איך וויל נישט קיין ביקסל און באַסטאַ!... איך האָב אַ פּיַלנבויגן. דער זיידע פּערמין האָט געזאָגט אַז מען טאָר נישט הרגענען קיין פייגעלעך, ווייל זיי זענען אונדזערע פריינט. שלענג מיט עקדישן מוז מען יאָ הרגענען, פאַרשטאַנען סעניאָר מיאָ?...

ער האָט דורך די צענומענע פינגער געכאַפּט אַ קוק צום אַלטן און מיט די בליקן געזוכט ביי אים אַן עצה. אָבער יענער — האָט אַפּאַריסיאָ באַמערקט, איז געשטאַנען אין אַ ווינקעלע און אַלע זיינע אברים, די נערוון און אפילו דער צעפליקטער בגד אויף אים — איז געווען אַרומגעכאַפּט פון אַזאַ אומרו און וואָרענונג, וואָס האָט אויסגעדריקט מער ווי טויזנט אַרויסגעזאָגטע ווערטער. דערצו האָט ער נאָך געוואונקן מיט די אויגן און געמאַכט זשעסטיקולאַציעס מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך באַמיט אַרומצונעמען זיין קליינעם חברל. ערשט איצט האָט אַפּאַריסיאָ באַנומען אַז דער עניו מיטן פאַרקריכן ביז צום געבונדענעם זיידעניו מוז זיין אַ סך מער און ערנסטער, ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט.

דערווייל האט דער פארשוין אין שווארצן אנגעצילט קעגן אים א פיילנבויגן מיט א שטיינדל. ער האט זיך אויך אנגערופן אין א מאן פון געמאכטער פריינטשאפט:

— האב נישט מורא, יינגעלע, דו ביזט נישט אליין... אבער אויך איך בין גערעכט, ווייל איך בין דיין הארעלע און דו ביסט מיין קנעכט... שוין דורות און דורות געוועלטיק איך דא, צום פאלגן מיין עצה — עס קומט שוין די שעה. איך וועל דיר שענקן א ברייטן גארטל, דערצו נאך באשלאגן מיט זילבערנע מטבעות, איך וועל דיר אויך שענקן אלפארגאטן, וועגן וועלכע דו הערסט נישט אויף צו חלומען — אלפארגאטן מיט פאדעשוועס פון גראבע שטריק. אבער דו מוזט נאר אין מיין ליכטיקן פנימעל גיבן א פרייען בליק... דאן וועט שוין נישט זיין קיין וועג אויף צוריק...

— זאל דער סעניאר גיין שמועסן מיטן זיידן פערמין. דער זיידע וועט שוין וויסן וואס ער דארף טאן. דארטן, אונטערן דעכל פונעם ראנטשעלע הענגט א טרוקענע פעל פון א שלאנג. נאר איר׳ע צוויי אויגן ווי שפיזן, זענען געבליבן לעבעדיקע...

— יא, יא! אזוי איז דאס. איך קען אפילו שווערן ביים מאטעלע און ביי דער הייליקער פון לורדעס. נו גוט, אז דער סעניאר שמייכלט און גלויבט מיר נישט, מוז ער טאקע טאן וואס איך האב אים ערשט געראטן — זאל ער א לויף־טון און ארויסציען די אויגן פון שלאנגישן קאפ... אך, ווי צוגעפאסט זיי וועלן זיין צו די שמייכלעך פון איידעלן סעניארס פנים, ווי צוגעפאסט...

דער פארשוין האט אנגעהויבן צו ברעכן פיסקעס און באלד געגאסן מיט טרערן, אמת׳ע גרויסע טרערן...

— אך, סארא רחמנות! — האט אפאריסיא ביטער געזיפצט און געפילט ווי א קאלטער שוויים האט ארויסגעשלאגן אויף זיין לייב. ער האט זיך נאך געחידושט: „וואסזשע, דער פארשוין ווייסט נישט אז זיינע, אפאריסיאס אויגן זענען פארן זיידע פערמין — ווי צוויי שפיגלען, צוויי בריליאנטן... ווי אזוי וועט ער קענען קומען אהיים אן די אויגן?... דער זיידעניו וועט דאך זיין בייז. א, ער וויל נישט דערצערענען דעם זיידן, ער וויל נישט!”

דא האט ער דערהערט די שטים פונעם געבונדענעם אלטיטשקן

— די קלארקייט פון דיינע אויגן איז גאטס ברכה און זיין גענאד. זי איז ווערט מער ווי אלע רייכטימער וואס האבן נישט קיין האפט. דיינע אויגן וועלן ארומנעמען די ברייטקייט פונעם מדבר און וואר־רענען די לייט קעגן אלע ווילדע חיות...

דער פארשוין האט געהויבן א פויסט קעגן דעם געבונדענעם און ארויסגעשטעלט די לאנגע ציין ווי פארזשאוועטע צוועקעס. ער האט

אין אַ נעבעכדיקן טאָן זיך ווידער געווענדעט צום דערשראָקענעם קינד, וועמעס בליקן עס האָבן געהאַנגען אויפן געבונדענעם.

— מיר און מײַנס גלײַכן, זאָלסטו אין אַלץ טרויען, פאַרשטאַנען קינד?

— אָבער פאַר וואָס ווילסטו אַז איך זאָל ווערן בלינד? עס וועט דאָך מיר ווײ־טאָן ווען דו וועסט אַרויסרײַסן די שײַן פון מײַנע אויגן!

— איך און מײַנס גלײַכן, מײַן אוצרל, מיר זענען געקומען אַהער צו פאַרשפּרײטן דעם אמת. דעם רײנסטן אמת און נישט מער!.. מיר וועלן פאַר דיר עפענען אַלע טירן פון גן־עדן, מיר וועלן דיר געבן גענוג קאַלטע וואַסער צום טרינקען און האָניק צו לעקן. אַ פולע שיסל מיט האָניק!

— יאָ, האָניק? און אַ פרישׁ היימיש ברויטעלע אויך?...

דאָ האָט ער באַמערקט ווי דער געבונדענער האָט זיך אָנגעהויבן רײַסן פון די קייטן און טראָפנס שווייס ווי בלוט האָבן אַרויסגעשלאָגן צווישן די טיפע, גרויע קאַרבן אויף זײַן פּנים. דערצו האָט ער אָנגעהויבן צו רײַסן די קנוידערן פון קאָפּ און ער האָט געשריען ווי מען וואָלט געשניטן פון אים לעבעדיקע שטיקער:

— גלייב אים נישט, מײַן קינד, דער דאָזיקער חנפה־ניק איז דער פאַרשטייער פונם שקר... ער האָט שוין אָפּגעטון אַלע שווידערלעכקייטן און מערדערייען, גלייב אים נישט! ער איז ווי אַ שוואַרצער שאָטן איבער דער גאַרער וועלט...

אַפּאַריסיאַ האָט געפילט ווי זײַן האַרץ האָט געציטערט און די מורא האָט ווי אַן אײַזערנער רינג — אים געהאַלטן אין אײַן דריקן און קלעמען. דערצו איז דעם אַלטנס געוויין געוואָרן אַלץ שווערער, מאָנענדיקער, אַ געוויין ווי אַ שטורעם וועלכער קומט איידער עס הייבן אָן ציטערן די אַנדן...

אויך ער, אַפּאַריסיאַ, האָט אָנגעהויבן צו יאָמערן. צווישן איין שלוכץ און דעם צווייטן, האָט ער געמאָנהט צום פאַרשוין, וואָס האָט דערווײַל געוויקלט אַרום אים די לאַנגע הענט, ווי קאַלטע, שוואַרצע וויקל־שנורן.

—אַז דו ביזט אַזאַ גוטינקער, טאָ ווײַז מיר וואו עס וואוינט מײַן מאַמע!... זאָג, זאָג מיר דעם רײנעם אמת! האָב רחמנות, פּײַניק מיך נישט מער! איך האָב מורא.

— דער אמת — האָט דער אַלטיטשקער אַן עקזאַלטירטער געטון אַ ברום. דער רײנער אמת, דאָס בין איך דאָך, ווײ און ווינד איז צו מיר!...

—וואָס, דו זיידעניו ביזט דער אמת?... ביזט דאָך אַזאַ צעבראָכענער, אַזאַ דערשראָקענער זקן! ניין, עס קען נישט זײַן ווי

דו זאגסט. דער אמת מוז אוודאי זיין ווי א ריזיקער פיראמיד, א גייענדיקע זון וואס פארשרפעט און ווארפט ארויס אלע שעדלעכקייטן פון דער קארדיליערע!...

— איך שווער דיר, מיין ליב קינד, אז איך בין דער איינציקער, דער ריינסטער אמת, אבער די פארשטייער פון שקר האבן אויסגענוצט מיין צוטרוי און האבן מיך געבונדן, געשלאסן אין קייטן און זיי פייניקן מיך אן א סוף. אבער איך האב אויף קיין איין רגעלע נישט פארגעסן אין מיין מיסיע... איך האב פון מיינע רעכטן גאר נישט נאכגעגעבן און וואלט איך נישט געווען דער איינציקער, דער ריינסשער אמת, וואלטן זיי שוין פון לאנג מיך געווען צעמאלן אויף שטויב און פארוואנדלט די גארע וועלט אין א יאמערטאל...

— א. א! — האט אפאריסיא ביטער געזיפצט און מיטן צינגל אפגעווישט די פייכקייט אויף די ליפן. — א. א! אויך דער ווינענדיקער מארטשאנטא איז אן עקשן... אויך יענער האט געזאגט, אז דער איינציקער אמת וועט סוף כל סוף זיך ארויסרייסן פון די קייטן... דעמאלט וועט ער ווי די זון, זיך אויפהויבן גאר הויך און וועט שיינען איבער דער גארער וועלט. די גוטע פלאנצן וועט ער נערן און די שלעכטע — פארברענען! דעמאלט ערשט וועט נעמען א סוף צום שקר.

— א, א! ער, אפאריסיא, מוז טאקע האבן די שיין פון די אויגן. ער וועט דאך מוזן קוקן אין דער גאלדענער זון וואס זיצט ווי א קופאל איבער דער קארדיליערע. דער וואס האט קאליע אייגלעך

— דער קען נישט קוקן אין דער זון אריין!...

דא האט דער אלטיטשקער זיך ווידער אנגערופן:

— אט זעסטו, מיין אוצרל, ווי דער פארשווין האט, ווי א קראקאדיל זיך איינגעשרומפן?... דאס טוט ער תמיד ווען מען כאפט אים ביי דער האנט און ער מוז זיך ציען אויף צוריק... אבער עס וועט קומען א טאג פון חשבון!... דו האב נאר אויסדויער און ראטעווע דיך באציימום...

— קום זיידעניו מיט מיר אין זיידע פערמינס ראנטשעלע. דארטן איז גענוג געדוים... אויך דער מארטשאנטע איז שוין דארט געבליבן אויף טעג מיט נעכט. מירן דיך גוט אפהיטן, נאר דו, וויל איך, זאלסט מיר נישט דערציילן אזעלכע טרויעריקע מעשה'לעך ווי עס דערציילט דער מארטשאנטע, וועגן מענשן מאנסטערס, וואס הרגענען קליינע קינדערלעך. איך האב מורא...

אפאריסיא וואס האט מיט אומצוטרוי א קוק געטאן צום פארשווין, האט מיט פרייד באמערקט ווי יענער האט זיך דערשראקן. ער האט אויף הינטערוויילעכץ און ווי א הונט מיטן אראפגעלאזטן עק

— זיך אָנגעהויבן אַפּרוקן אַלץ ווייטער און ווייטער און געבליבן שטעקן הינטערן ראַנטשעלע. פון דאָרטן האָט ער אָבער גנבֿיש און ווי אַ רויב־חיה — מיט זשעדנע בליקן געצילעוועט צו אים. דער זיידעניו האָט אויסגערופן מיט אַ פאַרשעמטן נצחונדיקן שמייכל:

— אָט זעסטו שוין, מיין אוצרל, ווי אַזוי דער פאַרשטייער פון שקר שרעקט זיך פאַר מיינעם און פאַר דיינעם אַ וואָרט?... אַ פּחדן איז ער, אָבער ער איז אָנגעזאָפּט מיט סם, מיט אַזאַ בייזווילי־קייט וואָס טראָגט אין זיך דעם ווירוס פון אַ קרעפּס... פאַרשטייסט מיך, ייִנגל?...

— וואָס איז דען פאַראַן נישט צו פאַרשטיין? זיידעניו?... אויך דער מאַרטשאַנטע האָט געזאָגט דאָס אייגענע וואָס דו. אָבער איך בין ניט מער ווי אַ פאַסטוכל, וועמען האָב איך דען געטאָן שלעכטס?

— דער פאַרשוויז וועט דיר שוין ווי אַ שאָטן נאָכלויערן און נאָר צוליב דעם, מיין אוצרל, ווייל דו האָסט געפונען דעם וועג צו מיר....

— אַזוי, געפונען דעם אמתן וועג?... איז וואו וואוינט מיין מאַמע און וואוהין איז מיר אַהינגעקומען דער זיידע פערמין? וואו איז די עוועלינאַ? ערמינדאַ וועט דאָך צעדריבלען דעם זוים פון איר אַלטן קאַפּעליוש.

דער אַלטער האָט אָנגעשטעלט דעם טויבן אויער און מיט די בליקן אים געהייסן זיך צוהערן... אַפּאַריסיאָ האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און מיט אַלע זיינע אָנגעשפּיצטע חושים ווי פון אַ פלינקן, צעשראָקענעם האָז — זיך צוגעהערט און אויפגעכאַפּט אייניקע הייזעריקלעכע ווערטער פונעם פאַרשוויז מיט זיינע לייט, דאָרטן אין ווינקל, הינטערן באַרג:

— פאַרלאָזט אייך נאָר אויף מיר.... דער טייפל אַליין וועט עס ניט מאַכן געשיקטער און פּערפעקטער... — האָט איינער געמורמלט.

— אָבער לויט דו זאָגסט איז דאָך דער אמת ביי די קלאָרסטע געדאַנקען און דאָס איז ניט גוט...

— ער שטייט ווי אַ געבונדענער גולם, דערצו האָבן אומדזערע מענטשן אַרויסגעבראַכט אַ קלאַנג, אַז ער איז געווירט פון זינען.

— האָסט מיט איין קלאַפּ אים גערדאַרפט אוועקלייגן און פאַר־טיק.

— ניין, עס לוינט ניט. ס'איז גלייכער צו ווערן אַ קאַפּיטשקע מילדער?...

— דער אמת. מוזטו וויסן איז אַ צוטרוילעכע בריאה, אַזוי אַרום וועלן מיר אים בייקומען, וועלן מיר אים איינבייסן און

דערצו זיך באנוצן מיט זיין מארקע... אז זיין מארקע וועלן מיר אר־מעטום אנטרעפן פארמאכטע טירן, פארשטאנען, מײַנע פריינט, צי גיין?...

— אך, סארא פײַנער דיפלאמאט דו ביזט... אז מירן באהערשן די וועלט, וועסטו קריגן דיין לוין — וועסט שעפן וויפל דײַן הארץ וועט גלוסטן... און געלט וועט דאך בלײַבן פון די געשאכטענע, א סך געלט, ניט אזוי?...

אפאריסיא איז פארזיכטיק און אויף די שפיץ פינגער ווידער צוגעגאנגען צום ראנטשעלע און האט צוטרוילעך אוועקגעלייגט דאס קעפל אויפן קארניז פון פענצטערל. ער האט זיך דערפילט רואיקער, זיכערער, אבער דער נאטירלעכער אומצוטרוי צו פרעמדע, האט ווי א ברענענדיקע לאווע זיך אויפגעהויבן אין אים. דער אלטער, האט ער געפילט, האט שטיל ארײַנגעוויינט אין זיך און האט געטריי גע־גלעט זײַנע געדיכטע האר און דעם פארשוויצטן שטערן. ער האט אויפגעהויבן די בליקן צום אלטן און אים אײַנגערוימט:

— סינפארא, ווייזט אויס איז גערעכט... זי זאגט אז אונטער דער קארדיליערא — לעבן א סך טײַוואלים און זיי מאכן עס די שטורעמס און ערדציטערנישן. אך, ווי שטארק איך וויל איצט זײַן לעבן זיידע פערמין!

— ששש, אוצרל מײַנס! מען מוז קענען איבערווארטן... וואר־טן אזוי לאנג, ביז מען קומט צוריק צו די כוחות און נאכדעם — ווידער זיך א נעם טאן אפצורייניקן דאס מיסט פון די פעלדער און עס וועט וואקסן ווייץ מיט קארן... און מאיס, און באנאנעס מיט טרויבן!

— דו, זיידעניו, ווארטסט שוין א סך? ווערסט גאר ניט מיד?

— זינט די וועלט איז באשאפן, מײַן אוצרל, שטיי איך אויף דער וואך... ווייל איך האב געגלויבט, האט דער פארשטייער פון שקר זיך פארמאסטן קעגן מיר...

— אזוי, זינט די וועלט שטייט?... ביסטו דאך, זיידעניו, גאר אן אלטיטשקער. נאך עלטער פון מארטין פיערא און פון זיידע פער־מינס מארטשאנטע...

— איך בין אלט אין יארן, מײַן קינד, אבער יונג אין גײַסט. וואלט עס ניט געווען ווי איך זאג דיר — וואלט די וועלט שוין פון לאנג פארוואנדלט געווארן — אין סאמע מערדער און דערמארדע־טע!... טו נאר א קוק ווי יונג און בתולהדיק עס איז דער מדבר. אלץ ווערט יעדער רגע אפגעווישט פון לעבן און פונדאסניי געבוירן... גרויס עשירות, מײַן אוצרל, ליגט אינעם מדבר און איך וועל דיר העלפן צו געפינען, צו געניסן פון איר...

אַפּאַריסיאַ האָט געקוקט פֿאַרויס. פֿאַר איר האָט זיך אַנטפּלעקט די אומענדלעכע ברייטקייט פֿון מדבר און מער האָט ער קיין נײַעס ניט געזען. איבער די באַשנייטע באַרג־רוקנס זענען אומגעשוואָומען ריזיקע כמאַרעס פֿון צעדריבלטע סנאָפּעס פֿון בלויען וואָל מיט זיך און דורכגעוועבטע מיט דינע, מעסערדיקע רענגנבויגנס. פֿון הינטער אַ האָרב האָט ווי אַ רויטער, ריזיקער קאַפּעליוש, אַרויסגעקוקט די לבנה און דער הימלישער האָר האָט ווי אַלע מאָל אומגעריטן דאָרטן אויף זײַן אײזעלע....

אַפּאַריסיאַ האָט ווידער אַנגעשטעלט די בליקן אויפֿן פֿאַרטראַכטן אַלט־טשקן. איצטער האָט ער באַמערקט, איז זײַן פּנים געווען לויטער און באַגאָסן מיט אַזאַ מילדער שײַן, מיט צוטרוי, ווי ער וואָלט גאָר געווען אַ קינד... נאָר די אויגן זענען געווען גרויסע, טיפֿע, און אַזעלכע ווײַטזעעוודיקע, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אַריבערצושפּרינגען די אַנדן!....

אַפּאַריסיאַ האָט אָפּגעאָטעמט שווער און געקנייטשט דעם שטערן. ער האָט ווידער ניט באַנומען צי איז עס אַ חלום, אָדער טאַקע אַן אמת, דער ריינער און איינציקער גרויסער אמת. ער האָט זיך ווי־דער אָנגערופֿן:

— אין וועלכער ראַנטשעלע וואוינט די הייליקע מוטער מיטן קינד? איך וואָלט נאָר וועלן אַ קוק טאָן ווי עס לעבט זיך זיי דאָ. איין קוקעלע און ניט מער!...

— נישטאָ וואו צו זוכן, מײַן אוצר — האָט איר דער אַלטער געטרייסט. די ריינקייטן זענען די גוטע מעשים. פֿאַרשטאַנען, אָר־צרל? אַן גוטע מאַטן, איז נישטאָ קיין נעטלעכקיים, נאָר פֿאַר־שמייער פֿונעם שקר.

— אַזוי גאָר?...

אַפּאַריסיאַ האָט אַנגענומען די טרוקענע, אַלטע האַנט מיט דער נערונצלטער פֿאַרעלטערטער הויט און איר אַ קוש געטאָן. נאָכדעם האָט ער ווידער געפֿרעגט:

— דו, זיידע, האָסט נישט געקענט וואָרענען די ערלעכע לײַט צו זײַן מער פֿאָרזיכטיק?...

— וואָס הייסט ניין? מײַנע קולות האָבן געקענט אפֿילו אויפֿ־וועקן די טויטע. אָבער די, וועלכע איך האָב געוואָרנט, האָבן פּונקט ווי די פֿאַרשטייער פֿון שקר, געלאַכט און געחוזקט פֿון מיר — נו, איך בין טאַקע אַלט און מיד... אָבער מײַן גײַסט איז יונג און איך וויל דערלעבן צו זען דעם שקר — אַ צעפּרעסענעם פֿון זײַנע אײ־גענע שלעכטע מעשים...

— ער האָט דיך אַ סך געשלאָגן, זיידעניו?...

— נאר געשלאגן?... ווי און ווינד איז מיר! איך האב צו־געזען וויפל אומגליקן ער האט געבראכט אויף אומשולדיקע מענ־טשן. ער האט מיך אויף א לאנגער צייט חרוב געמאכט — מיין קאלאסאלע אנשטרענגונג, מיינע ארבעטן, וועלכע האבן באריכערט די מענטשהייט, און דערגרייכט האט ער דער שקר, ווייל א סך, א סך פון די מענטשן דערלאזן, מען זאל צונעמען זייער שיין פון די אויגן. זיי ווערן בלינד, בלינד און טויב און אומבאהאלפן. און איך, מיין קינד, מוז תמיד פון דאסניי זיי קומען צו הילף...

— פאר וואס, זיידעניו, האסטו געלאזט אז דער שקר זאל צו־נעמען פון דער וועלט סאראפינס ברעקעלע?... ס'איז א רחמנות — קליינינקע מוזן דאך אפגעהיט ווערן דורך די דערוואקסענע, ניט אזוי?...

— ווי און ווינד איז צו מיר. הער אויף צו שיטן זאלץ אויף מיינע וואונדן.. — האט דער אלטער אויסגעבראכן אין א בימערן געיאמער און פארגעזעצט: — איצטער קען איך מער ניט קוקן אין דער קלארקייט פון דיינע צוטרוילעכע בליקן, ווייל זיי דערמאנען מיך ווידער אין די בליקן פון יענע הונדערטער טויזנטער אומשולדי־קע, ריינע באשעפענישן... קינדער מיט לויטערע נשמות און צוטרוי־לעכע הערצער, זייער אומשולדיק בלוט מיט די טרערן, ליגן אויף מיין געוויסן און זייער בלוט שרייט סיי בייטאג און סיי ביינאכט און עס ווארנט מיך צו שטיין אויף דער וואך...

— וואס, אויך קליינע קינדער האט דער שקר אומגעבראכט?... איז טאקע אמת וואס דער מארטשאנטע האט דערציילט?

— יא, און געטאן האבן עס, געזונטע, אנגעפרעסענע דער־וואקסענע לייט... און פריער האבן די אנגעפרעסענע מאנסטערס, אויסגעצאפט דאס בלוט פון די אוועקגערויבטע קינדער און נאכדעם האט מען זיי פארפייניקט מיט שלאגן, מיט הונגער, מיט באנוצן צו א סך פון זיי, אומפארשעמטקייטן... מען האט די קינדער לעבעדי־קערהייט געוואפן אין די קאלך־אויוונס, אין די גאז־קאמערן און פון זייער בלוט געמאכט טאניקס פאר קינדער פון די מאנסטערס...

אפאריסיא האט געטאן א געשריי און געציטערט מיטן גאנצן לייב און לעבן. דער אלטער האט געיאמערט און צווישן איין שלוכץ און דעם צווייטן, האט ער ווידער געזאגט:

— געטאן האבן עס יענע מאנסטערס פשוט צוליב צוועקן פון גזילה ניט מער... אבער זיי האבן געשלאסן א בונד מיט די פאר־שטייער פון שקר און איינגערעדט די נאיווע בלינדע מענטשן — אז דער אמת און די גערעכטיקייט האבן זיי באוויליקט דורכצופירן דאס דאזיקע שוידערלעכע פארברעכן, פאר וועלכן מיר אלע וועלן נאך דארפן א סך אפקומען... זייער א סך, מיין קינד!...

דא האט ער זיך ווידער דערזען הינטערן זיידנס, פערמינס, ראנטשעלע, וואו עס איז געזעסן דער מארטשאנטע און האט געוויינט און דערציילט דעם זיידן און טשאוועלאן. אויך זיי האבן געוויינט און אים, אפאריסיאן, האט געגליווערט דאס בלוט אין די אדערן. „זיי האבן אומגעבראכט מײַנע קינדער און מײַנע קינדס־קינדער — האט דער גרינער פארענדיקט. „נאר מיך האבן זיי געלאזט לעבן. מיך געלאזט כדי איך זאל ביזן טויט מיך פײַניקן, מיך שעמען פאר דער זון און פארן הימל, פון וועלכן איך געניס. איך טראג אין מיר דעם צער פון מײַן פארשניטענעם שטאם און אויך די צוואה זײַנע:

„צו ווארענען די מענטשן זיי זאלן נישט דערלאזן מען זאל צונעמען בײַ זיי די שײַן פון די אויגן...

— ניין, ער, אפאריסיא וועט ניט דערלאזן אז דער שווארצער מאנסטער זאל צונעמען ביי אים די אויגן און נאכדעם — זיי פארקאלכן און מאכן פון זיי קנעפ צו ווײַבערישע קאפטעס.... ניין און ניין — ער וועט ניט לאזן קיין שלעכטס טאן דעם אלטן מאר־טשאנטע !...

דער מארטשאנטע האט וויינענדיק פארגעזעצט:

— אבער שטארקער און אייביק איז דער כוח פון רחמים און פון אמת... א קליין הייפעלע פארפײַניקטע מענטשן, אויך ווײַבער און קינדערלעך, אזעלכע ווי דו, אפאריסיא, — זיי האבן צעגויפגע־נומען אין זיך די לעצטע פונקען פונעם לעבן און מיטן כוח פון גערעכטיקייט האבן זיי אײַנגעבראכן די אנגעפרעסענע, בלוטדארש־טיקע מאנסטערס און געהאלפן ראטעווען די וועלט פון אייביקער נאכט, אייביקן שקר און אייביקן פארפײַניקן צום טויט מיליאנען אומשולדיקע נשמות.

אפאריסיא האט דערשראקן געפרעגט:

— מארטשאנטעלע, ליבינקער, וואס באדארף איך טאן כדי איין מענטש זאל ניט רײַסן לעבעדיקע שטיקער פונעם אנדערן ?...

— נאר רחמים און פארשטענדעניש קען אלץ ראטעווען, מײַן קינד. אז א ריין געוויסן בײַ יעדן באזונדער — איז נישטא, ניט קיין גאט, ניט קיין הייליקע ספרים און טעמפלען, ניט קיין פריי־דיקער און נישט קיין פארשטייער פון רעליגיעס — נאר פארטרע־טער פונעם טײַפל, פונעם שקר, פון יענע מאנסטערס, וואס האבן ארײַנגעווארפן מיליאנען אומשולדיקע אין די קאלד־אויוונס...

— אבער דא זענען נישטא יענע מאנסטערס !...

— זיי זענען שוין דא, אוצרל. זייער גײַסט שוועבט שוין אום

איבער דער דאָזיקער רויערד פון מדבר. זיי ווילן זי פּאַראָמוויר־דיקן, פּאַרשווענכן. היט דיך מײַן קינד, היט דיך!...

אַפּאַריסיאַ האָט זיך פּתדמדיק ושטיל אַרומגעקוקט. ער האָט באַמערקט אַז די שווימענדיקע כמאַרעס, ווי סנאָפּעס פון געלער קאַנווע מיט רויטע פלעקן, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און זיך פּוכיק אויסגעלייגט אַרום ראַנטשעלע. דער זיידע איז ווי אַרײַנגעזונקען אין זיי, נאָר די קאַרבן פון זײַן פּנים זענען געוואָרן נאָך מער דורכגעפּעדימט מיט פּאַסיקלעד זון און קליינע טרערן.

— אַ, אַ! דער מאַרטשאַנטע האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו זײַן קויש מיט שפּיגעלעך און קעמעלעך און ער וועט זיך באַלד אויפהייבן און וועט אים, אַפּאַריסיאָן, עפּעס שענקען. ער האָט ליב קליינע קינדער, דער אָרעמינקער.

אָבער אַנשטאָט אַ שפּיגעלע, האָט זיך דער זיידע פון הימלישן ראַנטשעלע קוים אויפגעהויבן מיט אַן אַלטן גרויסן שליסל אין האַנט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דעם שליסל גיך אַרײַנגערוקט צו אַפּאַריסיאָן אין טאַרבעלע. נאָכדעם האָט ער אים אויך אײַנגערוימט אין אויער:

— נעם אָן, אוצרל, מײַן באַשיידענע מתנה, אָבער זאָלסט זי האַלטן ערלעך. דער דאָזיקער שליסל, מוזטו וויסן, וועט אויפמאַכן פאַר דײַנעטוועגן אַלע טירן פון גן־עדן און אַלע הערצער פון גוטע מענטשן. טאָרסט אים נאָר ניט נוצן צו פרעמדע שופלאָדן... פאַרשטאַנען? די געלט־גײַציקע, די קלוגעטשקע, האָבן ניט געהערט מײַן עצה, זיי האָבן אויסגענוצט מײַן צוטרוי און עס איז קיין גוטס ניט אַרויסגעקומען...

בשעת דער זיידע האָט אַזוי גערעדט, האָט דערווײַל אַפּאַריסיאַ צוגעדריקט צו זיך דעם ווערטפולן שליסל. ער איז באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאָלץ און אויך פון שרעק: דער דאָזיקער איז טאַקע דער מאַרטשאַנטע?... ער רעדט צו אים מיט אַזאַ ליבלעכקייט אַז דאָס האַרץ ווערט צעריסן פון רחמנות. אָבער וואָס וועט ער טאָן טאָמער וויל מען בײַ אים צונעמען דעם שליסל?... וואָס וועט זאָגן צו דעם דער אַלטיטשקער? ער וואָלט בעסער וועלן פּטור ווערן פון אַזויפיל צוטרוי!... ס'איז ווי אַ צוים אויפן געוויסן...

ער האָט אָפּגעאָטעמט שווער, אַ רגע געטראַכט און נאָכדעם געפרעגט:

— זאָג מיר, זיידעניו, גוטינקער, צי וועל איך מיט דעם שליסל קענען אויף אייביק פאַרשליסן די טירן פון די אַנדן און לאָזן דאָרטן אויספּגרן אַלע שדים?.... זיי האַלטן זיך דאָרטן אויף און מאַכן ציטערן די ערד און שיקן אַרויס פײַער־וואָלקנס איבערן מדבר.

— דעם שליסל, מײַן ייִנגעלע, מוז מען נאָר נוצן מער צום שכל און צו די הערצער פון מענטשן. אַז דו וועסט מצליח זײַן אין דײַן אַרבעט, וועלן די שדים האָבן ווינציקער חוצפה און זיי וועלן אײַנגעזונקען ווערן און זיך מער ניט באַווײַזן אויף גאָטס וועלט...

— איך, זיידעניו, וואָלט פונדעסטוועגן געוואָלט אָנלערנען די ניט־גוטע. די ווייבער אין קלייטל דערציילן וועגן דעם כוח פון שלעכטס, וואָס זיי באַזיצן... פאַרוואָס זאָלן מיר זיי ניט פּטרן, האַ?...

— אַך, סאַראַ קלוג ייִנגל דו ביסט, אַפּאַריסיאַ... — האָט ער דערפילט אויף זיך דעם אַלטנס וואַרעמען אָטעם און די פײַכטקייט פון די ליפּן. — שדים, מוזטו וויסן, צירן זיך אין פאַרשידענע מל־בושים, אָט ווי דער פאַרשוין וואָס היט מיך דאָ... אָבער זיי זענען געראָטן איינער אין דעם אַנדערן. אומעטום וואו עס איז פאַראַן זון — ברענגען זיי שאָטן. וואו עס איז פאַראַן פרייד און גליק — ברענגען זיי טרויער און אומגליק — דאַן זאָלסטו מיט שטיינער פאַרטרײַבן יעדן איינעם וואָס וועט זיך באַווײַזן לעבן דיר!

— ווייסט זיידעניו, ביסט הייסט עס, דער מאַרטשאַנטע?

— דער שקר, מײַן אוצרל, האָט פאַריתומט און אומגליקלעך גע־מאַכט יעדן איינציקן וואָס האָט זיך געלאָזט אַרײַננאַרן אינעם זומפּ. זינדיק זענען די פירער פון דער וועלט, ווײַל זיי דערלאָזן אַז אין זייערע לענדער זאָל בושעווען דער כוח פון שלעכטס. צוליב זייער פאַרשלאָפן זיך קומט אַן אומגליק, אַ בלוט־באָד, וואָס די ערלעכע לײַט מוזן נעבעך מיט זייער בלוט און מיט די טרערן — אָפּוואַשן פון דער פאַראומגליקטער ערד.

— אַך, סאַראַ וווּנדערלעך שיינע אויגן דו האָסט! דו מוזסט אַוודאי זײַן אַן אָפּשטאַמיקער פון אינדיאַנישן אַדעל?...

— אַוודאי, צוליב דעם האָט מיר דער אמת געגעבן אַ ווונדער־לעכן שליסל... — האָט ער זיך געגרויסט.

דאָ האָט זיך אָפּגערוקט דער מאַרטשאַנטע און דער געבונדענער האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— איך האָב אין מײַן לעבן אַ סך צוטרוי צו יעדן איינעם אַרויסגעוויזן... איך האָב טויזנטער פון מײַנע שליסלען אָוועקגע־שענקט... פאַלשע משיחים האָבן מײַן צוטרוי אויסגענוצט, דערצו נאָך האָט מען מיך אַרײַנגערוקט אין אָט דעם ווײַטן ווינקל, וווּ איך האַלט אין איין שרײַען און וואָרענען... געדענק גוט מײַן אוצרל, אַלץ וואָס איך זאָג. גיי דיר דײַן וועג מיטן אָנקום פון טאָג... עס שטייען די קאַסעס ליידיקע, פּוסטע, די פעלדער טרוקענע, גרויע, וויסטע. מען האָט אויך די הייליקע ספרים פאַרשרײַען — די מערדער־

באהאלט מען אין גאלדענע וויגן... דעם קרבן מען וויל נאך פאר־שליסן אין קייטן און פאר דעם וואס ער האלט אין איין מאנען גע־רעכטיקייט און בעטן — וויל מען אים אינגאנצן פארטיליקן...

אפאריסיא האט דערפילט א מאדנע ענגשאפט אין הארצן די מדברדיקע ברייטקייט האט אים אנגעהויבן צו לאקן און אים צוזאגן אלע רואיקייטן און פריידן. ער האט זיך ווידער געווענדעט צום אלטן, וועלכער האט אים ארייננעשמייכלט אין פנים:

— איך וויל נישט האבן צו טאן מיטן שקר. איך האב מורא זיך אנצוהייבן מיט אים. זאלן די דערוואקסענע זיך פארמעסטן. מיר הארפסטו נאר גיבן א שיסעלע מיט האניק. און א ברויטל, א פריש, היימיש ברויטל. ס׳איז געשמאק א מחיה...

דער אלטער איז געווארן מער צודרינגלעך ער האט אים אויך טרייסטנדיק געזאגט: — „עס פליט גיך די צייט, וועסט באלד ווערן גרויס. דו ביזט ווי אן אדלער פון מדבר ארויס. עס זענען פאראנען דא א סך בערג און שטעגן, גיב נאר אכטונג אז ביים שפאנען זאל־סטו ציילן דיינע טריט... זאלסט געפינען די ריכטיקע וועגן...

חיות זענען דא פון אלע מינים און קאלירן. פון וועג אראפפירן — קען דיך יעדער פון זיי. קינדער וואס זוכן עפעס זענען גרייט אויף אלץ. אבער ווען זיי רופן מיין הילף — דעמאלט איז שווין צו שפעט...

— א, א! אוודאי זענען די שלענג פאררעטערישע חיות. אבער היינט האט ער דאך איינער דערלאנגט מיט א שטיין איבערן קעפל. דער זיידע פערמין האט געזאגט:

„געבענטשט זאלן זיין די הענט וואס דערלאזן נישט אז שלענג זאלן צו הויך אויפהויבן זייערע קעפ״...

דא האט זיך ווידער באוויזן דער מארטשאנטע און געזאגט:

— אין דיינע אויגן יינגעלע שיינט דער אויפגאנג פון דער זון. די זון וועט זיין ווי א מאמע מיט ליבשאפט פאר אלע, אלענקע אירע קינדער. דו, אפאריסיא, וועסט זיין ווי דיין זיידע פערמין און ווי דאן טשאוועלא...

אפאריסיא האט מיט די שפיצן פון די פינגער זיך געריבן די שלייפן און האט ווידער נישט באנומען צי האט ער זיך געפונען לעבן מארטשאנטע, אדער טאקע לעבן דעם געבונדענעם זיידעניו, וואס זאגט אז ער איז גאר דער ריינסטער און איינציקער אמת. די נייגער האט ווי א פייער זיך צעפלאקערט אין אים. ער איז געווען מיד פון רעדן אזויפיל. ער האט זיך געבונטעוועט קעגן זיך אליין און קעגן דעם זיידעניו וועלכער איז גורם געווען זיין, אפאריסיאס, צעפלא־סענע באריידעוודיקייט, צו וואס ער איז גאר ניט צוגעוווינט. אים איז

געקומען אויפֿן זינען: זאָל דער דאָזיקער ווידעניו אראָפּשיקן אײנעם מדבר אייניקע אַלטע לײַט, אַז אַזעלכע ווי דער מאַרטשאַנטע און זאָל ער גיין אײַנטעמען מיט יעדן באַזונדער... ער, אַפּאַריסיאַ, וואָלט אים אַפֿילו אָוועקגעגעבן דעם שליסל און פּטור ווערן פֿון אַלע דאגות...

דער געבונדענער, האָט ער באַמערקט, האָט נאָך מער אָנגעשפּיצט די אַזוי אויך געגנוג שפּיציקע ברעמען, ביטער געשמייכלט, ווי ער וואָלט גאָר פֿאַרשטאַנען, זײַנע, אַפּאַריסיאָס, געדאַנקען. באַלד האָט ער זיך טאַקע אָנגערופֿן:

— זיי האָבן נביאים מיט ריטער געשמיסן. אײנעם פֿון זיי אָפּגעשונדן די הויט, זי מיט אײַזערנע ריטער קאַמען געריסן. ווײַל ער האָט איבער דער מדבר פֿאַרשפּרייט זײַן ווײסן. ער האָט אויפֿן אומגליק פֿון קינדער נישט אויפֿגעהערט קלאָגן. איז זײַן בליק האָט געפֿינקלט חכמה און ער איז נישט פֿאַרטונקלט געוואָרן פֿונעם עקרם שוואַרצן כוח.

— אַזוי ?... דער שקר קען אויך רײַסן די הויט פֿון אַ לעבעדיקן נביא ? קאַראַמבאַ ! אַ רחמנות, אַ גרויס רחמנות אויף די נביאים. ער, אַפּאַריסיאַ, האָט אַ פֿולע טאַרבע מיט שטיינדלעך. זאָל זיך נאָר באַווײַזן דער פֿאַרשווין אין שוואַרצן, זאָל ער !...

אין דעם איז טאַקע דער פֿאַרשווין אָפּגעשפּרונגען פֿון הינטערן ראַנטשעלע און האָט ווילדעריק אַראָפּגערוקט דאָס לאַנדל פֿונעם פֿענצטערל. די סנאָפּיקע ווייכקייט האָט זיך צעשאָטן און איז צעפֿלאָסן געוואָרן. אַפּאַריסיאַ איז אין זײַן צעטומלטקייט אומגעפֿאַלן ווי אויף אַ ווייך איבערבעטל. דער זיידע האָט פֿון הינטערן לאַנדל געשריען צו אים און געוואָרנט:

— אַט זעסטו שוין מײַן אוצרל, אַז מען טאָר נישט זײַן צופֿיל פֿאַרטאָן אין טראַכטעניש און נישט אין שלאָפֿן... ווען די כמאַרעלעך צעלויפֿן זיך נישט און די פֿאַלסט נישט אום, וואָלט איצט דער שקר געווען אָפּגעהאַקט דײַן קעפּעלע...

— אַך, סאַראַ קאַבאַרדע ער איז ! דערצו נאָך איז ער אַ מיאוסער פֿאַררעטער ! זאָל ער צוקומען און מיר קוקן גלײַך אין די אויגן !... זאָל ער זיך נים ווידער אויסבאַהאַלטן הינטערן ראַנטשעלע. קאַבאַרדע — האָט ער אויסגעשריען פֿון שלאָף.

ער האָט זיך צעוויינט, גוט אָנגערוקט דעם קאַפּעליוש און די טאַרבע אויפֿן אַקסל, אַ באַנגלעכן קוק געטאָן צום אַראָפּגעלאָזטן לאַנדל און נאָכדעם האָט ער פֿול מיט מנוחהדיקייט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַרײַן. ער האָט נאָך געהערט דעם אַלטנס קולות וואָס האָט אים אין געטראַמטע זאַצן נאָכגעשריען:

— גיי דיר ביַים וועג און ביים אָנקום פון טאָג,
דאָס ליכט פון דיַינע אויגן,
די עדלעכע שיַין —
אַן אָנזאָג אויף גרויסקייט
פאַר אַלע זאָל זיַין!...
ניט פריידיק קיין האָס און קיין פּלאָג,
צו דיר נאָר געהער די זון און דער טאָג,
הער דיך נאָר גוט צו צו דעם וואָס איך זאָג:
דאָס פיַיער פון אמת —
אין האַרץ ביי דיר טראָג...

הינטער אַ פלאַכן באַרג איז ער געבליבן שטיין און זיך אָפּגערוט אונטער אַן אַלטן, ברייט־צעוואַקסענעם בוים מיט העל־בלויע הענגעלעך צווייגן. ער האָט נאָך אַלץ געפילט אַרום זיך די קריכעדיקע הענט פונעם פאַרשויַן אין שוואַרצן.

ער האָט זיך פאַרשטעקט צווישן די צוויַיגן און האָט אַריינגעצויגן אין זיך דעם מחיהדיקן ריח. אַך, ווי שטאַרק ער וואָלט איצט געוואָלט זען די עוועלינאַ! ער וואָלט איר געוויזן דעם שליסל און זיך געריַיצט מיט איר. אָבער, דער פאַרשויַן אין שוואַרצן וועט דאָך וועלן צונעמען ביַי איר די אויגן און מאַכן פון זיי קנעפּלעך צו די קאַפּטעס פון עלעגאַנטע „זיַיעלעך״...

ביַי דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען און צו שריַיען פון שלאָף. אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז עוועלינאַ האָט אַרויפגעשריען צו אים:

— דו וויינסט, עמיצער האָט דיך געשלאָגן?...

— ווער האָט עס געוואָגט, קאַראַמבאַ!... עס האָט זיך דיר אוודאי אויסגעדאַכט, און באַסטאַ!

— וואַמאַס, וואַמאַס! מאַך דיר נישט פאַר אַזאַ בראַוון יונג! דו האָסט נאָר וואָס געשריען ווי אַ פאַרמשפּטער... האָסט מיך גערופן און איך בין געלאָפן דיר העלפן...

— וואַמאַס, ס'איז ביי דיר אַ חלום פון דער אַלטער מיטן אַלטן!.. ווער מיינסטו בין איך עס, דער כינעזער מיט די לאַנגע אויערן? גיי דיר, גיי! איך האָב מיר דעם צויבערלעכן שליסל און באַסטאַ!...

— אַזוי גאָר? — האָט ער דערהערט איר נאָכגעביקע שטימע און באַלד האָט זי זיך אויפגעהויבן פון אַ בערגל, און אַ פּאַס פון העל־ברוינע כמאַרעס מיט געלע ריַיפן, האָט געהאַנגען איבער דעם. זי איז געווען באַגאָסן מיט זון־פלעקן ווי גאָלדענע מטבעות און די אויגן — צוויי דימענטן האָבן אים כישופדיק אַריַינגעצויגן אין די

טיפענישן פון אַ געהיימער וועלט און אים געמאַכט ווייך און נאָכ־גיביק. זי האָט זיך געפּיעשטעט און באַקלאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט אַליין? איך האָב מיך דערשראָקן... איצט איז די שעה ווען די שלענג קריכן אַרויס פון די לעכער... נאָך אַ ביסעלע — און אַ שלאַנג טוט מיר אַ ביס...

— פּאַברעסיטאַ, אַרעמענקע! פאַר וואָס האָסטו מיך ניט גערופן?

— איך האָב געשריען און ערמינדראַ איז ווי אַ ווילדער געקומען צו לויפן און ער האָט דער שלאַנג דערלאַנגט מיט אַ שטיין איבערן קעפּל...

אַפּאַריסיאָן האָט פון אייפערזוכט פאַרקלעמט ביים האַרצן און אים אָפּגעהאַקט דעם אָטעם. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער איז נישט געווען בכוח אַרויסצורעדן אַ וואָרט. אָבער ער האָט אַראָפּגענומען פון אַ צווייַג אַ שנור מיט רויטע בורשטינען, אַ גע־בליממטע פּאַטשוילע און צוויי רויטע, נייַע שיך מיט שטריקענע זוילן פונעם טוי אויף די צווייַגן, זענען די זוילן פון די שיך געווען נאַס און טראָפּנס האָבן זיך פון זיי געקייַקלט און ווי פּערל געפאַלן אויפן גראָז. ער האָט זיך איין שלאָף געחידושט: צי געפינט ער זיך הינטער אַבעלס ראַנטשאָ? אַבעלס ווייבל מיט די רוחעשע אויגן און גרויסע אוירינגלעך, זי האָט דאָך ערשט פריער אַרויסגעהאַנגען אויפן בוים די דאָזיקע וונדערלעכע נייַע זאַכן? און אפשר האָט גאָר דער מאַ־גישער קעניג דאָ איבערגעלאָזט די זאַכלעך פאַר עוועלינאַס וועגן, אפשר? ניין, דער דאָזיקער באַרג איז מוראדיק הויך און אים מוזן אַוודאי וווינען שדים. וווּ איז עוועלינאַ? שוין ווידער זיך אויסבאַ־האַלטן מיטן כינעזער?...

ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער אַ קאַרניז פון כמאַרעס ווי אַן איבערבעט מיט רויטע און געלע פוכענע פעדערן, ער איז אַרייַנגעזונ־קען אין די כמאַרעלעך, אָבער פון אונטן פון גאָר אַ טיפן און אָפּע־נעם שוואַרצן אָפּגרונט — האָט אים געטאָן אַ שלאָג אַ שרעקלעכע היץ און אַ רויכיקער פלאַם. ער איז אויפגעשפּרונגען און האָט שווער געאָטעמט. ער האָט ווידער דערהערט עוועלינאַס שטים, דאָס מאָל אפילו מיט פאַרוואורף און מיט רוגז:

— ווי עס זעט אויס ביסטו טאַקע אַ קאַבאַרדע... איך אַן אָרעם „זיעלע”, איך רייַט מיר אויפן אייזעלע צענדליקער מייַלן און האָב נישט מורא פאַר קיינעם און פאַר גאָרניט. דו, ווידער, האָסט דיך דערשראָקן פאַר אַ ביסל פלאַמיקן רויך...

— כאַכאַכאַ! דו ביסט אַ נאַרישע זיעלע און נישט מער! דער כינעזער וועט צעפּיצלען דעם זוים פון דייַן קאַפּעליוש און דיך אַרט עס גאָר נישט!...

— אז דו האסט מיך איבערגעלאזט איינע אליין, ווילסטו דאך אז אנדערע זאלן מיך אויך לאזן אליין, הא?...

— גוט, אז איך וועל אריינקוקן אינעם אפגרונט, וועסטו דיך איבערבעטן מיט מיר?...

— וואס פאר א פראגע?... איך וועל, ווי א מילך לעמעלע דיר נאכגיין אומעטום און באסטא!

— איצט האט ער באמת פארגעסן אין אלע סכנות. דערצו האט ער אויך געוואלט אין בראווקייט איבערשטייגן זיין ריוואל, וועלכן ער האט פונוויטנס באמערקט הינטער אירע פלייצעס און דערצו נאך — האט ער זיך אלץ געהאלטן אין שפילן מיטן ראנד פון איר קאפעליוש...

ער האט זיך ווידער א וואַרף געטאן אויף די פוכיקע כמארע־לעך. זיי האבן ווי פילקאלירקע זייפנבלאזן זיך אויפגעהויבן ארום אים און איבער אים. ער האט מיט איין האנט זיך אנגעכאפט אינעם זוים פון דעם אפגרונט און מיט דער צווייטער, האט ער מיט אלע כוחות געדריקט צו זיך דעם שליסל, פון אונטן האבן ארויסגע־זעצט רויכיקע פלאמען און רויט־בלויע פייער־פונקען ווי ריזיקע נאכט־פליגן מיט ברענענדיקע אויגן זענען אים געפלויגן אין פנים אריין.

— אך וויפל ווילדע פליגן עס דרייען זיך דא. דאס איז אוודאי צוליב דער היץ. דא מוזן אויך זיין בערג גאנצע מיט מיסט און אפפאל. די שדים קערן אוודאי האבן א סך זינד אויף זייער געוויסן, סינפארא איז געווען גערעכט... האט ער געזוכט זיך קלאר צו מאכן זיינע געדאנקען. צווישן די שפיצן פון די שווארצע, גלאנציקע און מיט רויך באזעצטע שטיינערנע ווענט, האט עס געיערט מיט א מאד־נער פליסיקייט, אזא גרינלעכע און רויטלעכע סמאלע. זי האט פאסנ־וויַיז זיך געצויגן אראפ און זיך דארטן אויפגעלייזט ווי אין א פעט־קייט פון אן איבערגעבערענטער בלוט־פלאזמע. אין דער פליסיקייט האַ־בן זיך געדרייט, געווארפן ווי אין קדחות — שטיקער גאלד, זילבער, בורשטין, קופער, פערל, פלאטין, רובינען בריליאנטן און אנדערע איידלשטיינער און איבער זיי — א קלעפיקער שיכט, זשאווער ווי א האריקע קאלדרע — זיך געבויגן, געדרייט אין קאנוולסיעס, ווי זי וואלט געווען א לעבעדיק, געפייניקט באשעפעניש...

אך, סארא, געדריי פון בולבעס, פון צאַרנדיקע זידיקע בערגלעך, וועלכע די קאלדרע וויל צודעקן און זיי לאזן זיך נישט... גאנצע שטאבעס פון עלפאנטביין, פון פערלמוטער, דרייען זיך ווי אין א ווילדן מאנץ. און לעבעדיקע באשעפענישן קריכן צווישן די שפיציקע ציגל פון די אויסגעפרעסטע ווענט. פירפיסיקע ברואים, מיט רויך אין די אויגן און מיט אפגעסמאליעטע וואנצעס... און איבער זיי — ווי־

דער דער פאַרשוין אין שוואַרצן! אַך, ווי ער שאַרט דאָרטן מיט די לאַנגע הענט, הענט ווי אײַזערנע פּרענטעס... איצט ווייסט ער שוין, אַפּאַריסיאַ, אויף זיכער, אַז דער פאַרשוין איז טאַקע דער איינגעמלעכער באַלעבאָס פון אַלע אוצרות אינעם שוואַרצן באַרג...

סינפּאַרא זאָגט אַז דאָ באַהאַלט זיך אויך אַ שלאַנג מיט מיט דרײַ פּיִערדיקע אויגן אינעם שטערן. אַ טכויר וואָס טראָגט גראָבע אויגן־גלעזער און מיט רעמלעך פון גאָלד באַזעצט מיט דימענטן... דאָ וווינען פּיפּערנאַטערס, שטשורעס און אַנדערע בייזע באַשעפע־נישן וועלכע דער דאָזיקער פאַרשוין שיקט אַן אויף די מענטשן פונעם מדבר... זיי מאַכן עס ציטערן די אַנדן. נאָך גוט וואָס ער, אַפּאַריסיאַ, האָט איצטער בײַ זיך דעם וווּנדערלעכן שליסל... ווען נישט — ווער ווייסט.

דערווײַל האָט ער ווידער דערהערט די שטימע פונעם געבונדע־נעם זקן: „נישט נאָר דאָ, אין די נעצן פון גיהנום — האַלט זיך אויף דער פאַרשטייער פונעם שקר, ער געפינט זיך אויך אין די רײַ־זיקע גיטער פונעם מדבר... ער געפינט זיך אין פּאַלאַצן. זיינע אָדערן זענען ווי די צעלן פון אַ קרעבס — אַרײַנגעוואַקסן אין אַלע ווינקעלעך פון דער גאַרער וועלט. ער רופט נישט, מײַן אוצר, און האַלט אין איין שלעפּן קרבנות צו דעמדאָזיקן גיהנומדיקן אָפּגרונט...

— אוי, גוטער זיידעניו, דאָ איז שווידערלעך. טאַקע נאָר די פאַרשטייער פון שקר מיט זייערע באַשעפענישן קענען אויסהאַלטן אין אַזאַ שטיקנדיקער, רויכעקער לופט. צי פילן זיי גאָרנישט ווי דאָס פײַער פאַרציקט זיי? דו נעם מיך בעסער אַרײַן צו דיר אין ראַנ־טשעלע, און באַסטאַ. איך וועל צערײַסן די קייטן און דיך באַפרייען פון דײַנע קוועלענישן.

— דו, מײַן יינגעלע, גיי דיר צוריק אין דײַן אייגענער ראַנטשע.

— וווּ איז מײַן טשערעדע? איך וויל זײַן אַ פּאַסטוכל און ניט מער. איך וויל שלאָפן. אַ קאַפּיטשקעלע, עס איז שוין די שעה פון דער סיעסטאַ. גיב מיר אַ טראָפּעלע וואַסער זיידעניו, איך ווער פאַר־ברענט פון דאָרשט.

אַרום אים האָט ער געפילט, האָבן זיך אויפגעהויבן פּייערדיקע לאַוועס, די היץ האָט אים געשטיקט דעם אָטעם. ער האָט גע־נומען לויפן, אַליין נישט וויסנדיק וווּהין. ער האָט זיך געדרייט צווישן אויסגעלייגטע, זיגזאַגישע סטעזשקעס, צווישן בערגלעך בלייַ־כער כמאַרע און נעסטן מיט צווײַגן פון ליליען און רויטע רויזן. דער גיהנומדיקער צאָרן איז אים אָבער נאָכגעלאָפן און געוועקט אין אים די מורא. ער איז ווי אַ צעמישטער צוגעפאַלן צו אַ טירל פון ערשטן געטאַקטן ראַנטשעלע, וואָס האָט אים ממש צוגעצויגן צו זיך.

ווען ער איז אריין אינעווייניק איז ער געבליבן שטיין פארגאפט און זיך נייגעריק ארומגעקוקט.

אין א ווינקל האט ער באמערקט אן אלט שטענדערל מיט ביכער און איבערן שטענדערל האט געפלאטערט א פאן אן אמתע פאטערלענדישע פאן. אבער — אנשטאט צו זיין באצירט מיט גאלד און מיט פערל, האבן גאר געשטעקט אין איר — לויטערע, קליינע טרערעלעך... די דאזיקע טרערעלעך האבן געשיינט און עפעס ווי איינגעזויגן אין זיך אויך זיינע טרערן...

ער האט פונדעסטוועגן נים געוואלט ארויסגיין פון דארט. ער איז גאר באהערשט געווארן פון אזא רואיקייט, אזא זיכערקייט, וואס ער האט ביז דעמאלט קיינמאל נים געפילט. דערצו איז די שיין אינעם ראנטשעלע געווען דורכזיכטיק, פול מיט מחיהדיקע ריחות פון אלערליי געווירצן און היילונג־גראזן. אויבן, איבערן שטענדערל, איז אין איין קאטרעלע פון בלויע וואלקנס מיט ראזע שפיצן, געזעסן סארמיענטא און האט עפעס אריינגעשריבן אין אן אפענעם בוך, וואס ער האט געהאלטן אויף די קני. אנטקעגן אים איז אויף א צווייטער קאמרעלע פון בלייכער כמארע, באצירט מיט ליליען און געלע שפיצן, געזעסן דעם לערערס מאמע און האט דארטן רואיק געוועבט אויף איר אלטער וועבשטול. לעבן איר איז געלעגן א גאנצער פאק מיט קליינע פאנטשעלעך און סוועדערס, טיכלעך און פארטיכער. „א, א! — האט אפאריסיא געזוכט צו טרעפן: אט די אלע גוטע זאכן מוז אוודאי די ליבע באבעניו גיבן דעם מאגישן קעניג, אז ער זאל זיי צעטיילן צווישן די קינדער פונעם מדבר... אך, ווי שיין זענען די ווייסינקע און בלויענקע טייבעלעך וואס וואַרקען צווישן די צווייטביימעלעך וואס ארום די הייליקע לייט! די טייבעלעך קושן זיך... זיי וויסן נישט פון קיין שנאה פון אייפערזוכט... אך, ווי שטארק ער, אפאריסא, וואלט געוואלט בלייבן דא! בלייבן און אפהיטן דעם גארטן וואס דארטן, פון יענער זייט בארג... באדינען דעם גוטן לערער מיט זיין מאמעלע. ער וואלט אינעם גארטן געקענט אויסהאדעווען צוויי ברעקעלעך אייזעלעך, דער לערער וועט האבן רחמנות. ער וועט נים אפרייסן די ברעקעלעך פון זייער מאמען, די ארעמענקע, וואס הערט נים אויף צו שרייען אין הימל אריין...

ער האט אראפגענומען זיין קאפעליוש, מיטן ארבל אפגעווישט דעם בלאטיקן שוויס אויפן פארפלאמטן פנים און מיט ווילדער הארצקלאפעניש, אנגעהויבן צו שטעלן א שפאן צום שטענדערל. דערביי האט ער פארחידושט גענומען רעדן צו זיך אליין:

— קאראמבא, גרויסע לייט זאלן וואוינען אזוי אומזיכערע....

אָבי טשאַוועלאָ און סינפּאַראָ זאָגן אַז די גרויסע לײַט האָבן גענומען פאַר זיך דעם גאַנצן מלוכה־אוצר...

ער האָט נישט באַמערקט ווען דער לערער האָט אַראָפּגענומען פון דער טאַז די ברילן אין אַלטע רעמלעך און אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך און האָט אַנגעשטעלט אויף אים די בליקן, גרויע און מיט אַ טיפער אומפאַרשטענדלעכקייט. ער האָט פאַרחידועשט געפרעגט:

— ווער ביסטו, קינד? ווי אַזוי האָסטו געטראָפן אַהער? —

אַפּאַריסיאָ איז געבליבן שטיין און געהאַלטן אויף אים די ציטערדיקע בליקן. אַ ווײַלע איז געווען שטיל ווי אין אַ גן־עדן. באַלד האָט אַפּאַריסיאָ זיך אָנגערופן:

— דער זיידע פערמין זאָגט אַז דער לערער וואָלט ווידער געקענט אויפבויען שולעס. עס פעלן דאָרטן מענטשן.

— ווער האָט דיר דערלויבט צו קומען אַהער און שטערן מײַן רו און מײַן אַרבעט? — איז דער לערער געוואָרן ווי צעמישט און דערשראָקן.

איצט איז אַפּאַריסיאָס קינדישע נײַגעריקייט און חוצפּה געוואָרן צעמאָלן. דעם לערערס שטימע איז געווען פעסט, ווײַט און פרעמד. די טיפע קאַרבן אויפן שטערן און אַרום די שלייפן זענען געוואָרן טיפער. אַפּאַריסיאָ האָט זיך צעוויינט. געוויינט פאַרצווייפלט ווי אַלע קינדער וועלכע פאַרבלאָנדזשען און וויסן נישט דעם וועג אויף צוריק. די טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקאַלערט אויפן דיל פון פוכענע כמאַרעלעך און האָבן אין אים אויסגעברענט לעכער. צווישן איין כליפּע און דעם אַנדערן, האָט ער אויסגערופן:

— איך האָב פאַרבלאָנדזשעט... וווּ איז מײַן סטאַדע? וווּ זענען די בריקעלעך, אוי עוועלינאַ, עוועלינאַ... אַ אַ!... דער לערער אַ קלוגעטשקער — האָט די באַליידיקונג אַרויסגעוויינט פון אים. — דער לערער זיצט זיך דאָ אין גן עדן און אונדז, די קינדער פון מדבר, האָט ער איבערגעלאָזט אַליין... דער כינעזער, דער קאַפּעליוש, דער זיידעניו — זענען פון אים געפלאָסן האַלבע צעדריבלטע ווערטער.

— ווער יאָמערט עס אַזוי האַרצרײַסנדיק? האָט ער דערהערט דער אַלטערס ציטערדיקע שטים. און ווער זענען עס די הייסע טרערן וואָס פאַלן אויף מײַן געמיט? ווײ ווײ! זיי ברענען אויס וווּנדן אין מײַן האַרץ...

דער לערער, האָט אַפּאַריסיאָ באַמערקט, האָט צוגעדעקט מיט די הענט דאָס פּנים און האָט שטיל געוויינט... אַפּאַריסיאָ האָט גרויס רחמנות געקראָגן אויף די צוויי אַלטע לײַט וועלכע ער האָט אויפגעוועקט פון נאַכמיטיקדיקן אָפּרו־שלאָף. ער האָט נאָך ביטערער

אנגעהויבן צו יאמערן און ארויסצוווארפן פון זיך האלבע נישט ארויסגעזאגטע ווערטער:

— זאל די גוטע באבעניו און דער לערער אראפגיין צוריק אויף א ווײלינקע. זיי וועלן אים העלפן אויסזוכן די ברעקעלעך אײ־זעלעך און אויך דעם זיידעס פערמין. זיי קענען ווינען ביים זיידן אין ראנטשע, עס איז דארטן גערוים!...

אפאריסיא האט דערפילט אויף זיך דער אלטערס דארע אבער טרייסטנדיקע הענט און באלד האבן אירע פינגער אנגעהויבן אויפצו־קלייבן זײַנע טרערן פון די אויסגעברענטע לעכער אינעם כמארע־בערגעלע און זיי אריינזעצן צווישן אלע שײַנענדיקע טרערן וועלכע האבן באצירט די פאטערלענדישע פאן... עס איז געווארן העלער, היימלעכער.

איצט האט ער זיך דערפילט ווי צווישן אייגענע, נאענטסטע מענ־טשן. ער האט זיך ווי עס איז בארואיקט, פארלייגט א ליפל איבער א ליפל, צוטרוילעך אנגעשפארט דאס קעפל אויף אירע אויסגע־שפרייטע דלאניעס ווי צווי מולטערלעך און ארויפגעקוקט צו אירע צע־שמייכלטע, פײַנלעך פארטערהטע אויגן. ער האט אנגעהויבן דערצייי־לן וועגן אלע זיינע ווייטיקן, פארשעמונגען און צום סוף — וועגן די ברעקעלעך אייזעלעך וועמעס מאמע עס יאמערט צום הימל און קיינער הערט זי נישט...

מיט אמאל האט עס פון אים ווידער ארויסגעכליפעט: עוועלינא, דער קאפעליוש, דער כינעזער מיט די לאנגע אויערן, קאראמבא...

דא האט ער ווידער דערהערט דער באבעס שטימע: א גלעטנדיקע, א פרומע: ראמינגיטא, זון מײַנער, האסט געהערט?

דער לערער האט זיך אויסגעגלײַכט, ארום אים איז אויפגעגאנגען אן איידעלער ריח פון נארציסן. אפאריסיא האט מיט טרויס אפשיי גע־קוקט אויף אים און זיך געחידושט: אד, סארא וואונדערלעכער וואל פון בלייכע און ראזעווע רויזן־בלעטער עס הענגט צעקאפנס זײַן ראנטשעלע און אין סאמע הארץ פון דעם וואל — הענגט אן הערב, אן אמתער פאטערלענדישער הערב, ווי איז א שולע... — ער האט דערהערט דעם לערערס שטים, א שווערע און א זיכערע:

— מאמע, איך האב געהערט זיין געוויין... מײַן געמיט איז צעבראכן געווארן אבער — איך קען מער ניט אראפגיין אהין, איך בין מיד, איך בין מיד!...

— מחילה און רחמים מײַן זון איז איצט וויכטיק. א קינד האט פארבלאנדזשעט, צי קענען מיר בלײַבן רואיק דא זיצן?

— מאמע, איך האב די מענטשן מײַן הארץ אפגעגעבן, זיי

האָבן זיך שלעכטע פּירערס געקליבן, זייער מענטשלעכע ווירדע באַ־גראָבן...

— אונטן, מײַן זון, מוז אוודאי זײַן אַ געוויטער. מען לײַדט דאָרטן נויט און אַ טייל פונעם פאָלק — איז דאָרט פינצטער און ביטער.

דאַ האָט אַפּאַריסיאַ זיך דערמאָנט אינעם שליסל און עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין האַרצן. ער האָט אים קונציק אַרויסגע־צויגן פון בוזים און נאָך קינציקער אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטן און אים אונטערגעכאַפּט צוריק. אים אָנגעטאָן אויפן ווײַז־פינגער און אָנגעהויבן מיט אים צו דרייען ווי מיט אַ הריידל. די אַלטע לײַט, האָט ער באַמערקט, האָבן זיך פאַרחידושטע צוגעקוקט, גע־שטוינט און באַלד האָט דער לערער איבערגעריסן די שפּילעוודיקע שטילקייט:

— וואו, מײַן אוצרל, האָסטו גענומען אָט דעם דאָזיקן וואונ־דערלעכן שליסל? — אויבן, ביים זיידעניו, וואָס איז געבונדן אינעם ראַנטשעלע?

— געבונדן?... הײַנט, אין ווינטיקע צײַטן האַלט מען נאָך אַלץ געבונדן די ערלעכע לײַט?

— זון מײַנער, דאָס לאַנד איז פאַרשוועכט און דער קברן וויל בלײַבן גערעכט. צי קענען מיר בלײַבן רואיק — האָט די אַלטע זיך ווידער אָנגערופן. דעם לערערס שטערן איז געוואָרן נאָך מער גע־קאַרבט און די אויגן, וואָס האָבן זיך געריסן פון די טיפע אויס־שניטן, די אויגן האָבן געציטערט און געגליט. אַפּאַריסיאַ האָט ניט אַראָפּגענומען פון אים די שטוינענדיקע בליקן און געשלונגען די טרערן. דער לערער האָט אַרויסגעצויגן אַ גרויס טיכל פון דער הינטער־שטער קעשענע אינעם אָפּגעריבענעם פּראַק — האָט אים אויס־געווישט די טרערן און אויך — די פּײַטשקייט פון אונטערן נעזל. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו זײַן מאַמען, וואָס האָט נחתדיק געשמייכלט צוליבן זונס גוטסקייט.

— האָסט געהערט, מוטערל, פונוואַנען עס קומען צו אונדז די ביטערע ידיעות?

— געהערט מײַן קינד. עס איז פאַר אונדז אַ כבוד צו זײַן אַזעלכע נאָענטע שכנים פונעם געבונדענעם אמת, אָבער ער גיט דאָך אונדז ניט קיין רואיקע מינוט. ער האָט ניט קיין רו, דער אָרעמענקער און ער גיט ניט קיין רואיקייט זײַנע שכנים, די אַלטע אויסגעהאָרעוועטע לײַט! — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ פרומען זיפץ.

ער האָט אויך געזיפצט און אויפגעהויבן די פאַרחידושטע בליקן

צום סופיט פון בלויע און רויטע וואלקנדלעך. זיין פנים האט אפאַריסיא באמערקט, איז געווארן באגאסן מיט אן איידעלען שיַין, און מיט א שטארקן באגער צו הערוויסן זיך עפעס ניַיעס. באלד האט ער זיך ווידער אנגערופן:

— ווי איך גיב מיר אצינד רעכענונג, מוטערל, האבן די וועלט־שמורעמס אהער געבראכט אן א שיעור שווארצע ראבן... זיי האבן זיך דא איַינגענעסטיקט, ווייל די פארשטייער פונעם שקר האבן זיך גענויטיקט אין זיי.

— אזוי?... סארא נידערטרעכטיקייט!... שליסן א שותפות מיט פרעמדע, שווארצע ראבן? — האט די אלטע געצארנט. און דו, מיַין זון, האסט מיך תמיד געטרייסט: „ניןשטא דא קיין געלעגער פאר די ראבן". און איך, מיַין קינד, בין מיר צוליב דיַין טרייסטעניש — געזעסן רואיק ביי מיַין וועבשטול און צוגעגרייט ניַיע פאנטשעלעך פאר די ברעקעלעכס וועגן...

— ערשט איצט, מוטער, פארשטיי איך, אז צופיל צוטרוי האבן צום שקר הייסט העלפן אין זיַין וועג. — האט ער שטיל געמורמלט.

— ווי און ווינד איז צו מיר!... — עס קען חלילה אן אומגליק געשען אויב מירן אים לאזן וויַיטער איז זיין שווארצער שליחות גיין!...

— מיר מוזן חאָד האבן גלויבן אין אונדזערע געזעצן, מוטערל, דער כוח פונעם שקר האט זיך טאקע פארמאסטן זיי ארויסצוריַיסן מיטן ווארצל. דאס האב איך געוואוסט שוין פון לאנג... נאך איידער מיר האבן זיך דא באזעצט. אבער מירן זיך ארויסריַיסן פון דער נויט. עס וועלן וויַיטער בליַיבן אלע שיינקייטן וואס איך האב אויפגעבויט..

דער דאזיקער געשפרעך האט שטארק גערירט אפאריסיאן און געוועקט אין אים סיַי א געפיל פון צוטרוי און סיַי א גרענעצלאזע ליבשאפט צו דער מוטערל מיט איר טיַיערן זון... א רגעלע האט זיך אים אפילו אויסגעדאכט אז ער שטייט פאר דער הייליקער מיטן קינד, דארטן אינעם קלויסטערל. באלד אבער האט ער זיך איבערציַיגט — אז ס'איז דער לערער! דער בעסטער וועגן וועלכן עווע־לינא און דער כינעזער האלטן אין איין רעדן... פון גרוים פרייד האט ער זיך נאך מער צעכליפעט און צווישן איין שלוכץ און דעם אנדערן, האט ער אויך געבעטן:

—טיַיערער לערער! קום באגלייט מיך קיין קארדאבא, וואו איך זאל קענען אפזוכן די ברעקעלעך אייזעלעך!...

די אלטיטושקע, וואס האט פארשטאנען זיַין צער, איז געווארן

זייער טרויעריק. זי האָט זיך געוווּנדערט צום זון וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו גלעטן דעם קינדס קעפּל:

— גיי מײַן זון צוריק אויף דער ערד. דײַן באַרוף איז שאַפן און אַרבעטן.

— וואָס וועל איך איצט אויפטאָן, אײנער אַליין אינעם שטור־רעם. איך בין שוין אַלט און ניט שטאַרק, ווי אַמאָל...

— דו האָסט דאָך מײַן קינד אַ האַרץ פון אַ יעזוס באַפּאַנצערט מיט שטאָל, כאָטש ביסט גוט און מילד ווי אַ שאָף...

— איך קען נאָר ניט פאַרלײַדן דעם שקר, די פּוסטע גאווה, דאָס איז דאָך אַ קאַנסער אויף אייביקער, אומזיסטער קעסט — האָט ער צאָרנדיק אויסגעשריען!

זי האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן זונס קאָפּ און ממש גע־שמײכלט און געבעטן:

— גיי אויף אַ ווײַלענקע און גיב נאָר אַ קוק. בינד אויף דעם אמת, רײַס איבער זײַנע קייטן און ברענג אים אַ טרייסט און אַ דאַנק פאַר זײַן באַמיאונג.

— אַ פירער מוז תמיד ביים רודער שטיין. אַ מאַמע טאָר זיין קינד ניט לאָזן אַליין...

— ווײַז זיי דײַן האַרץ וואָס איז ריין ווי קרישטאָל און גרייט אויף קרבנות ווי אין די אַלטע גוטע צײַטן...

— די פעלדער שטייען הײַנט טרוקענע, וויסטע. רויבפייגל שוואַר־צע פאַרשפרייטן דאָרט סם...

— אָבער דו ביסט אַ לערער, אַ פירער דערצו, וועסטו שאַפן אַ גוטן, דערפאָלגרײַכן פּלאַן פאַר אַרבעט....

אַפּאַריסיאַ האָט נײַגעריק נאָכגעפאָלגט מיט די בליקן די רײדנ־דיקע און מיט גרויסן אַפּשיי זיי ווײַטער אויסגעהערט. זייערע רייד האָבן אים שטאַרק פאַראינטערעסירט. ער איז געווען רואיק און אויך זיכער אַז זײַן קומען אַהין וועט געקרוינט ווערן מיטן גרעסטן טריו־אומף. ער האָט זיך זײַטיק צוגערוקט אין ווינקל און אַ מידער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן פּוכיקן איבערבעט פון קלאָר־ווײַסע כמאַרעלעך. די אויגן־דעקלעך, האָט ער דערפילט, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפ־קלעפּן, אָבער ער האָט זיך געוואָרט קעגן שלאָף און געזאָגט צו זיך אַליין:

ער וועט זיך ניט נאָכגעבן נײַן און ניין! ער וויל נאָר אַ קאַ־פּיטשקע אָפּרוען און זיך גוט צוהערן צום שמועס.

ער וועט אַלצדינג געדענקען, פּונקט ווי ער געדענקט וואָס דער זיידע פּערמין און טשאַוועלאַ מיטן מאַרטשאַנטע רעדן צווישן זיך

אלע מאל ווען זיי קומען זיך צוזאמען. ער האט דערוויַיל ארויסגע־גומען פון זיין טארבע דאס האלבע רייפטל ברויט מיטן האניק, אראפגענומען פון דעם די צוגעקלעפטע נאדליקע שטרויעלעך און אפע־מיטלעך גענומען בייַסן קליינע שטיקעלעך, אז עס זאל געדויערן וואס לענגער. זיַינע חושים זענען ווידער געווען וואכע, אנגעשפיצטע. און ווען די צוויי אלמיטשקע זענען געבליבן שטיל, האט ער פארשטאנען אז דארטן הערשט מאקע א פולשטענדיקע הארמאניע און שלום...
אין דעם האט דער לערער געטאן א קלאפ מיט די שפיצן פון די פינ־גער איבער א ברעקעלע פענצטערל פון א שכנישן ראנטשעלע. באלד האט ער טאקע דערהערט א מאדנע דערשראקענע שטים וועלכע איז געקומען פון עמיצן הינטערן פארהענגל פון פרישע יונגע רויזן־בלע־טער. דערצו האט זיך דורכגעשניטן א רעגנבויגן צווישן די לויטערע קופאלן איבער די בערג.

— ווער האט מיך אויפגעוועקט פונעם בייַטאגיקן שלאף?

— זיי דיך מטריח מיַין זון — האט די אלטע ליבלעך געענטפערט דער שטים וואס איז געווארן אומרואיקער פון מינוט צו מינוט און פול מיט רוגז.

— איך האב מיך בכיוון פארקליבן זייער וויַיט. איך וויל מער נישט וויסן פון ערדישע באשעפענישן.

— דו ביסט א פויער, טא שטראף מיך נישט פון דער וויַיטנס.

— און איך בין א קינד, א פארבלאנדזשעט שעפסעלע — האט אפאריסיא זיך קינדיש געפיעשטשעט און מיטן שפיץ פון דער צונג מחיהדיק ארומגעלעקט דעם האניק מיט די קרישקעלעך ברויט פון די ליפן.

— איך האב זיי געגעבן כבוד און פריַיהייט און זיי — זיי האבן מיַין לעבן פארשניטן!... — האט די שטים זיך באקלאגט.

דער לערער, האט אפאריסיא באמערקט, האט ביטער געשמייכלט און וווּטיקלעך פארטשעמעט די בלייד־געווארענע ליפן האבן אונטערגעציטערט. נאר די באבעניו האט פארבראכן די פינגער פון די הענט און זיך צעוויינט:

— דו ביסט נאך היַינט אונדזער לערער און וועגוויַיזער. דו מוזט שטיין אויף דער וואך, אויב דאס לאנד איז דיר טיַיער!

ס'איז ווידער געווארן שטיל. אזוי פחדימדיק, אנגעצויגן ווי תמיד, איידער עס קומט אן אן ערדציטערניש. מיט אמאל איז טאקע די שטילקייט איבערגעריסן געווארן. אפאריסיא האט דערהערט דאס טרו־בען און טרומייטערן פון א מיליטערישן מארש. באלד אויך א קליַינ־געריי פון שפארן, א פאכען פון שווערדן און צום לעצט האט ער א

שאָל געטאָן מיט אַן אויסרוף וואָס האָט ווי אַ בליץ דורכגעבראָכן זײַן גאַנץ לײַב און לעבן: הערט איר שטערבלעכע דעם הייליקן רוף, פרײַהייט, פרײַהייט, פרײַהייט.

אין דעם האָבן זיך צעפּאַכעט די כמאַריקע פּאַלעס, וואָס אַרום די הריקלעך פון שכנותדיקן ראַנטשעלע און סאַן מאַרטין איז אין זײַן גאַנצער מאַיעסטעטישער פּראַכט, געבליבן שטיין אויף דער שוועל. דער לערער מיט זײַן מאַמע, האָבן מיט אַ שאָקל פון די קעפּ אים באַגריסט און באַלד, כדי אים אָפּצוגעבן דעם געהעריקן כבוד, אַרונטערגעלאָזט די בליקן.

אַפּאַריסיאָ האָט געפילט ווי דאָס האַרץ איז ווי אַ געבונדן צעשראָקן אייזל אומגעשפּרונגען ביי אים אין דער ברוסט. ער האָט אָפּגעאָטעמט לאַנג און טיף, באַזאַכט אָפּגעלעקט דעם האָניק פון לעצטן שטיקל ברויט און מיט איין ביס — דאָס אַראָפּגעפּטרט. זײַנע אויגן ווי צוויי בלייכע טויבן, האָבן געפלאַטערט אַרום דעם גענעראַל. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין חידושן: קאַראַמבאַ, וואָס טוט זיך דאָ?... וואָס איז, דער גענעראַל מוז עס טאַקע טראָגן דעם אַלטן אָפּגעריבענעם אוניפאָרם?... אַך, די ווײַבער אינעם קלייטל שושקען זיך און זאָגן: די גרויסע לײַט זענען פוילנצער... אָבער זיי האָבן פּוניעם שענסטן און פונעם בעסטן... דערצו האָבן זיי פײַנט דעם אייגענעם אָרעמען ברודער... גאָט און די הייליקע מוטערל וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט די ליידיקגייערס...

— אַ, אַ! אַט טראָגט ער אויף דער ברוסט זיינע אַלטע מעדאַלן עס איז שוין! ער האָט זיי ערלעך פאַרדינט. דאָניאַ סינפאָראַ האָט געזאָגט אַז דער גענעראַל איז געווען באַשיידן... ער האָט זיינע מעדאַלן אויסגעבאַרגט זיינע ברעקעלעך אייניקלעך זיך צו שפּילן מיט זיי ווי מיט צאַצקעס... אַך, ווי שטאַרק ער, אַפּאַריסיאָ, וואָלט געוואָלט זוכה זיין זיך צו פאַרדינען ערלעך אַזאַ מעדאַל... ער וואָלט אים געהאַלטן אין אַ פּושקעלע מיט וואַטע, ווי דער מאַרטשאַנטע האַלט זיין חתונה-פינגערל, דער איינציקער זכר פון זיין אַמאָליקן גליק...

דערווייל האָט דער לערער אויפגעהויבן דאָס פּנים און האָט איבערגעריסן די שטילקייט: — זיי מיר מוחל, מיין גענעראַל, איך האָב דיך גערופן נאָר אויף אַ ווײַלע.

די אַלטע האָט פרום צוגעגעבן און גישט געוואָגט אויפצוהויבן דעם קאָפּ:

— מען האָט אונדז געבראַכט אַ זייער טרויעריקן גרוס.

— ווער האט עס געוואגט מיין לאנד צו פאריתומען, צו פאר־שוועכן? . . .

— מיר האבן קיין רעכט צו רוען איצטער, בעת די ראבן פליען אום אינעם שטורעמדיקן ווינט . . .

— שוין ווידער די ראבן, באפאנצערט, באנאגלט? . . . — האט זיך דער גענעראל געחידוש און זיינע אויגן האבן ווי דימענטן זיך אריינגעריסן אין די אנגערוקטע בערג־וואלקנס.

— א רעכט צו רעגירן, אנצופירן מיטן גורל פון פאלק, האבן נאר די וואס זענען בכוח צו פאריאגן די ראבן, די רויב־פייגל.

סארמיענטא האט שטיל געזייעט צווישן די ציטערדיקע ליפן:

— מיר מוזן אויך רופן דעם סארכענטא קאבראל — דאס לאנד דארף אונדז נויטיק מיין גענעראל.

— א א! . . . האט אפאריסיא געזוכט צו טרעפן. די אמתע גרויסע לייט טארן נישט וויינען צו דערוויטערט. דער זיידע פערמין איז זייער גערעכט, א געזונט אין זיין הארצן: ער האט תמיד גע־זאגט: דער גענעראל האט נישט גענומען פאר זיך אליין — גאר־ניט! — דער פאברעסיטא האט געמוזט גיין צופוס גאר לאנגע שטרע־קעס. זיינע אלטע שטיוול זענען פארטריקנט און באזעצט מיט שטויב. ער וואלט בעסער באדארפט גיין אין אלפארגאטן. אין אמתע אל־פארגאטן מיט זוילן פון גראבן שטריק . . . אזעלכע ווי עס טראגט דער מארמשאנטע.

דא האט דער גענעראל א בלאז געטאן אין זיין געלער טרובע און עס האט זיך פון איר א ריס־געטאן א באפעל, ווי אויפצוּוועקן זיינע שלאפנדיקע ארמייען . . . פון דעם דאזיקן טרומייט־רוף וואס האט אזוי שארף אפגעהילכט אינעם ארום, האבן די וועלטלעך פון אלע שכנותדיקע ראנטשעלעך אנגעהויבן ציטערן און זיך ראשיס אויפגעמאכט. מיט א מאל און גאר האסטיק, איז אריינגעלאפן אהער א דערשראקענער, דער סארכענטא קאבראל. ער האט צוגע־לייגט א האנט צום שטערן, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאנצער לענג אזוי גלייך ווי א סטרונע און אויסגערופן:

— זיי געגריסט מיין גענעראל, איך האב דיין הייליקן רוף גע־הערט — איך בין גרייט צום דינסט פאר אלץ וואס וועט זיין נויטיק!

אפאריסיא האט געטעמט שווער און זיך געוואונדערט: — קא־ראמבא אויך דער קאבראל איז אן ארעמאן. ער טראגט נאך זיין פאר־בלוטיקטן שינעל. וואס־זשע, אויך ער האט גארניט באקומען פאר זיין מי? . . . אט א יאלד!

סאן מארטין האט זיך אנגערופן:

— מיר זענען נעמריַיע דינער פון אונדזער פאַטערלאַנד. מיר פאַדערן קיינם ניט קיין לוין פאַר אונדזער באַמיאונג. אונדזער אויפ־שטיין פון שלאָף איז אַ נויט, ווען דאָס לאַנד דאַרף אונדז האָבן, וועט געבענטשט ווערן מיט גערעכטן נצחון!

דאַ האָט די אַלטע זיך געווענדעט צו די אַרומשטייענדיקע און טרערן, גרויסע טרערן, האָבן זיך גערייזלט איבער אירע געקאַרבטע, בלוטלאָזע באַקן:

— איך וויל נישט קיין בלוט און קיין פייער; איך בין אַ מאַמע

— יעדער קינד איז מיר טייער!

סאַרמיענטאַ האָט זיך אַריינגעמישט:

— אונדזער לאַנד איז געשען אַן אומגליק. איין ברודער דעם אַנדערן איז שוין נישט פּעיק צו פאַרשטיין.

סאַן מאַרטין האָט געקוקט צום לערער, און גוט באַטראַכט, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס מ'האָט אים אַזוי דרינגענדיק אויפגעריסן פון הארטן לאַנגן שלאָף. נאָכדעם האָט ער שטיל, אָבער מיט פעסטער איבערצייגונג, געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

— מיר היטן דאָס לאַנד, ווי ס'איז אונדזער פליכט, און מיר וועלן נישט, אין קיין שום פאַל פאַרבייטן אַ קראַ אויף קיין טויב . . .

— גייט צו די קינדערלעך. ברענגט זיי פרייד און גליק, וועט די זון פאַר זיי ווידער אויפשיינען. — האָט געזאָגט די מוטער. סאַר־מיענטאַ האָט זיך אַריינגעמישט:

— מען האָט שוין דאַרטן גענוג בלוט און טרערן פאַרגאָסן. דאָס האַרץ פונעם לאַנד איז אינגאַנצן דורכגעלעכערט . . .

— יאָ, פון אונדזער פאַלקס־אומגליק האָבן נאָר שווינדלער און רויבער געצויגן נוצן. מיר דאַרפן פאַרהיילן די וואונדן פון אונדזערע ברידער און אויסמיידן די טרערן פון אונדזערע קינדער, זייערע ליי־דן און פּיין אין אַן עלטער ווען נאָר פרייד דאַרף זייערע פּנימער באַלויכטן . . .

סאַרכענטאַ קאַבראַל האָט זיך אַרומגעקוקט ווי עפּעס צעמישט, נאָך דעם האָט ער זיך געווענדעט צום טרויעריק־געוואָרענעם גענעראַל:

— אומעטום פלאַטערט דיין פאָן, מיין גרויסער שעף, איך שטיי גרייט אויף מיין פּאָסטן יעדער מינוט ווען דו וועסט מיך נאָר דאַרפן. נישטאָ פאַר מיר קיין אונטערשייד פרי צי שפּעט — איך בין תמיד גרייט!

— אויך איצט וועלן מיר נאָכאַמאָל באַווייזן וואונדער, ווי אַמאָל אין די גלאָרייכע צייטן פאַר אונדזער פאַטערלאַנד. מיר וועלן

דאס מאל דערפילן דעם אנזאג פון קלוגן נביא — די שווערד וועלן מיר איבערשמידן אין אן אקער־אייזן...

סארמיענטא איז געווארן גאר באזונדער אויפגעלייגט:

— די דאזיקע לערע וועט פון א בלויזן חלום פארוואנדלט ווערן אין א שיינער ווירקלעכקייט. מיר וועלן דורך פרידלעכער ארבעט דער־גרייכן גליק און שפע פארן פאלק!

סארמיענטאס בליקן האבן שטאלץ אריינגעזאפט אין זיך דעם שמייכל פונעם גענעראל. נאכדעם האט ער אויסגערופן:

— מיר האבן נאך אונדזער מיסיע נישט פארענדיקט. מיר מוזן איצט דורכפירן אלע שענסטע חלומות פון די נביאים וואס האבן אנגעזאגט א גליקלעכע צוקונפט פאר אלע מענטשן אויף דער ערד. עס זענען פאראן גענוג ערלעכע לייט וואס וועלן צוזאמען מיט אונדז זיך איינשפאנען אין אט דער הייליקער ארבעט!

עס איז ווידער אוועק א לאנגער שמועס, וואס נישט אלץ פון אים האט אפאריסיא קלאר אויפגעכאפט און פארשטאנען. ער האט מיטן ארבל פון העמד אפגעווישט דעם שווייס פונעם פנים און די פייכטקייט פון אונטערן נעזל. ס׳האט אים אויך פארדראסן וואס מ׳האט אים מער נישט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט. האט ער דערפאר ארויסגענומען די שטיינדלעך פון זיין טארבע און זיי אנ־געהויבן ווארפן אין דער לופטן און קונציק צוריקכאפן אין די אויס־שפרייטע זשמעניעס אריין. ער האט אויך געטאן א קוק צו דער באַ־בען און מיט גרויס פרייד דערזען ווי זי האט מיט א באוועגונג פון די הענט אים געהייסן רואיק זיך שפילן וויפל זיין הארץ גלוסט נאר. באלד האט זי געזאגט:

— קינד מיינס, דיין בליק איז אומשולדיקדריין, אזוי ווי דיין געוויסן. אזעלכע ווי דו דארף דאס לאנד. מיט אייך וועט אל־דאס שלעכטס קענען פארשווינדן אויף מער קיינמאל זיך נישט אומצוקערן...

אוודאי איז ער, אפאריסיא, רואיק. אט וועט ער איר באווייזן אז איר צוטרוי צו אים איז גוט פארשטאנען געווארן. ער וועט זיך א קאפיטשקע אויסרוען אונטערן פייגנבוים וואס ביים ריטשקעלע און די גוטע באבעניו וועט אים אפהיטן די טשערעדע...

אבער דא איז געשען א זאך וואס האט אים שוין איינגאנצן צעמישט. אויף דער שוועל צווישן די צעשפארטע וואלקנס פון זיי־טיקן ראנטשעלע, מיט א פארהאנג פון ראזעווע פעלבלער־בלומען און בלויענקע פרישע געדאנק־בלימעלעך — איז מיט אמאל שטיין גע־בליבן בעלגראנא... אזא הויכער, אזא ברייטער, ווי דער מאנומענט אין צענטער פון פארק, דארטן אין דער גרויסער שטאט, אבער —

דער דאַזיקער בעלגראַנאַ טראָגט אַ ריזיקע פּאַן אין דער האַנט און זײַנע שפּיצן פּלאַטערן און דעקן צו די קאָרדיליערע. ער איז שיין. ער איז אַ שיינער, דער דאַזיקער זכר. אָבער אויך זיין פּראָסט, איז אַן אַלטער, אַן אָפּגעריבענער... די אַלטע הויזן זענען פאַרלאַטעט... קאַראַמבאַ וואָס טוט זיך עס מיט די דאַזיקע גרויסע לײַט, האַ? דער דאַזיקער שיינער זכר האָט דאָך נישט געוואָלט נעמען — דערמאָנט זיך אַפּאַריסיאָ — קיין געצאָלט נישט פאַר זײַנע געוואונענע שלאַכטן, נישט פאַר דער פאַן וואָס ער האָט געגעבן דעם פאָטערלאַנד! — אַזוי האָט געזאָגט דער זיידע פערמין.

ער, אַפּאַריסיאָ, וועט קויפן אַ גאַרטל ביים מאַרטשאַנטע, אַ גאַרטל באַשלאָגן מיט אמת'ע, עכטע נאַציאָנאַלע מטבעות... ער וועט אים אָוועקשענקען אָט דעם דאַזיקן שיינעם זכר!...

דערווײַל האָט דער גאַסט זיך געווענדעט צו די אַרומשטייענדיקע, וואָס האָבן אים אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד.

— ווער האָט עס מיך אָפּגעריסן פון מײַן זיסן שלאָף? און וואָס טוט איר דאָ אַלע אינײַנעם? איז איצטער טאָג אָדער נאַכט? פאַרוואָס זענט איר אַזוי טרויעריק, פאַרקלערט?

— שוואַרצע, בייזע קראָען פליען נאָך אַרום...

— מײַן פאָלק איז שוין ווידער באַדראָעט?

— דאָס גליק און דער שלום פון אונדזער ליבן פאָטערלאַנד איז נאָך אַלץ ווײַט, זייער ווײַט...

אין זײַנע קלאָרע בליקן האָט אַפּאַריסיאָ באַמערקט, האָט זיך באַוויזן ספקות. אויפן שטערן האָבן זיך אָפּגעלייגט דרײַ טיפע קאַר־בן. ער האָט זיך אָנגערופן:

— זאָג מיר נאָר, ברודער סאַן מאַרטין, ווער זענען עס אָט די פּײַנע לײַט וואָס שטערן מיר מײַן רו?...

— אויך איך בין געקומען אהער צו פליען ווי אַן אָדלער!

— צי דען איז די ירושה וואָס מיר האָבן געלאָזט אַן אָרעמע? צי האָט זיי, אָט די לײַט, די רײַכקייט וואָס זיי האָבן פון אונדז גע־קראָגן געקאָסט וועלכע עס איז מי? ווער נעמט זיך דאָס רעכט מײַן אָנדענק צו פאַרשוועכן?

— עס ברומען איצט ווינטן וואָס ווילן אַלצדינג צושטערן, אַלץ וואָס מיר האָבן דורך בלוט און קרבנות באַוויזן צו דערגרייכן.

סאַרמיענטאָ, וואָס האָט באַזאָרגט געקוקט צו זײַן מאַמען, און מיט די בליקן איר באַפוילן צו זײַן רואיק, ער האָט זיך ווידער אָנ־גערופן:

— זיי האָבן געלעסטערט דײַן פאַן. דאָס לאַנד אונדזערס האָבן

זיי פּאַראַמרייניקט. דיר איז איצט באַשערט ווידער אויפצוהויבן די ריינע פאָן וואָס דו האָסט געשאַפן, פאַרן וואויל פון דעם לאַנד.

דאַ האָט אַפּאַריסיאַ באַמערקט ווי די ליכטיקייט אין בעלגראַנאָס אויגן איז געוואָרן פלאַמיק, דורכדרינגלעך. די באַבע האָט פון אַי־בעראַשונג נערוועז אויסגעבונדן און מער צענויפגעצויגן אונטערן האַלדז די שפּיצן פון איר געבלימטער פאַטשיילע. נאָכדעם האָט זי זיך אָנגערופן:

— גייט, איך בעט אייך, אויף אַ ווײַלענקע צוריק אַראָפּ אויף דער ערד. מאַכט דאָרטן אַ טאָלק. פאַרשפּרייט אַביסל יושר, זאָלן מענטשן קענען לעבן אין שלום און גליקלעך!...

אַפּאַריסיאָ האָט זיך אויך אַרײַנגעמישט אין שמועס:

— עס בלאָנדזשען אום קינדער, ווי קליינע עלנטע שעפּסעלעך, זיי פאַלן פון הונגער, נאָר דער מדבר באַקלאָגט זייער אומקום!

— וואָס, איין ברודער דעם צווייטן, לאָזט דאָרטן פאַלן?... צי פעלן ביי אונדז פרוכטבאַרע פעלדער און אַלערליי מינעס, מיט די טײַערסטע מעטאַלן וואָס וואַרטן נאָר אויף פּרוכטיקער מענטשלעכער מיה... מיר האָבן געהאַנדלט, פי, און קליינע קינדער האָבן נישט קיין שפּייַז?...

סאַרמיענטאַ האָט ביטער אָפּגעזיפצט און געזאָגט, דאָ צו איינעם, דאָ צום צווייטן:

— אונדזערע אימפּירן, די דערגרייכונגען פאַרן פאָלק, פאַר סאָציאַלן יושר, פאַר ציוויליזאַציע און קולטור — ווערן געמראַטן מיט די פיס. די פעלקער פון דער וועלט שטוינען און די שונאים פון לאַנד — שפּעטן און לאַכן...

סאַן מאַרטין האָט נאָכאַמאָל געטאָן אַ בלאָז אין זײַן טרובע און האָט נאָכדעם אומרואיק אויסגערופן:

— די פאַלשע נביאים פאַרשפּרייטן נאָר שנאה, אָבער דו, סאַרמיענטאָ, וואָס דו ביסט דער לערער פון פאָלק, דו באַווײַז דײַן גרויסקייט און דײַן פלייס, צײַג אַז פאַר די קינדער דעם גראַדן וועג. עס וואַרטן פרוכטבאַרע פעלדער, רײַכע אוצרות אינעם איינגעווייד פון די בערג — ווײַז זיי אַז, לערן זיי ווי אַט דאָס אַלץ אויסצונוצן פאַר דער גרויסקייט פון פאָטערלאַנד וואָס מיר האָבן באַפרײַט — און אויפגעבויט!

סאַרכענטאַ קאַבראַל האָט זיך אויך אַרײַנגעמישט:

— איך האָב פאַרגאָסן מײַן בלוט און אַ סך טרערן, און איצט וויל איך ירשענען דער שקר, די פאַלשקייט!

אַפּאַריסיאַ האָט אויפגעהויבן צו זיי זײַנע בליקן און געזאָגט:

— מיר האָבן אַ ריזיקן מדבר וואָס קען ווערן פּרוכטבאַר. פוּ־נעם שמוציקן ריטשקעלע קען ווערן אַ פּליסיקער, קלאָרער און דער־פרישנדיקער טייך. מיר נויטיקן זיך דאָך אין וואַסער פאַר אַלעמען. דאָס וועט זיין די ברכה פון דער ערד.

די אַלטע לייט, האָט ער באַמערקט, האָבן זיך צערשטריייט אַרומגעקוקט און אַזוי ווי ניט פאַרשטאַנען וועגן ס׳האָט צו זיי גע־רעדט.

דערוויייל איז געוואָרן אַ ווינט. די פּאַלעם פונעם זייטיקן ראַנ־טשעלע זענען זיך צעפלויגן אין דער לופטן אַריין און אויף דער שוועל איז געבליבן שטיין אַ נייער גאַסט. אַפּאַריסיאַ איז געוואָרן נאָך מער ניייגעריק. ער האָט אויף אַ ווייילינקע אויפגעהערט וואַרפן די שטיינדלעך און גוט באַטראַכט דאָס לענגלעכע פּנים מיט די איי־דעלע קאַרבן פון גאַסט. אַ, אַ! אויך דער איז ניט אַנגעטאָן ווי עס פּירט זיך ביי די גרויסע לייט. אַ שוואַרצע, גלאַנציקע פעלערינע און אָפּגעריבענע הויזן. אויך דער איז אַ נאַרעלע און זאָל עס מיר נאָט און די הייליקע מוחל זיין.

אָבער לויט דעם אויסדרוק אויף די פּנימער פון די אַלטע לייט און דעם כבוד וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס מוז זיך אוודאי האַנדלען וועגן אַ זייער חשובן מענטשן. דער גאַסט האָט איבערגעריסן די גאָט־פאַרכטיקע שטילקייט:

— ווער האָט געוואָגט מיך אויפצורייסן פון מיין רו און טיפן שלאָף, ניט שוין־זשע מוז איך אפשר פאַר עמיצן אַ האַרבע שטראָף אונטערשרייבן, זאָגט, וואָס טוט זיך דאָ?...

פאַרמיענטאַ איז צוגעגאַנגען נאָך נאָענט, האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אַריינגעפירט אין ראַנטשעלע. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגערופן:

— דו, סאַענס פּעניאַ, ביסט אונדזער שעף, אין דיינע הענט ליגט איצטער דער גורל פון לאַנד.

— דער שקר האָט זיך אין אונדזער פאָטערלאַנד הפקרותדיק צעהוליעט. אַלע שמוציקע קוואַלן פון האַס האָט ער צעעפנט, צע־פּראַלט!

האָט סאַן מאַרטין זיך אַריינגעמישט און קאַבראַל האָט צוגע־געבן מיט פאַרדראָס:

— מיר מוזן פאַרטרײַבן דעם שמוציקן שקר. אויסראָטן די מי־קראָבן וואָס מאַכן אונדזער פאָלק קראַנק!

— איין מענטש דעם אַנדערן ברענט איצטער די טריט, בישטאָ

קיין גערעכטיקייט פארן געדריקטן. בלוט־דארשטיקע שווארצע ראבן פארטונקלען דעם הימל!

— זיי דארשטן נאך מאכט, נאך בלוט און נאך טרערן פון אונדזער געפלאגטן פאלק!

— קראען וועלן נישט ווערן קיין הערישער, קיין פירער פון אונדזער היים־געליבטן לאנד! — האט סאן מארטין ענערגיש אויס־געדופן — איך האב באפרייט מיין פאטערלאנד פון בייזע אונטער־דריקער, נישט כדי נייע טיראנען זאלן דאס ירשענען!

אפאריסיא האט אנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן דער שטאלץ־אויפגעהויבענער קאפ פונעם באפרייער, זיין ענערגיש הויך קול, האבן אים איבערגעשראקן. דערצו האט ער באמערקט אז דער פראסער איז מיט אמאל געווארן דורכזיכטיק ווי דער איידלסטער רעגנבויגן און זיינע געשרייען האבן ווי שווערע געוויכטער, זיך גע־קאלערט איבער די בערג און העט ביז אראפ אינעם שלאפנדיקן מדבר...

דא האט די אלטע אוועקגעלייגט אויפן שויס אן אנגעהויבענע ארבעט און האט צעפירט מיט די הענט און ווי א מאמע אנגעהויבן צו רעדן צום גאסט:

— דיין געזעץ פון יושרדיקן דעמאקראטישן וואל־סיסטעם האט דער שקר אינגאנצן פארשוועכט. ער טראגט נאך א מאסקע און רעדט וועגן יושר און ער איז ווייט פונעם אמת ווי הימל פון ערד.

— וואס, דער שקר האט נאך א פלאץ צו וואוינען אין אונדזער לאנד? ס'איז דאך פשוט א חרפה און א בושה!

האט קאבראל צוגעגעבן און סאן מארטין האט געזאגט:

— מיר וועלן דעם שקר אויסראטן און אנשטאט אים — פאר־שפרייטן ליבשאפט אומעטום. מיר וועלן ארויסהויבן דאס לאנד פון דער בושה — האט אויך קאבראל מיט כעס ארויסגערעדט און סארמיענטא האט צוגעשאקלט מיטן קאפ.

— לאמיר לערנען די קינדער צו לעבן מיטן פאלק.

אין אחדות דאס לאנד — גליקלעך דאס פאלק —

האט די אלטע צוגעגעבן מיט פרומען געבעט, פרייער אפגע־אטעמט און אנגעגאנגען ווייטער מיט איר ארבעט.

— אוי וואו! די אלטע לייט רעדן צופיל... און ער, אפאריסיא, ווערט דערווייל פארשרפעט פון דער היץ, ער וויל דרימלען א קאפ־פיטשקע... נאר צומאכן די אנגעברענטע אויגן־דעקלעך און נישט מער! ער האט זיך היינט גענוג שוין אנגעהערט און אנגעזען... איצט וויל

ער זײַן אַלײן, אַלײן מיטן מדבר און מיט דער משערעדע... יאָ, זײ ליגן אויסגעלײגט אַרום דעם ריטשקעלע. זײ אָטעמען געזעטיקטע, די טײַערע ציגעלעך. שלאָפט, שלאָפט און איך וועל אײַך אָפּהיטן.

ער האָט זיך ברייטלעך אויסגעצויגן אויף די פּוכענע וואָלקנס, האָט אַראָפּגערוקט דעם קאַפּעליוש ביז איבער די אויערן, אויגן, אַ וואָרף געטאָן אַ האַנט אַהער, אַהין און דער ווינט האָט געשוויבערט און אויפגעהויבן זײַנע צו גרויסע פּלודערן און די פּאָלעס פונעם גרויסן מעקסיקאַנישן רעקל.

אויפגעוועקט האָט אים עוועלינאַס חוזק־געלעכטערל. אַפּאַריסיאַ, דו האָסט איבער דײַן אַנטשלאָפן־ווערן ווידער פאַרשפּעטיקט. אַלע ווייסן שוין אַז דו האָסט פאַרלוירן די געלעגנהייט.

ער האָט זיך ראַפּטום אויפגעזעצט, גלײַכגעמאַכט דעם קאַפּעליוש און זיך אַרומגעקוקט. ער איז נאָך אַלץ געווען אין לערערס ראַנטשעלע. אָבער איצט איז עס געווען לײדיק. די שפּיצן פון דער אַלטער ריזיקער פּאַן, האָבן ווי ווײַס־בלויע טויבן, זיך געשפּילט אײנעם ווײַכן שמעקעדיקן ווינטל, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען פון דרויסן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען די טאַרבע, גוט אַנגערוקט דעם קאַפּעליוש און מיט אַ זייטיקן געגנגעלע זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. ער האָט ווי אַ יונג טיגערל מער געשנאַפּט ווי געקוקט. אויף אַ ברייטן קרייצוועג איז ער אויף אַ רגע געבליבן שטיין און געטראַכט. ער האָט געזען אַ וועג צו מזרח־זייט, צו מערב, דרום און צפון. בײַכיקע זענען געווען די וועגן, אַרום זענען געווען אײַנגעזונקען ריזיקע שטיינער, עס האָט פון זײ אַרויסגעוואַקסן ווילדע קאַקטוסן. דער טרוקענער, הייסער מדבר־ווינט האָט אים געשמיסן אין פּנים אַרײַן און אַראָפּגעבויגן דעם ראַנד פון צעשוינדערנעם קאַפּעליוש.

— ניין, ער איז נישט געשלאָפן... ער האָט זיך נאָר אויסגערוט, זיך אויסבאַהאַלטן אַ קלײן ביסעלע פון דעם גיהנומדיקן פײַער, פונעם שטויב וואָס קריכט אים אין די אויגן. און ווער ווייסט אויב איצט האָבן חשק צו פאַרלאָזן זײַן ראַנטשעלע? — האָט ער אַלץ געטראַכט און געזוכט אַ באַרעכטיקונג פאַר זײַן ווערן אַנטשלאָפן. אויך זי, די עוועלינאַ ליגט פאַרשטעקט ערגעץ צווישן די שוואַרץ־באַלאַדענע פּרוכט־ביימער פונעם באַלעבעסלס גאָרטן און ער? !... אָך, צו וואָס האָט ער, אַפּאַריסיאַ, איר אַוועקגעשענקט דעם זיידנס פליגלען, צו־וואָס?...

ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו גיין, לויפן. די איבערזוכט, האָט ער געפילט, וועט ווי אַ וואָרעם צעפרעסן זײַן האַרץ און אים אומ־

ברענגען... ער האט נישט געפילט קיין מידקייט, נישט געפילט מיצר ווי די מדבר־זון האט ווי א פייער געשלאגן איבער זיין קאפ. ער איז געלאפן און ווען ער האט זיך שוין דערזען הינטערן בארג מיטן זיידע פערמינס ראנטשעלע, איז ער געבליבן שטיין, מיטן ארבל פון ציטערנדיקן רעקל אפגעווישט דעם בלאטיקן שווייס פון פנים און פון האלדז און נאקן. ער האט דערשטיקט אין זיך דעם ווייטיק, אראפגעשלונגען די טרערן און געזאגט צו זיך אליין: „אך, ווי גוט עס איז צו זיין ביי זיך אין דער היים"...

שוועלינא האט פונעם סאמע בארג־שפיץ אראפגעשריען צו אים:

— וואס שטייסטו דארטן ווי א פארמשפטער? קאראמבא! קום וועסטו זען וואס פארא געהויבענע געסט ס'האט דיין זיידע פערמין.

— בא, איך ווייס, איך האב זיי דאך געגעבן דעם אדרעס!

— וואמאס, וואמאס, אומעטום מישט ער זיך אריין, דער ליגנער!

— ווער? איך בין א ליגנער אדער דער בינעזער איז א ליגנער?... איך האב דאך אויפגעשלאסן די טויערן פון גן־עדן!

— אבער דו אליין זעסט אויס ווי דו וואלסט ערשט אנטלאפן פון גיהנום. כא־כא־כא!...

ער האט דערפילט א שארפן ווייטיק אין הארצן און די טרערן האבן זיך אנגעהויבן שפארן צום האלדז. ער האט זיי אראפגעשלונגען און ברוגזלעך געבורטשעט:

— דער אמת אליין האט מיר פארטרויט זיין שליסל, פארשטייסט?

— וואו איז דען פאראן דער אמת? כא כא! וואס מיינסטו, איך בין א נארעלע און דו וועסט מיר איינשמועסן א מעשה פונעם אלטן מיט דער אלטער?... גענוג האט מען מיר שוין איינגעשמועסט, און באסטא!...

ער האט געהאלטן אויף איר די שטויגענדיקע בליקן און באוואונדערט איר שיינקייט. דאס צעשונדענע קליידל האט זיך געוואשן אינעם זוניקן ווינט און אירע צעפ, ווי צוויי שנורן פון שווארצע דימענטן, האבן געשיינט. זי איז ווי א פאווע מיט אויסגעשפרייטע פליגלען אראפגעפלויגן צו אים, אנגענומען ביי אים זיין מינדסטן פינגערל און אריינגעשמייכלט אין זיינע אויגן. אירע בליקן, די ווייסע ציינדלעך אינעם האלב־אפענעם מויל — אלץ אין איר האט מיטגעשמייכלט. זי האט אים געפירט צום זיידנס ראנטשעלע און האט מיידליש און פריידיק געפלאפלט: „די ווייבער אין קלייטל האבן געזאגט אז היינט איז דער שענסטער יום־טוב אינעם מדבר. זיי גרייטן

שווין צו א געבראָטענעם אָקס מיט דער פעל און ווין וועט זיך גיסן ווי וואַסער. האַניק וועט אויך זיין און טאָרט מיט ניס"...

איצט האָט אים ווידער אָפּגענומען דאָס לשון. אַלץ אין אים האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין גרויסער, פריידיקער טרער. זי האָט אים א פרעג געטאָן:

— האָסט מיר גאָר נישט וואָס צו דערציילן? נישט וואָס צו פרעגן קאַראַמבאַ, וואָס פאַר א זכרל ביסטו עס? אַפילע קיין ברעקע־לע איינפערזוכט פילסטו נישט...

ער האָט געאָטעמט שווער און אויפגעהויבן די פאַרחידושטע בליקן צום לעבעדיקן מאָנומענט, דאָרטן אויפן סאַמע שפיץ פון באַרג. די שפּיצן פון דער ריזיקער פאַן, וועלכע בעלגראַנאַ האָט פעסט גע־האַלטן אין זיינע הענט — די שפּיצן האָבן ווי זיידענע פליגלען פון יונגע אַדלערס, געגלעט דעם באַרג, אים געקושט... איבערן מאָנו־מענט האָבן געגרוט רויטע, פייערדיקע קופּאָלן און דער הימלישער האָר אין זיך רואיק אומגעריטן אויף זיין ברעקעלע אייזעלע אין דער לבנה.

— וואָס טוט זיך דאָ?... האָט ער אין שלאָף זיך געחידושט.

דעם דאָזיקן מאָנומענט האָט ער דאָך געזען אין דער גרויסער שטאָט, וואוהין דער זיידע פערמין האָט אים מיטגענומען: איז ווער האָט אים געבראַכט אהער? ווער? אָבער אָט שטייען דאָך אַרום אים אַלע אַלטע לייט, וועלכע ער האָט פריער געטראָפן אינעם הימלעשן ראַנ־טשעלע... אָה, די עוועלינאַ האָט אים, אַפּאַראַסיאָן, ווידער באַזיגט... זי האָט נישט אָפּגענאַרט, אָבער פאַרוואָס זענען די פנימער פון די חשובע לייט אַזוי פאַרטרויערט געוואָרן און באַזעצט מיט א געדיכטן שטויב? אָה, סאַראַ טיפע זאָרג, עס ליגט אין זייערע וויטעוועדיקע בליקן!...

דאָ האָט אים עוועלינאַ זייער פאַרכטיק איינגערוימט:

— זיי נישט אַזוי צעשטרייט, דאַרפסט הערן וואָס די גרויסע לייט וועלן באַלד זאָגן.

— זאָגן, פונוואַנען ווייסטו עס, קאַראַמבאַ?...

— די ווייבער אין קלייטל האָבן פאַרזיכערט אַז די גרויסע לייט זענען זייער ברוגז. — אַפּאַריסיאָ איז אַרויסגעלאָפן און טאַקע דערהערט די איידעלע שטים פון סאַענס פּעניאַ וועלכער האָט ביז איצט געהאַלטן אין איין קוקן אין די וויטעוונישן פונעם מדבר:

— ווי אָפּגעשטאַנען און פאַרלאָזט עס לעבן דאָ די געצײלטע מענטשן!

— יאָ, דאָ איז אַלץ פאַריתומט און ווי א נעסט פונעם עלנט.

האָט אים דער באַזאָרגטער ליערער געענטפערט.

— ווי עס זעט אוים איז דא גארנישט אויפגעטאן געווארן.

— גאט אין הימל, קיין סימן פון לעבן איז דא נישטא!

— עס וווינט דא דער אייביקער דלות... וואו זענען אונדזערע יורשים, זיי וועלן זיך נישט אויסבאהאלטן... זיי מוזן אונדז אפ־געבן א קלארן חשבון... זיי וועלן מוזן זאגן דעם אמת!

— דער אמת ליגט א געבונדענער! — האט אפאריסיא אויס־געדופן. דער לאנגער אין שווארצן — געוועלטיקט איבער אים!...

דער ווינט האט אויפגעהויבן א רויטלעכן טרוקענעם שטויב. ער האט זיך צעוויכערט איבער די גרויסע לייט. זיי האבן אנגעהויבן צוהוסטן. בעלגראנא, איגנאנצן א רויט־געווארענער, האט קוים געקענט אויסשרייען:

— וואסער, א טרונק וואסער גיט מיר!

עוועלינא איז ווי א פויגל ארא פגעפלויגן צום ריטשקעלע און געקומען צוריק מיט א ביסל קויטיקער וואסער אין א פארזשאווערטן בלעכל.

— זאל דער הארעלע טרינקען, עס איז ריין...

— וואס טוט זיך דא?... איז טאקע אלץ געבליבן ווי מיט הונדערט יאר צוריק!... האט ער מיט א האנט אפגערוקט פון זיך דאס בלעכל און האט געפרעגט די ארומשטייענדיקע, וואס האבן ווי עס איז אנגעהויבן קומען צו זיך:

— ביי לייטן, האב איך געהערט זאגן, נוצט מען שוין אטא־מישע קראפט צו טעגלעכער באדינונג. האט אים סאענס פעניא גע־זאגט און מיט פייכטן טיכל געהאלטן אין איין ווישן דעם שטויב פון פנים. דא ווידער איז נאך נישט פאראן אפילו קיין ברונעם מיט א ריין ביסל וואסער... האט סאן מארטין פארביטערט צוגעגעבן. פון וואסער־לייטונג און עלעקטריע וויל איך איצט נישט טראכטן.

— טרינק, הארעלע, האט עוועלינא אים אונטערגעטראגן דאס בלעכל און געמאכט א פרומע מינע. טרינק איך האב מיט א ביסל באליגע אויסגעריבן די כלי... זי איז ריין...

אפאריסיא, וועלכער האט א פארחידושטער זיך צוגעקוקט, האט פארשטאנען אז זיין ריי איז שוין אויך געקומען. ער האט זיך אנ־גערופן:

— איך וועל ברענגען אביסל עוקאליפטוס און וועל מאכן א טאפ מיט פארע. די פארע איז א רפואה אויסצורייניקן דעם שטויב פון די בראנכיאס.

די גרויסע לייט האבן אים אנגעקוקט און באדויערלעך גע־

שמייכלט. סאַרמיענטאַ האָט אים געטאָן אַ קניפּ אין בעקל און נאָכ־
דעם געפּרעגט:

— און דו, יונגל, קענסט דאָ גוט אַלע וועגן!

— אַלע, אַלענקע!

— און פאַר די מדבר־חיות האָסטו נישט קיין מורא?

— מורא? ניין!... האָט ער נאָך אַ רגע טראַכטן רואיק גע־
ענטפערט. מיט די שלענג מוז מען אָבער זיין פאָרזיכטיק... זיי
זענען פאַררעטעריש...

— אַ, דאָס ווייס איך און אַלע אינעם מדבר ווייסן עס שוין.
מען דערלאַנגט מיט אַ שטיין איבערן קעפּל און עס איז אויס מיט
דער געפאַר...

— אַזוי און טאַקע נישט אַנדערש זאָלסטו, אוצרל, טאָן.

דאָ איז סאַענס פעניאַ צוגעקומען און זייער טרויעריק אויסגערופן:

— איך ווייס נישט ברודער פון וועלכן ווינקל אַנצוהייבן אָפּקערן
דעם באָדן. סיי מזרח, סיי מעריב, סיי צפון סיי דרום, צערודערט,
פאַרוויסט, פאַראַרעמט, פאַרוואַרלאָזט אַזוי ווי אַ שטורעם זאָל זיך
געווען דורכטראָגן און אַלצדינג פאַרוויסטן, חרוב מאַכן...

— ס'איז קלאָר ווי דער טאָג אַז מען דאַרף ווידער אָנהייבן פון
דאָס ניי. מען מוז בויען, שאַפן אַרדענונג, אַרבעט־מעגלעכקייטן.

— מען דאַרף דעם שקר פאַרטרייבן, די שוואַרצע אַנשיקעניש...
זאָט אַפּאַריסיאַ זיך אַריינגעשמישט.

— זאָרג נישט, מיין יונגל, אַז מיר זענען שוין געקומען, וועלן
מיר אַריינברענגען אַ טאָלק. דאָ וועט בליען ווייץ און קאָרן, עס וועט
זיין מילך און האָניק, און אַלע אַנדערע נאַרונגען צו דער זעט פאַר אַלע
— טיכטיקע און אַרבעטזאַמע איינוווינער. נישט געזאָרגט! האָט
דער לערער געזאָגט. און סאַענס פעניאַ האָט מיט אַ שמייכל אויף די
ליפּן צוגעגעבן:

— אויך ווייַנטרויבן וועלן דאָ וואַקסן און די בעסטע וויינען
וועלן דאָ געמאַכט ווערן, נאָך דער גלות וועט פון דאַנען ווערן אויס־
געראָטן.

— קיין איינער פון אונדז זאָל אָבער נישט קומען צום גרייטן
— האָט סאַן מאַרטין אַ געשריי געטאָן — יעדער וואָרט אונדזערס
מוז קומען באַגלייט פון מעשים!

און סאַרמיענטאָ, וואָס האָט קענטיק זיך פאַרופן אויף דער גרוי־
סער ירושה פון די ביבלישע נביאים, האָט פייערלעך דערקלערט:

— דער אייביקער שלום, די שטענדיקע פרייד, וועט אויפשיינען
איבערן גאַנצן מדבר; דאָס קינד וועט זיך חברלעך שפּילן מיטן

ליב און די פעלדער וועלן אַרויסגעבן מיט שפע ברויט און אַלערליי פרוכט פאַרן ווילזיין און געזונט פון אַלע מענטשן.

— אָבער וואָס טוט מען מיט די ווילדע רויב־פייגל וואָס פאַרוויסטן דאָס לאַנד, וואָס פאַרשאַפן אונדז ווייטיק און בושה און מאַכן צוניש אונדזערע שענסטע חלומות פון גליק פאַרן פאַטערלאַנד? — האָט מיט פײַנלעכע ספקות געפרעגט דער סאַרכענטאָ קאַבראַל.

— גיב מיר אַן אײַזערנעם בעזים אַצינד! — האָט דער לערער זיך געווענדעט צו אַפּאַריסיאָן. איך רוף איצטער אַלעמען צו דער אַרבעט: קינדער, דערוואַקסענע, מענער און פרויען — אַלע אַלע אַן אויסנאַם!

— אַרבעט ברענגט גליק, כבוד און אָרדענונג האָט קאַבראַל באַשטעטיקט מיט שטאָלץ און בעלגראַנאָ האָט א געשריי געטאָן:

— מירן אָנטאָן אויפן קאָפּ פונעם פאָלק אַ גאָלדענע קרוין, באַצירט מיט דימענטן פון די שענסטע מידות!...

איצט האָט סאַן מאַרטין ווידעראַמאָל אָנגעהויבן צו טרובען און טרומייטערן. דאָס שאַלן איז געפלויגן ווײַט איבער די אַנדן און האָט זיי געמאַכט ציטערן. פון צווישן די באַרג־שפּאַלטן איז אַרויסגעלאָפן דער זיידע פערמין, טשאַוועלאָ, סעראַפין און הינטער זיי האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע מחנה האַלב־פאַרשלאָפענע, מאָגערע און באַשמאָטעטע מענטשן. יונגע און אַלטע, מיט צעפּיצלטע פאַנטשעס און שטרויענע, צעשיינדערטע, פאַרצירעוועטע קאַפּעליושן. הינטער די מענער האָט אַפּאַריסיאָ באַמערקט איז געגאַנגען סינפּאָרא און דעם סעראַפינס ווײַב מיטן שוואַרצן כאַלאַטל. און די ווײַבער מיט קינדער פון אַלע ראַנגטשעלעד זענען זיי נאָכגעלאָפן. די מחנות זענען געוואָרן אַלץ גרעסער און אימפּעטיקער. פון זייערע בליקן האָט אַרויסגעשריען אַן אומגלויבלעכע פרייד און אַפּשיי. דאָס טרומייטערן האָט נישט אויפגעהערט. ווען די מאַסע איז אַן עלעקטריזירטע צוגעלאָפן צום באַרג — האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרײדיקער טאַנץ. די אַרטיקע האָבן זיך געבויגן פאַר די געסט, זיך ווידער אויסגעגליכט און באַלד האָט עס ווידער אַ הילך געטאָן ווי הימל און ערד וואָלט זיך טאַקע אויפגעמאַכט און מיטגעשריען:

הערט איר שטערבלעכע דאָס הייליקע געשריי,
זעט, עס הערשט שוין די נאָבעלע גלייכהייט,
די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון זיך...

מיט אַמאָל זענען אָנגעפלויגן מחנות ווייסינקע און בלויע טייבעלעך און ברעקלעך זינג־פייגעלעך מיט האָר טשיפּעקלעך ווי פון גרינעם זײַד. אַלץ האָט נאָכגעצווישטשערט, געוואָרקעט און אָנגעפילט

דעם מדבר מיט אַזאַ יום טוב און פרייד, וואָס ער, אַפּאַריסיאַ, האָט געזען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן.

— וואָס טוט זיך דאָ?... דער זיידע איז אַ קאַציק? יאָ, אַך ווי שיין עס פלאַטערן אינעם ווינט די גרינע און רויטע פעדערן פון זיין היטל... ווייַ, וויי! ער וויל ווייזן אויס פירן מלחמה מיט די חשובע אַלטע לייט?... אַך, סאַראַ גרויסער אומגליק!...

אָבער — זע, די חשובע לייט האָבן גאָר נישט קיין מורא. זיי שמייכלען און נעמען אָן דעם זיידנס געשאַנק און איינס־צוויי מאַכן זיי פון די שווערדן — אַקער־אייזנס... אמתע אַקער־אייזנס מיט געבויגענע הענטלעך... דער לערער האָט שוין אַפילו אַ אייזערנעם בעזים אויך!... אַך סאַראַ אַרבעטער ער איז, דער אַלטיטשקער!... גאָר נישט קיין פוילנצער, אַ לעבן אויף אים! ער קערט מאַקע אַוועק פונדאַנען די שטיינער מיטן זאַמד. און וואָס טוען די איבעריקע גרויסע לייט גאָט אין הימל: איז דאָס אַ חלום אָדער ס'איז די וואָר?.. ער, אַפּאַריסיאַ, גלויבט גאָרנישט זיינע אייגענע אויגן!... די גרויסע לייט פירן טאַטשקעס מיט זאַמד, מיט קאַלך און מיט נייע ציגל... דער זיידע מיט זיינע מענטשן — גראָבן אויס אַ נייעם ברונעם... מע האַקט שטיינער, מע קנייט ליים מיט שטרוי און פייער־פונקען פליען אין דער לופטן. ווייַ, וויי! אַלע אינאיינעם וועלן באַלד אַוועקטראָגן פון דאַנען דעם מדבר... איז וואָס וועט ווערן פון דער טשערעדע... זי שלאָפט דאָך אַרום ריטשקעלע און וויסט נעבעך פון גאָרנישט.

דאָ האָט ער דערזען עוועליגאַ, אַ פאַרשטויבטע, אַ פריילעכע. זי האָט ווידער געבראַכט אַ פולע בלעך מיט וואַסער, זי אַוועקגעשטעלט לעבן בעלגראַנאַ'ן און אַ פאַרפּלאָמטע, אַ צעטומלטע און גליקלעכע, איז זי צוגעלאָפן צו אים און אויסגעשריען:

— אַפּאַריסיאַ, וואָס שטייסטו אַזוי פאַרחידושט?... דו זעסט נישט אַז אַלע, אַלענקע, אַרבעטן שוין?!..

— דער כינעזער מיט די לאַנגע אויערן אַרבעט נישט!..

— ער אַרבעט יאָ!... קום, און דו וועסט מיט דיינע אייגענע אויגן טון אַ קוק.

— וואַמאָס, וואַמאָס, שלעפּ מיך נישט אַזוי!

— בוענאָ, טו אַ קוק פונדאַנען, אויב דו ווילסט נישט גיין מיט מיר!

ער האָט נאָכגעביק געשמייכלט. געלאָזט זי זאָל אָננעמען זיין מינדסטן פינגערל און אים צופירן צו דער אויפגעהויבענער פאַלע פון

זיידנס ראנטשעלע. ער האט געטאן א לאך, פארמאכט די אויגנדעקלעך, זיי ווידער אויפגעעפנט און געלאכט, ווי קיינמאל ביז איצט.

דער בינעזער, האט ער גוט געזען, איז א באטיכלטער געזעסן, צווישן א בינטל אלטע באטיכלטע ווייבער און ער האט געארבעט. ער האט ארויסגעצויגן די פאסטריגעס פון די פאנטשעלעך, וועלכע זע־נען ארויסגעפאלן פון אונטער דער באבעס העמד. אויך די וועבשטול אירע איז געווען באלייגט מיט פאנטשעלעך, מיט טיכלעך, מיט קליי־דעלעך און מיט פארטיכלעך.

עוועלינא האט אנגעטאן א מארבע אויפן אקסל און ער האט אנגעשטעלט אויף איר דאס צעלויכטענע, פארחידושטע פנים. זי האט אים איינגערוימט: „זעסט, ערמינדא זעט איצט אויס ווי די אלטע סינפארע מיט האדעלעך אויף דער אויבערשטער ליפ... דאס איז דערפאר וויל ער איז ארייגעקראכן אין ווייבערשע מינוטקעס...

— און דו האסט געלאזט ער זאל זיך שפילן מיטן ראנד פון דיין קאפעליוש ?...

— ווער האט געלאזט ?...

— דו, דו ! אין דיינע אויגן איז ער דאך א שיינער זכר, נישט אזוי ?...

— בוענא, אז דו האסט מיך איבערגעלאזט איינע אליין, האב איך דאך געמוזט זוכן עמיצנס פראטעקציע...

— אבער דו, אפאריסיא, ביסט אן אמתער העלד. אלע אין דער מדבר רעדן איצטער וועגן דעם וואונדערלעכן שפאציר וואס דו האסט געמאכט ! איך וויל דו זאלסט מיר נאר ווייזן דעם שליסל. לאז מיך טאן איין קוקעלע און נישט מער !

ער האט מיט אנשטעל ארויסגעצויגן דעם שליסל און זי האט געעפנט גאר גרויס אירע אויגן. נאכדעם האט זי געטאן א לאך און האט אויסגעשריען :

— דאס איז דאך דער זעלביקער שליסל וואס מיר האבן געכט: געפונען צווישן מיסט, דארטן, הינטער אבעלס ראנטשעלע !

— וואמאס, וואמאס, זאג עס נישט !

— קאראמבא, האסט שוין פארגעסן ווען אבעל האט דיר גע־זאגט :

—נעם דיר, אפאריסיא, דעם דאזיקן שליסל און ער וועט דיך פירן צו אלע טויערן פונעם אמת...

ער האט דערפילט א מאדנע קלעמעניש ביים הארצן, אבער די אלטיטשקע, צו וועלכער ער האט איבערגעטראגן זיינע אומבאהאל־פענע בליקן, האט זיך אנגערופן :

— דו ביסט אַ העלדיש זכרל, איך האָב דאָ אויסגעאַרבעט פֿאַר־דיינעטוועגן אַ גרויע פּאַנטשע מיט אַ רויטן קאַנט און אויך אַ נייעם קאַפּעליוש.

פון פרייד און פון גדלות האָט ער געוואָלט שרייען, טאַנצן, נאָר די צוויי שווערע שיך אויף די באָרוועסע פיסלעך, האָבן אים גע־האַלטן ווי געפּענטעט. ער האָט אויך געפילט אויף זיך די באַגריסנ־דיקע בליקן פון אַלע מיידן און ווייבלעך און אַפילו פון ערמינדאַ, זיין ריוואַל. אַפּאַריסיאָ האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, זיך אויסשטעלן כדי צו געפעלן דער עוועלינאַ, וואָס האָט אים מיט די בליקן געהאַלטן אין איין לויבן און צערטלען. אין אים איז אָבער אַלץ געוואָרן ווי צונויפגעשלאָגן. נאָר דער באַגער אויסצונעמען, מיט עפּעס זיך אויס־צוצייכענען, צו געפעלן, האָט אים אונטערגערוקט אַ מאָדנעם איינ־פאַל. ער וועט זיי ווייזן זיינע קענטעניש, וועלכע קומען צו אים נאָר אין שווערע מאָמענטן: ווען ער בענקט נאָך דער מאַמען, אָדער ווען די טשערעדע צעלויפט זיך און ער בלייבט זיצן אַ מידער — פון צופיל נאָכלויפן דעם פי און צונויפטרייבן צום ריטשקעלע זיי געבן טרינקען.

איצט האָט ער זיך געטאָן אַ צעוויג, אויסגעצויגן דעם האַלדז און אַרונטערגעלאָזט די פאַרשעמטע בליקן. ער האָט אָנגעהויבן אונ־טערצושפּרינגען ווי אַ צעשראָקענער שטרויס־פויגל און שרייען, פּונקט ווי דאָס טוט דער פויגל מיט זיינע נאָכלויפנדיקע ברעקעלעך. באַלד האָט ער געוואָרפן מיט אַ פיסל און געשפּיגן ווי אַ גואַנאַקאַ, וועלכער שפּייט אויף די פאַרבייגייער וואָס ער זעט מיט ליידיקע הענט... ער האָט זיך אויך צעוויינט ווי אַ רעאַל־פויגל ווען ער דער־פילט דאָס אָנקומען פון אַ ערדציטערניש אין די בערג. ער האָט גע־קרייעט ווי אַ האָן אין די בלויע סודותדיקע פאַרטאָגן. געקוואַקעט ווי אַ הון מיט אירע קליינע הינדעלעך. ער האָט געוואָרקעט ווי אַ טויב אַ זכר און אָנגעשמועלט דעם שנאָבל צו קושן די „זי"... ער האָט אויסגעטרילערט די זיסע מעלאָדיעס פון פאַרשידענע זינג־פויגעלעך, דאָס געזאַנג פון די לערכן, צווישן די גראָזן ביים ריזלדיקן ריטשקעלע. צום סוף האָט ער געמעקעט ווי אַ ציגעלע און געבעקעט ווי אַ שעפעלע. מיט אַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו קלאָגן ווי די מאַמע־אייזל. טרערן האָבן אָנגעהויבן רינען איבער זיינע באַקן. אויך עוועלינאַ האָט זיך צעוויינט. זי האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף זיינע אַקסלען און האָט געזאָגט:

— באַרואיק דיך, מיין טייערינקער, מירן צולויפן קיין קאַרדאַ־באַ און אָפּנעמען די ברעקעלעך...

— ווער האָט דען געוויינט, קאַראַמבאַ ?...

— וואַמאַס, וואַמאַס, מאַך זיך ניט פאַר אַזאַ גרויסן אַרטיסט! אויך איך און ערמינדאַ קענען גוט די דאַזיקע קונסט!

— אָבער איר ביידע קענט ניט דורכמאַכן קיין לאַנגע שטרעקעס איבער מדבר...

— דיך נעמט דיין זיידע צו זיך אויפן אייזל און באַסטאַ!...

— גוט ווען סטו חתונה האָבן מיט אים, מיט דעם וואָס טראָגט ווייבערישע מיטקעס און אַ פּאַטשיילע אויפן קאָפּ...

— ניין, ניין, מיט דיר וויל איך חתונה האָבן, נאָר מיט דיר!

זי האָט אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש פונעם קאָפּ און האָט קונציק און מידליש, אים אַריינגערוקט צווישן זיינע פינגער און נאָכדעם שטיל געזאָגט:

— טו מיט אים וואָס דיין האַרץ גלוסט, וועט עס מיך ניט אַרן...

ער האָט זיך געשעמט צו קוקן אין אירע צעשמייכלטע און צוזאָגנדיקע אויגן. ער האָט מיט אַלע זיינע חושים געפילט, אַז אַלע אינעם ראַנטשעלע, האָבן זיך געשושקעט און ערמינדאַ האָט באַקומען אַ צו לאַנגע נאָז און לאַנגע אויערן, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעקט פון אונטערן ווייבערישן טיכל. ער האָט זשעדנע געבויגן דעם ראַנד פון קאַפּעליוש און פאַרלוירן געשמייכלט.

זי האָט אים אָנגענומען ביים מינדסטן פינגערל און האָט אים אַראָפּגעפירט צום ריטשקעלע. ער האָט וואָוליוונגעריש אַ דריי געטאָן מיטן וואונדערלעכן שליסל און פונעם קליינעם, קוים פליסנדיקן ריטשקעלע איז געוואָרן אַ היפשער טייך. די כוואַליעס זענען געווען בלוילעכע, ווי קרישטאָל. פון דעק האָבן אַרויסגעשיינט ברעקעלעך פישעלעך פון גאָלד און זילבער. די פישעלעך זענען אומגעשוואומען, זיך אַקראָבאַטיש באַוועגט צווישן די דינע כוואַליעס ווי רייפלעך פון פּערלמוטער און פּלאַטין. אויך פון צווישן די בערגפאַלדן, האָט ער באַמערקט, האָבן זיך האַסטיק אַראָפּגעטראָגן ברייטע שטראָמען וואַסער ווי צעמאָלענער זילבער. די וואַסערן זענען געלאָפן מיט אַ מאָדנער אײַלעניש ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז אַ בייזע האַנט וועט זיי ווידער אָפּקערן פון זייער וועג צו דער נוצלעכקייט. די פלאַכע, טרוקענע ערד, האָט אויפגעמאַכט אירע שלונן, זיך אָנגעטרונקען מיטן קילן וואַסער און צוריק געענטפערט מיט גרינע שפּראָצעלעך פון מאַיס און פון ווייץ. אַפּאַריסיאַ האָט זיך געוווּנדערט צו עוועלינאַ'ן וואָס האָט אַ פרייד[י]קע און מיט דערוואַרטונג אַריינגעקוקט אין זיין פאַרחידושטן, אויפגעשײַנטן פּנים.

— דו זעסט ווי גיך עס וואַקסט דאָ אונדזער גליק?...

— ניט קיין גנײעם!.. די ווײַבער אין קלייטל האָבן תמיד גע־זאָגט אַז דאָ פעלט גאָר אַ געטרײַע האַנט, וואָס זאָל אויפמאַכן אַ וועג צו די וואַסערן, און אונדזער ערד וועט אונדז באַגליקן...

— אַ, אַ! דאָס האָבן איצינד די גרויסע לײַט אויפגעמאַכט אַ נײַעם וועג — האָט ער מעשה גרויסער ווייסער איר איבערגעשלאָגן

— דער מאַרטשאַנטע האָט געזאָגט אַז די דאָזיקע ערד איז אַ בתולהדיקע. זי איז פול מיט אַלדעם גוטס. מיר האָבן דאָ פון אַלץ וואָס דער באַשאַפער האָט געשיקט פאַרן מענטשנס וועגן. מען דאַרף נאָר זי אויפמאַכן און שעפּן פון איר די אוצרות אירע...

פון די ריזיקע וואַסער־בערג האָט זיך אַראָפּגעגליטשט דאָס שלי־טעלע מיטן מאַגישן קעניג. די ווייסע בערן מיט רויטע קאַפּטשאַנעס, האָבן אָנגעהויבן צו בויגן די קני און ביז די העלדזער געשוואומען אויף די צעוויגטע בלויע כוואַליעס פון טײַך, עוועלינאַ האָט אָנגע־הויבן שרײַען און פּאַטשן מיט די הענט און אונטערטאַנצן אויף איין פיסל:

— אַך, סאַראַ וואונדערלעך שליטעלע... טו נאָר אַ קוק, דער קעניג וואָס זיצט פאָרנט, ער הוידעט זיך, ער שלאָפט, דער ליידיק־גייער.

יאָ, דאָס שליטעלע איז פול מיט שיינע זאַכעלעך פאַר די קינ־דערס וועגן... איך האָב זיי ערשט געזען...

— וואָמאָס, וואָמאָס, האָט זי אים איבערגעשלאָגן און אים אָפּגעגאָסן מיט אַ בליק פון חוזק — אומעטום איז ער געווען און אַלצדינג האָט ער געזען, דער ליגנער!...

ער האָט שווער געזיפצט און וויפל ער האָט איר געוואָלט גיבן צו פאַרשטיין, זענען אָבער די ווערטער געבליבן שטעקן אין זײַן קעל און אים געוואָרגן. ער האָט שווײַגנדיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שווערן ראָק און אין די שווערע שיך זיך אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך. ער האָט זיך געוויגט אויף די כוואַליעס און געפילט אַז די שווערע שיך האָבן אים געשטערט דאָס שווימען. זי איז אים נאָכ־געשוואומען, געלאַכט און מיט אַ פּליעסקערײַ פון די הענט, און די פיס, האָט זי אויפגעהויבן צעדריבלטע שטראָמען, ווי זילבערנע וואַ־סער־קנויטן...

זי איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן שליטעלע און האָט אָנגעהויבן טאָרען דעם קעניגס אַקסלען. דער קעניג האָט פאַרשלאָפענערהייט אונ־טערגעפאָנפעט און דער קאָפּ מיט דער קיטשמע, איז אַראָפּגעפאַלן אויף זײַן רעכטן אַקסל.

זי האָט זיך צוגעכאַפּט צו אַ קויש און האָט אַרויסגענומען

צווײ נײַע שיך, שיך פון אמתער געלער לעדער און מיט צוועקעס אין די פּאַדעשוועס. און אויך אַ אַנצוג. זי האָט צוגעוואָרפֿן ביז צו אַפּאַריסיאַן די שיך אויפֿן קאָפּ און לאַכנדיק, קינדיש און מיידלש, באַפֿוילן:

— אַט זעסטו שוין אַז מײַן געפֿינען דעם קעניג איז ניט קיין אויסטראַכטעניש. איצט, אַפּאַריסיאַ, טו דיך אָן און מיר וועלן אַרײַנגיין צוריק בײַצײַטנס דעם גרויסן יום־טוב.

— איך וויל ניט... ווײַל דו קוקסט...

— וואָמאָס, וואָמאָס! — ווער קוקט? אַט וועל איך מיך שטעלן מיטן רוקן צו דיר און באַסטאַ!

ווען ער האָט אַן אויסגעפּוצטער זיך אויפֿגעהויבן פֿון הינטערן שליטעלע — האָט ער זי צו זײַן גרויסער פֿרייד דערזען — אויסגעפּוצט אין אַ נײַ געבלימט קליידל און מיט רויטע, גרויסע אויררינגלעך און קאָרעלן פֿון רויטן בורשטין.

ער האָט אויסגערופֿן:

— דאָרטן, אין שליטעלע, איז אויך דאָ אַ גיטאַרע, אַ נײַע גיטאַרע מיט אַ רויטן שלייף. אָבער אַז דעם קעניגס דערלויבעניש טאָרן מיר גאָרניט נעמען. לאָז, און איך וועל אים אויפֿוועקן. ער איז מײַנער אַ גוטער ברודערל....

זי האָט מיט די בליקן אים געהייסן שווײַגן, האָט אַרויסגעצויגן פֿון קויש די נײַע גיטאַרע און האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ סערענאַדע און טאַקע זינגען אויך. דערבײַ האָט זי ווי אַ יונג צווײַגעלע מיט צוויט, זיך געוויגט אינעם ווינטל, און זיך אָפּגעשפּיגלט אין די גרינלעכע כוואַליעס מיט זילבערנע שטרייפֿעלעך וואַסער. זי האָט געזונגען:

אינעם מדבר וואַקסן רויזן,
ווײַסע, געלע, בלוי און רויט,
אויף די פֿעלדער, גוט באַוואַסערט,
וואַקסט שוין מאַיס, וואַקסט שוין ברויט.

פֿון די ברונעמס פֿלייצט שוין וואַסער,
פֿלייצט מיט גאָלד און קופּער רויט.
וועלן קינדער פֿלאַנצן בוימער,
באַקן קיכלעך, באַקן ברויט.

און דער קעניג איז אַן אַלטער,
קומט ער שלאָפֿן גאָר אַהער,

און די קישן פול מיט אוצרות,
זענען פאר אים גאר צו שווער...

זאל דער קעניג זיין א גוטער,
שלאפן אין זיין רו אזוי,
זאל ער מיט דער שיינער קיטשמע,
סיוואסער דא באפוצן בלוי...

כיוועל די קושן אים אפהיטן,
ביזן ווייסן טאג אריין,
זאל דער קעניג גארניט ריידן,
ווייל איך וועל זיין חבר זיין...

זאל דער קעניג זיך אויפבויען,
א קליין שטיבעלע ביים טייך,
וועגט פון לופט, א דיל פון כמארע,
א דעכעלע פון שטערן-רייך...

וועלן קינדער האבן ליב אים,
היטן ווי דאס אויג אין קאפ,

דער קעניג האט אויפגעמאכט אן אויג־ווינקל און זיך דערשראקן פאר איר שיינקייט. זי האט אים ארייינגעשמייכלט אינעם זאטן רויטן פנים און האט מיט די בליקן געוואונקען צו אפאריסיאן, וועלכער איז א פארגאפטער געשטאנען הינטערן שליטעלע און געשוויגן. זי האט צום קעניג אזוי גערעדט:

איך וויל א פאטשיילע א נייע און א אייזעלע צום רייטן וויל איך; דו ביסט א ליבער קעניג, פארערלעכ:ט און פארגעטערט פון אלע קינדער איבער דער גארער וועלט; גיב־זשע מיר דאס וואס איך בעט דיך און איך וועל זינגען דיר א לויב מיין גאנץ לעבן...

דעם קעניג איז געווען פארדריסלעך אזא אונטערטעניק לויבן אים און ער האט זיך שוין גענומען בייזערן. אבער זי האט אים ניט געלאזט קומען צוםווארט. אירע פינגערלעך זענען שדימדיק אומגעשוואומען איבער די סטרונעס פון דער גיטארע און זי האט ווידער אנגעהויבן זינגען:

עס איז דער קעניג מיד און אלט,
טא זאל ער שלאפן אינעם וואלד.

זאָל ער כראָפּען גאָר אַ שיעור
און די קוישן לאָזן מיר.

כיוועל צעטיילן יושרדיק,
ברײַנגען אַלע קינדער גליק...
קינדער וואַרטן אויף דעם גאָב,
זײַ אַ גוטער — זאָג ניט אָפּ!

מיין ניט אַז איך בין אַליין,
הינטער מיר — נאָך קינדער שטיין.
קינדער גרעסערע און קליינע —
אַלע גאָרן זאַכן שיינע.

אין די אויגן — הייסער גלאַנץ,
קום, מײַן ייִנגל אין אַ טאַנץ!...

זי האָט אַפּאַריסיאַן אָנגענומען פאַרן מינדסטן פינגערל און ביידע האָבן זיך צעטאַנצט אויף די פולע קוישן... באַלד האָט זיך דער קעניג געכאַפּט, אַז עס פּאַסט ניט צו זײַן אַזוי קינדעריש, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פאַרויס, איידאָ, צוריק צו די וואַלקנדלעד...

אַפּאַריסיאָ האָט אים נאָכגעקוקט און זיך געחידושט וואָס דער קעניג האָט זיך אָפּגעטראָגן און האָט איבערגעלאָזט דאָס שליטעלע מיט די טײַערע אוצרות. דערצו האָט אַלץ אויפן קעניג זיך גע־וואָרפן ווי אין קדחות, אַפּילו די הויט, די קיטשמע און די ווײַסע באָרד און פאות — האָבן מיטגעציטערט. עוועלינאַ האָט ווי אַ שיינע פּאַווע מיט הויכע פיס און צענומענע דורכזיכטיקע פליגלען, אַלץ געטאַנצט אויפן שליטעלע, געשפּילט און די וואַסער־בערן מיט די רויטע קאַפּטשאַנעס — האָבן צווישן די בלויע בערגלדיקע כוואַליעס — אויך געהויבן די פיס....

— דאָס איז אוודאי דער כוח פון שליסל, פונעם אמת?... האָט ער אין שלאָף ווי געזאָגט צו זיך אַליין: דער קעניג מוז אוודאי וויסן אַז דער געבונדענער אמת לעבט און רײַסט זיך דאָרטן פון די קייטן און אַז ער וועט ווי עס איז זיך אַרויסקרײַגן און יעדן איינעם אַרײַנציםבלען, לויט די פאַרדינסטן... אַך, ווי גרינג עס איז אים איצט צו לעבן אויף דער וועלט! אַלץ איז בלוי און רואיק און זאַט און זיכער. אָבער — וואָס מוט דאָ דער כינעזער? אַך, ווי די צוויי אויערן זײַנע קוקן אים אַרויס פון אונטער דער ווײַבערשער

פאטשיילע! און די הערלעך אויף דער אויבערשטער ליפ — ציט־טערן.... א, א!.. ער האלט דאך ווידער אין די הענט עוועלינאס קאפעליוש... ער וועט אים באלד צעדריבלען אויף שטיקלעך...

— שפרינג אריין אין די כוואליעס, עוועלינא, און איך וועל דיך צוטראגן צום ברעג! — האט דער ריוואל זיינער געשריען און איילנדיק געפאכעט מיט א האנט. גיכער, גיכער, דארטן אויפן בער־גל איז געשען זייער א מאדנע זאך.

זי איז א לאכנדיקע אריינגעפלויגן צו אים אין די אויסגעשפריי־טע ארעמס און האט ווידער געלאכט, הויך, קלינגענדיק און פריי. אפאריסיא האט דערפילט א ששטיקעניש, א איבל און אזא טיפן יעקל צו איר... איר לייכטזיניקייט האט אים צעמישט און באליידיקט. דער־ווייל האט ערמינדא, וואס האט שוין די זינגנדיקע עוועלינא געהאלטן אויף זיינע ברייטע אקסלען, אנגעהויבן שרייען צו אים און באוועגן מיט א האנט, ווי מיט א צייכן פון ווארענונג:

— קאראמבא, וואס שטייסטו דארטן ווי א שטרויספויגל?... דיין זיידע לויפט אום צווישן פרעמדע לייט און ווייסט ניט וואס צו טאן כדי צו פארטרייבן זיי פונדאנען.

— פרעמדע לייט? וואס ווילן זיי?...

— ווער ווייסט זיי דען? עפעס א פארשוין אין שווארצן אנצוג האט דארטן גערעדט אין נאמען פון זיינע לייט, וואס וואוינען טאקע דא נאענט.

— א, א! — האט ער צוגעשאקלט מיטן קאפ און מעשה אלץ־ווייסער אים רואיק געענטפערט — דער פארשוין מוז אוודאי זיין דאס באלעבעסל פונעם גיהנום.

— ניט מער ווי פונעם גיהנום?... וואס טוט זיך מיט דיר, אפאריסיא, דו ביסט שכור, אדער פארשלאפן?...

— נא סעניאר! איך בין ניט פארשלאפן. אט זעסטו דאך ווי דער מאגישער קעניג איז מיין בעסטער גוטער־ברודער! ער האט מיר איבערגעלאזט זיין שליטעלע צו היטן מיט אלע אוצרות וואס זענען דארט פאראן!...

— כא־כא־כא! אים האט דער קעניג אלץ געטרויעט, אים און נישט קיין אנדערן!...

דא איז שוין אפאריסיא אינגאנצן צעטומלט געווארן. ער האט זיך געטאן א הייב איבער די כוואליעס, געווארפן א האנט אהער, אהין, און אט איז ער שוין ווידער געוועזן לעבן זיידנס ראנטשעלע. צו זיין גרויסן פארדראס האט ער באמערקט אז ערמינדא איז טאקע געוועזן גערעכט. די עוועלינא איז שוין אויכעט געוועזן אויבנאן,

און ווי א נײַגעריקע פרוי אומגעלאפן צווישן די דערוואקסענע און אלץ געוואלט וויסן... נאר ערמינדא איז געשטאנען הינטער טשאוועלען און דעם זיידן פערמין. די אלטע לײַט זענען געווען פארשטויבטע און לעבן זיי איז געשטאנען א טאטשקע מיט רידלס, שנײַדמעסערס, האמערס און אנדערע מכשירים. בעלגראנא איז נאך אלץ געשטאנען אונטער דער צעפלאטערטער פאן און ארום אים — אלע הימלישע אײַנוואוינער, וואס זענען אויף א רגע ארויפגעקומען אהער. אין דער טיפקייט פון זייערע ריינע בליקן איז געזעסן א מאדנע רואיקײַט אן עקשנות און זיכערקייט, ווי פון מענטשן מיט א רײַנעם געוויסן.

די מחנות ארבעטנדיקע מדבר־מענטשן, זענען אין א ענגן קרײַז געשטאנען ארום די פראסערס און נײַגעריק, אבער געדולדיק און צוטרווילעד זיך צוגעהערט וואס יענע האבן זייער שטיל גערעדט צווישן זיך. איבער זיי האט געהאנגען א רויטלעכער שטויב דורכגעוועבט מיט שטיקער זון. אפאריסיא האט געאטעמט שווער, ער האט געוואלט לויפן צוריק צום טײַך מיט די דורכזיכטיקע כוואליעס, אויף וועלכע עס שווימען אום די וואסער־בערן מיטן פולן שליטעלע. אבער דער נײַגער אין אים איז געוואקסן, זיך געהויבן אלץ העכער און העכער און האט אים ווי אײַנגעשלונגען. זײַנע אויגן זענען ווי צוויי פראיעקטארן אומגעגאנגען פון ווינקל צו ווינקל. אט האבן זיי זיך אפגעשטעלט אויפן לאנגן פארשוין, וואס האט ערשט ניט לאנג געוואלט בײַ אים אויסנארן די שײַן פון די אויגן. איצט איז דער פארשוין געווען אויסגעפוצט אין א שווארצן, עלעגאנטן אנצוג און מיט א צילינדער אויפן לאנגן קאפ. אין איין האנט האלט ער, דער פארשוין, א פאן, אן אמתע פאטערלענדישע פאן, און אין דער צווייטער האלט ער א קעסטל פון פערלמוטער אויסגעקריצט מיט גאלדענע אותיות... א, א! דאס קעסטל האט ער דאך, אפאריסיא, ערשט געזען אומשווימען דארטן אינעם גיהנום, וואס אין די היילן פון שווארצן בארג.. אויך דעם פארשוינס מחנה — קומט ארויס פון גיהנום.. אט איז דער טכויר מיט די גאלדענע ברילן....

מיטאמאל איז דער פארשוין צוגעקומען גאר נאענט צו דער הימלישער מחנה, זיך איידל און גראציעז פארנויגט, אויפגעהויבן העכער דאס קעסטעלע און נאכדעם האט ער געשמייכלט זיס און צוטרווילעד. ער האט זיך געווענדעט צו סארמיענטאן, וואס האט זיך אומווילִיק ארויסגערוקט פון דער ריי:

— דאס בין איך דײַן איינציקער בעסטער פרײַנד און אויך דער געטרײַער פרײַנד פון דײַנע מענטשן... איך און מײַנע מענטשן זענען געקומען אײַך באגריסן און ווינטשן דערפאלג אין אײַער ארבעט.

די הימלישע אײַנוואוינערס האָבן זיך איבערגעקוקט און זײ זענען געוואָרן זײער ערנסט. דעם פאַרשווינס בליקן, האָט אַפּאַריסיאַ באַמערקט, זענען געוואָרן פלינקער און פולע מיט אײַנפאַל. ער האָט אויך אַוועקגעשטעלט דאָס פולע קעסטעלע אויף אַ הויכן שטײן, און נאָכדעם האָט ער זיך ווידער אָנגערופן:

— דו מײַן גרויסער לערער, מוזט אוודאי זײַן אַ קאַפּיטשקע מיד... טאָ גײ דיך, זײַ מוחל, אויסרוען פונעם לעבנס־יאַריד. איך וועל דערווײַל, ווי דײַן געטרײַער שומר, שטײן און היטן דײַן טיר. נאָר מיר אַלײן קענסטו דײַן שולע פאַרטרויען, קײן אַנדערן ניט!

די גרויסע לײַט האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך עפּעס אַ שושקע געטאָן. אויך דער זײדע מיט טשאַוועלאַן און סעראַפּין מיט אַלע אַנדערע, האָבן זיך געשושקעט. נאָר ערמינדאַ האָט געשוויגן און זיך געשפּילט מיטן זוים פון עוועלינאַס קאַפּעליוש. דער פאַרשוין, האָט אַפּאַריסיאַ דערהערט, האָט אָנגעהויבן צו שיטן מיט גאָר הויכע פראַזן, וואָס ער האָט ווינציק פאַרשטאַנען. אָבער לויט דעם וואוקס פון דער צאָל חיות און חיהלעך, וואָס זענען אַרויסגעקראָכן פון אַלע באַרג־שפּאַלטן, פון צווישן גאָלדיקע קאַקטוסן, שפּיציקע שטײנער און טרוקענע זומפּן מיט סקעלעטן פון בהמות,; לויט דער פּראָצעסיע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער פאַרשטײער פונעם שקר, גרײט זיך אַרײַנצונאַרן די הימלישע פּערזענלעכקײטן... ער האָט זיך דערמאָנט אין דער וואָרענונג פונעם געבונדענעם אמת: „וואו דו וועסט אים נאָר דערזען — מיט שטײנער זאָלסטו אים פאַרטרײַבן אײדער ער וועט באַווײַזן צו דערגרײכן זײַנע צילן...”

דאָ האָט דער טכויר איז ברילן, גענומען גרויסאַרטיק צו דרײען מיטן עק און אונטערטענצלען אויף די הינטערשטע פיסלעך. די שלאַנג האָט זיך גערוקט אויפן בויך און געצילט אירע אָנגעצונדענע אויגן — גלײַך צום פּראָפעסאָר... די מאַלפּע האָט מיט די אויגן אַרויסגעצויגן דעם אומפּלייט פון איר פעל און געוואָרפן אויף די פּראָסטע מדבר־לײַט... דער שטשור האָט אונטערגעגראָבן די ערד און איז אַרויף אויפן דעכל און האָט אָראָפּגעריסן דעם זײדעס פּערמינס טרוקענעם קעז און דאָס שטיק פלײש וואָס איז דאָרטן געהאָנגען... אַזוי האָט אײן חיהלע נאָכן אַנדערן אָנגעהויבן צו פאַרטיליקן אַלץ וואָס הימלישע געסט און די מדבר־לײַט האָבן ערשט, און גאָר שווערער מי און אָנשטרענגונג — קוים באַוויזן צו ברײנגען אויף אַ לאָד.

דאָ האָט סאַן מאַרטין אויסגערופן סײַ אומגעדולדיק און סײַ דערשטוינט:

— זאָג מיר, קאַבראַל, ווער איז עס דער דאָזיקער פּאַרשוין מיטן צווייפלהאַפטן בליק...

— ער וויל אונדז פּאַרטרײַבן פון דאַנען צוריק. צוליב אים האָבן אונדזערע מענטשן אוועקגעלייגט די רידלען פון די הענט... און מיר מוזן דאָ בויען, ס'איז אַ ברענענדיקע היץ דאָ אינעם מדבר, אָבער צום גליק פּלייצט שוין וואַסער פונעם ברונעם.

— זאָגזשע מיר, קאַבראַל, צו וואָס איז דער מענטש געקומען, צום גרייטן!

דער פּאַרשוין האָט אויפגעהויבן דאָס פולע קעסטל און זיך איידל פאַרנייגט און נאָכדעם — נאָך איידעלער געזאָגט:

— איך, און מײַנס גלייכן, האָב צו אייך דעם פולסטן צוטרוי... אָט האָט איר דאָ אַ סך טײַערע מתנות. פאָלגט אונדזער עצה וועט איר אַלע ווערן גבירים...

די הימלישע פּערזענליכקײַטן האָבן געטאָן אַ ציטער ווי עמיצער וואָלט זיי געשטאָכן אין סאַמע האַרצן. די מדבר־לײַט האָבן זשעדנע געקוקט צו דעם טײַערן קעסטעלע, וואָס האָט זיך געמיניעט קעגן דער רויטלעכער זון. סאַרמיענטאָ האָט זיך צוגעבויגן צו סאַענס פּעניאַן, וואָס איז געווען בלייך און אומעטיק, און געזאָגט:

— גיב אים אַ רידל, גיב אים אַן אַקער־אײַזן און זאָל ער זײַנע פעאיקייטן אויסנוצן לטובת דעם פאָלק...

— צו אונדז מוזן קומען נאָר ערלעכע מענטשן און פאַר זיי האָבן מיר סימפּאַטיע און אָנערקענונג...

דער פּאַרשוין האָט ווײַזט אוים אויפגעכאַפּט זייערע ווערטער און ער האָט זיך אונטערטעניק און גלײַכצײַטיק פול מיט גדלות, צעשמייכלט און נאָכדעם געזאָגט:

— איך מוז מיך אַליין פאָרשטעלן פאַר אייך: איך שטאַם פון גרויסן יחוס פון ריטער און געהויבענע לײַט. איר גיט מיר נאָר לערער, איך זאָל קענען דינען דעם לאַנד ווי עס איז מײַן הייסטער און ערלעכער וואונטש... די פּראָסטע מענטשן, מיט וועלכע דער מדבר איז פול, וועלן דורך מײַן מיטהילף, ווערן געלערנטע לײַט... ער האָט זיך דירעקט געווענדעט צו סאַרמיענטאָן און געזאָגט:

—איך וועל דיר דינען מיט מײַן גאַנצן האַרצן און מיט מײַן דער־הויבענעם גייסט. און וואו מען וועט באַדאַרפן וועל איך נוצן כוח, און די שאַרפע שווערד פון נקמה.

די האָר פון די חיות און חיהלעך, האָט אַפּאַריסיאָ באַמערקט האָבן זיך אויפגעהויבן און ווי נעדעלעך געציטערט אינם שטויביקן ווינטל. סאַרמיענטאָ האָט באַקומען האַרטע, טיפע קאַרבן אויפן שטערן און זײַנע

בליקן — ווי שטאָל, האָבן אריינגעדרונגען אין פאַרשווינס צעשמייכלטן פּנים:

— איך וויל נישט קיין נקמה, קיין שנאה און קיין בלוטפאַרגי־סונג!

— מיר ווילן אַ משפּחה פון געטרייע ברידער — האָט בעלגראַנאָ געגעבן אַ געשריי און אויפגעהויבן נאָך העכער די צעפלאַטערטע פאָן.

פון צווישן די איידעלע צווייט־ביימעלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן גאַנצע מחנות ווייסע און בלויע טייבעלעך און גלינקע און גרינע זינג־פייגעלעך. זיי האָבן זיך ווײַבערדיק געדרייט אַרום און איבער דער צע־ווייעטער און מיט זון באַגאָסענער פאָן. די טייבעלעך האָבן זיך געקושט און די פייגעלעך האָבן מיט זייערע טרעלן אָנגעפולט דעם גאַנצן אַרום.

דאָ האָט שוין דער זיידע פערמין מער נישט געקענט אָפּהאַלטן אין זיך זיין באַגייסטערונג און ער האָט געהויבן אַ פויסט קעגן דעם פאַר־שוין, וואָס האָט אַ צעטומלטער זיך געצויגן אַ קאַפּעטשקע צוריק.

דער זיידע האָט אויסגערופן:

— מיר זענען מענטשן, ווייכע ווי פיינער זייד, ווען מען איז צו אונדז גוט און פיין; אָבער ווען מען איז צו אונדז שלעכט, פאַלש, ווערן מיר האַרט ווי שטאָל. אונדזער פאָטערלאַנד האָבן מיר ליב ניט ווייניקער היינט, ווי פאַריציטנס.

און טשאַוועלאָ האָט זיך געריצט מיטן פאַרשווין:

— מיר האָבן געפונען דעם וועג צו גליק, צו הצלחה. אויב דו, פאַרשווין אין שוואַרצן, ווילסט מײַן שטימע, וועסטו זי נישט קריגן. בעסער זאָלסטו זיך באַצייטנס אָפּטראָגן...

און סעראַפין האָט אונטערטעניק זיך פאַרענטפערט:

— מיר זענען שוין מיד צו וואַרטן. דעם נעכטן האָבן מיר שוין פאַרלוירן אָבער אונדזער מאָרגן — וועלן מיר קיינעם נישט אָפּטרעטן!...

— איך וועל נייע געזעצן, גאָר גוטע, גאָר פיינע, לאָזן דאָ שרײַבן — האָט דער פאַרשווין אויסגענוצט די רגע ווען די הימלישע געסט האָבן אָפּגעהאַלטן אַ בליץ־באַראַטונג.

— איך וועל יעדן אויסלענדער פון לאַנד אַרויסיאָגן. טרײַבן זיי ווי הינט מיט פאַרפעסטעטע פעלן. האָט דער פאַרשווין זיך באַרימט.

דאָ האָט זיך סאָענס פעניאַ ווי אויפגעכאַפּט פון אַ חלום און אַ געשריי געטאָן:

— מיין גרויס געזעץ, וואס כ'האב דעם לאנד געגעבן, איז די מתנה פאר דער גאנצער מענטשהייט, אלע ערלעכע לייט זענען וויל־קאמען פאר אונדזער פאטערלאנד!

דער פארשוין האט שווייגנדיק און געשיקט גענומען שטרעקן זיינע באנאגלטע פינגער צום בוך מיט די אפענע בלעטער, וואס דאס ווינטל האט געשויבערט, געמישט און די ארומשטייענדיקע האבן גע־לייענט די געשריבענע געזעצן...

סארמיענטא האט ארויסגעצויגן זיין גרויסן טייטל פון הינטערן אויער און האט דעם פארשוין דערלאנגט איבער די פינגער און דער־ביי אויסגערופן מיט חוזק:

— אהער, גוטער ברודער, זאלסטו נישט קריכן!... יעדער פון אונדז מוז דא פארנעמען דאס פלאץ וואס ער איז, לויט זיינע פע־איקייטן, ווערט...

די מדבר־לייט, האט אפאריסיא באמערקט, האבן אנגעהויבן צו לאכן, זיי האבן געלאכט אזוי הויך און פריידיק ווי קיינמאל ביז איצט. דערווייל איז די עוועלינא אנגעלאפן פון ערגעץ און האט אים איינ־געראַנט:

— האסטו גאר נישט מורא פארן פארשוין מיט זיין מחנה?

— בא! וואס איז דען פאראן מורא צו האבן? די גרויסע לייט האלטן דאך מיט אונדז... זיי וועלן זיך שוין ווי עס איז אן עצה געבן. אפילו מיטן פארשטייער פונעם טייוול..

— וואמאס, וואמאס! — האט זי אים איבערגעשלאגן און האט זיך צוגעטוליעט צו אים גאר נאענט און אים ווידער געווארנט: די ווייבער אין קלייטל, האב איך געהערט זאגן: מען מוז היטן דאס קעסטל מיטן די טייערע מתנות. געגוג מי און איינשטעלעניש האבן אונדז געקאסט די דאזיקע אוצרות און זעלטענע שפילצייג.

— אט וועל איך דיר באלד דערווייזן אז דיין שרעק איז אן איבערגעטריבענע! — און ער האט רואיק ארויסגעצויגן אייניקע שטיינדלעך פון קעשענע און פונדערווייטנס אנגעצילעוועט איינס. דאס שטיינדל איז צוגעשפרונגען צו דער מאסקע. זי האט זיך איבערגע־שפאלטן און איז אראפגעפאלן. צו זיין שטוינען איז דאס פנים גע־בליבן פארדעקט פון א צווייטער מאסקע... ער האט אנגעצילט נאך אמאל און די צווייטע מאסקע האט זיך צעקרישלט ווי גלאז. עוועלינא האט זיך נאך הארטער צוגעטוליעט צו אים און אויסגערופן דער־שראקן:

— נו, ווער איז געווען גערעכט? אָט זעסטו שוין אַז דער פֿאַר־שטייער פֿון טיַיוול האָט הונדערט פּנים׳ער און נישט קיין איינס . . .

— איך ווייס עס! דער געבונדענער אמת האָט עס מיר שוין דערציילט און איך האָב ניט קיין מורא. . . דער מדבר, מיַין טיַיערע, איז פֿול מיט שטיינדלעך. . . ער איז מיטגעריסן געוואָרן פֿון זיַין איי־גענער זיכערקייט און נאָך מער געוואָגט, גענומען האָגלען מיט שטיינ־דלעך. די מאַסקעס זענען ווי קאַרטאָנדלעך אָפּגעריסן געוואָרן און צום סוף האָט זיך באַוויזן דאָס איינציקע, אמתע פּנים — אַ פּנים אין אַ סקעלעט מיט ריזיקע לעכער אינעם שטערן און מיט אַ ציינער־לאָזן ברייטן צעעפֿנטן פּיסק. דער פֿאַרשוין האָט זיך געטון אַ וואַקל און האָט זיך ווי אַ צעטראָטענע שלאַנג, איבערגעדרייט מיטן רוקן אויף אַרויף. נאָכדעם האָט ער זיך אַראָפּגעקאָלערט אינם אָפּגרונט אַריין... זיין מחנה האָט זיך מיט אַ גרויסן געיאָמער — אים נאָכגעקאָלערט.

די לופֿט איז געוואָרן פֿול מיט זייערע קולות. עוועלינאַ האָט פֿאַרוואָרפֿן די הענטלעך אַרום זיין האַלדז און האָט אים איינגערוימט

— דו ביזט ווערט צו ווערן אַ קאַציק!... אָסט אַלעמאָל גע־טראָפֿן אין אָנגעצילטן פּונקט... איך וועל זיין דיַין באַלעבאָסטעלע און ערמינדאַ, אין זיין ווייבערישער פּאַטשיילע — ער וועט מער נישט טראָגן דיַין קאַפּעליוש...

זי האָט אָנגעהויבן לאַכן און ערמינדאַ איז געקומען צו לויפֿן. זיין פּנים האָט זיך קוים אַרויסגעזען פֿון דער פּאַטשיילע. אַפּאַריסיאָ האָט געהאַט רחמנות: ער האָט מיט צוויי פֿינגער אויפֿגעבונדן דעם קנופּ וואָס אונטערן האַלדז און האָט אַראָפּגענומען די פּאַטשיילע און זי אויסגעלייגט אַרום עוועלינאַס אַקסלען. ערמינדאַ האָט געשמייכלט און ווי אַן אויסגעלייזטער פֿון אַ גרויסן אומגליק, האָט ער זיך אויס־געגליַיכט אין זיין גאַנצער לענג און האָט אויסגערופֿן מיט פֿרייד:

— איצט וועלן מיר צולויפֿן אין קאָרדאָבאַ און ברענגען אַהער די צוויי ברעקעלעך אייזעלעך. דער פֿאַרשטייער פֿון שקר וועט אונדז מער אין גאַר נישט שטערן...

— פֿריער מוזן מיר באַפֿרייען דעם געבונדענעם אמת, דער אַרעמענקער וועט אונדז דאָ גוט צונוץ־קומען.

— וואָמאָס, וואָמאָס! — האָט עוועלינאַ באַפֿוילן און פֿריידיק געפּאַטשט מיט די הענטלעך און געקוקט דאָ צו איינעם און דאָ צום אַנדערן.

אַפּאַריסיאָ האָט אָנגענומען איר מינדסט פֿינגערל און זי אַ בויג געטאָן צו זיך. מיט אַמאָל האָט ער אָבער דערזען דאָס ווינדיקע בער־געלע אינם הויכן גראָז. דער זיידע האָט פֿונדערווייטנס געשריען:

— גיי, מיין אוצרל, און זאלסט נישט פארשלאפן... ווער עס פאר־שפעטיקט צו דער ארבעט — בלייבט אן ארעמאן.

אפאריסיא האט זיך א טראג געטאן פון ארט און מיטגעשלעפט מיט זיך עוועלינאן. ער האט געפילט הינטער זיך ערמינדאס שפאן, האט ער זיך א הויב געטאן צו די כמארעס און נאך שטארקער ווי פריער — צוגעצויגן צו זיך עוועלינאן.

— וואוהין שלעפסטו מיך?

— מירן איצט באפרייען און אהערברענגען דעם אמת!

סוף

## געווידמעט די קאָלאָניסטן:

מיט האַרציקייט און שוועסטערלעכע גרוסן — צו די פינף און זיבעציק יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, צו די ייִדן וואָס זענען בייגעשטאַנען אַלע ביטערנישן ביים איינגלידערן זיך אין דער קאָלאָניע און האָבן זי נישט פאַרלאָזט. אויך ווי אַ דערמאָנונג — יענע ייִדן, וואָס זענען אין געראַנגל פון שווערע באַדינגונגען — אַוועק פון דער וועלט און נישט באַוויזן צו זען דעם אויפבלי פון דער בתולה־ערד ־די דורכגעווייקטע מיט זייער שווייס און בלוט.

גאָלדע גוטמאַן (קרימער)

# מ י ר ל

די היץ האָט אַרויסגעשלאָגן פונעם אַספאַלט און פונעם טראָטואַר. דער הימל האָט ווי אַ צעשרפהטער קאַלך־אויוון געהאַנגען איבער די קרוינען פון די פאַרחלשטע ביימער און דער אַרום איז געלעגן ווי אין היטערפלעט. מירל איז געווען ווי אײַנגעטונקען אין אַ שוויץ־באָד. צווישן די פאַרשטויבטע קאַרבן אויפן ברייטן פּנים האָבן געריזלט ריטשקעלעך בלאָטיקער שווייס. אירע אויגן זײַנען געווען אײַנגעצויגן, סײַ פון מידקייט סײַ פון דער גיהנומדיקער היץ.

זי האָט מיטן פֿײַכטן טיכל אָפּגעווישט דעם נאָסן האַלדז און נאַקן, ווידער אַמאָל און מיט מער עקשנות ווי פריער, אָנגעהויבן צו קוועטשן דאָס עלעקטרישע קנעפּל. פון קאָרידאָר האָט זיך דערטראָגן צו איר אַ קוויטשנדיקער געקלימפּער און באַלד דערנאָך איז ווידער געוואָרן שטיל.

זי האָט אַ באַלײדיקטע און אומווילִיק אויפגעהויבן אירע פולע צוויי קוישן פון געפּלאָכטענע ריטלעך, מיט אַ קני אויפגעמאַכט די שווערע טיר און איז אַרײַן אין קאָרידאָר מיט די אָן אַ צאָל ווייסע, פריש־געוואַשענע טרעפּ. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און נישט געוואַגט צו באַגרעטן די ריינע שטיינער. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן איז זי פּאַמעלעך אַרויפגעגאַנגען אינעם וועסטיבל. זי האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל די צוויי שווערע קוישן און האָט אָפּגעאָטעמט פרייער.

דאָרטן איז געווען מחיהדיק קיל און אויפגערוימט. פון די טונקעלע ווענט מיט בלוט־רויטע קווייטן, ווי ערשט אָנגעריסענע פון בלומען־גאָרטן, האָט זיך געטראָגן דער ריח פון פרישער אייל־פאַרב. איבערן איינציקן ברייטן פענצטער, האָט געהאַנגען אַ שווערער פאָרהאַנג פון זײַד מיט וואָל. אויף איין וואַנט האָט געהאַנגען אַ באַרימט בילד פון פּיקאַסאָ. אויף דער אַנדערער וואַנט — אַ בילד פון אַ ייִדישער קאַלאַניע. אויף אַ נײַעם דיוואַן זענען געווען אויפגעשטעלט קישעלעך פון זײַד און צוויי גרויסע ליאַלקעס, אַ מיידעלע מיט אַ ייִנגל אין זײערע הויזן.

זי האָט זיך ארומגעקוקט אייניקע מאָל, זיך דערנענטערט צו דער טיר פון זאַל, אריינגעקוקט אַהין און זיך געחידושט וואָס קיינער האָט נישט געהערט ווען זי האָט געהאַלטן אין איין קלינגען און ווען זי איז אַהער אַרויפגעגאַנגען. זי האָט פאַרזיכטיק אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם ברויגעם, אָפּגענוצטן רייזע־מאַנטל, אים אָװעקגעלייגט אויף די צוויי קוישן און נאָכדעם האָט זי זיך שווערלעך אַראָפּגעלאָזט אין אַ ווינקל פון דיוואַן.

אירע אויגן־דעקלעך האָבן זיך אַליין געשלאָסן. מירל איז געווען מיד פון פאָרן אַ סך שעהן אין אַ באַן פון צווייטן קלאַס. דערצו איז דער וואַגאָן געווען פול מיט ווייבער און קליינע קינדער. קוישן מיט עופות, זעק מיט וואָל און מיט עפּל. די קינדער האָבן געוויינט, די הינער האָבן געקוואַקעט און ביסלעכווייז אויסגעפּרעגלט פון היץ און פון דאָרשט. מענער האָבן געטרונקען וויין, ביר, געשפּילט אויף גיטאַרעס און האַרמאָניקעס. זיי האָבן אויך געהאַלטן אין איין זינגען. מירל האָט צוליב דעם טומל נישט געקענט צומאַכן קיין אויג.

איצט האָט זי געטון אַ דרימל איין, אַ כראָפּע געטון ווי פון אַ שווער־פאַרהאָרעוועטן מענטשן און נאָכדעם זיך צוריק אויפגעכאַפּט. ערשט איצט האָט זי באַמערקט אַז ביים פענצטער איז אויף אַ הויך, פיינגעשניצטן טישל, געשטאַנען אַ נאַקעטער בודאַ פון קופּער און ביי אים אויפן האַלדז, האָט פון אַ קייטעלע אַראָפּגעהאַנגען אַ קליין מעשן העמערל. זי האָט ווידער געווישט די ריטשקעס שווייס פונעם פּנים און אַלץ אין איר האָט זיך מאָדנע געבונטעוועט קעגן דעם רייכן שוואָגער מיט דער שוועגערן. זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס זיי האָבן זי נישט אָפּגעוואַרט ביים באַן. זיי האָבן לעצטנס ממש געשטורעמט מיט בריוו און אויסגעצייטיקט אין איר דעם באַשלוס צו קומען און ווערן אַ גרויסשטאָטישע... צו מאַכן אַ סוף צו איר גרוי, דאָרפיש לעבן.

ס'האָט איר ווי געטאָן, וואָס זי האָט גאַנצע צוויי שעה אומגעשפּאַנט ביים אָפּגעלײדיקטן וואָקזאַל, געשפּאַנט מיט די צוויי אָנגעהאָנגענע קוישן אויף די הענט און האָט מורא געהאַט צו פאַרלאָזן רעטירע, מורא געהאַט חלילה אויסמיידן דעם שוואָגער מיט דער שוועגערן.

דערווײַל זענען אַוועק פינף מינוט, און נאָך פינף. מירל איז געוואָרן אַלץ מער אָנגעצויגן און מיט אַ שווערן פאַרגעפיל... אין קאָלאָניע שמועסט מען אַז דער שוואָגער סענדערל, איז קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַטן, אַ גרויסער נגיד. דאָ זעט טאַקע אַלץ אויס רחבותדיק, אָבער זיין האַנדלונג איז איר נישט צום האַרצן... עס זאָל נאָר אויסגיין צום גוטן, זיסער גאָט אין הימל...

זי, מירל, האט אפשר באדארפט נעמען די קוישן און צופארן צום מיאנם ברודער, וואס וואוינט אין א נאענטן שטעטל. אדער גאר צופארן אין א האטעל און פון דארטן רופן צו זיך דעם שוואגער מיט דער שווענגערן און הערן וואס אזוינס זיי האבן איר דא צוגעגרייט... זאלן זיי איר זאגן ווי אזוי וועט עס אויסזען, ווען זי, מיט אורין, מיט דער שוויגער און אלע קינדער וועלן ווי גרינע און באהאנגענע מיט קוישן מיט זעק און מיט פלענער — קומען אהער, צו סענדערלען מיט אייזע־לען, זיין ווייב.

ווען עס זענען אוועק נאך צען מינוט, די טריקעניש אין האלדז איז געווארן בייסיקער און דער שווייס האט געריזלט איבערן רוקן־ביין, דעמאלט האט מירל פלוצים זיך דערשראקן, ווען זי האט געטראכט וויפל שווערקייטן איר הויז־געזינד און איר אלטע שוויגער, וועלן מוזן אויסשטיין. פארן א סך שעהן מיטן באן וואס שטעלט זיך אפ אלע צוואנציק מינוט. דער שטויב און די שרפהנדיקע היץ, וואס טראגט זיך פון די וויסטע סטעפעס און פילן אז די וואגאנעס — אט א דער ערשטער פרואוו, קען חלילה אויפוועקן א געפיל פון חרטה אין איר הויז־געזינד.

זי האט געזיפצט און זיך געוואלט טרייסטן און אין גדאנק גע־זוכט א באהעכטיקונג פאר איר צושטיין צו זיי אז זיי זאלן פארן אין דער גרויסער שטאט: דער רוב פון אלע אמאליקע קאלאניסטן, איז זיך צעלאפן פון די קאמפן, ווער צוליב קינ־ער און ווער צוליב דער בענקשאפט נאך א בעסער לעבן. מ'האט נישט געקענט און טאקע ניט געוואלט, אפמאטערן זיך דאס ביסל יארן דארטן, צווישן די בהמות, די אקסן, די פערד און די חזירים.

דער שוואגער סענדערל און איר, מירלס מאן, דער אורי, זענען צווילינג־ברידער. זייערע מזלות זענען אבער גאר פארשידן. צי מוז א געטריי ווייב אין אלץ נאכגעבן און נאכגיין דעם מאן, וואס האט קליינע השגות, הא? . . .

די ברענענדיקע זון הינטערן פענצטער איז געווארן מאדנע רויט, ווי צעגאסענער קופער. אין וועסטיבול איז געווארן דושנע. מירלען האט אויסגעפעלט לופט. זי האט מיטן העמערל אנגעהויבן צו קלאפן איבער דעם בודאס ברוסט. ארום איר האט זיך צעטראגן א הארטער געקלאנג און אויך א מאדנע פרעמדקייט. זי האט ווידער אנגעשפארט דאס פנים אויף די אויפגעהויבענע דלאניעס, מיד געגענעצט און אראפגעשלונגען די סלינע. עס האט איר הנאה געטאן וואס זי איז איצ־טער געקומען אן דעם מאן. ער וואלט דעם ברודער נישט מוחל געווען אזא „פיינע” באגעגעניש . . . אורי איז ווי א געזונטער דעמב, אז אריינ־

געוואקסענער אין דער זאפטיקער, פרוכטיקער ערד. אורי ווייסט ניט פון קיין קאמפראמיסן. בא אים איז — אדער, אדער... יארנלאנג האט זי זיך געאמפערט מיט אים און ער האט מיט זיינע שכלדיקע רייד און באווייזן זי אפגעהאלטן פון איר אײַפערזוכט צו דער שווערגערן איידעלע. אבער סענדערל איז א פראקטישער מענטש, ער האט באלד פון אנהייב געגעבן דעם ווייבל א גאלדענע דאליע. איידעלע מיט אירע קינדער ווערן נישט פארווייסט צווישן די שווארצע פונדיקעס. די איידעלע שאצט נאר נישט אפ אין וואס פאר א שמאלץ־גרוב זי איז אריינגעפאלן...

אזוי־אָ, א פארטוענע אין אירע טראכטענישן האט זי דערווייל אראפגענומען די אויפגעבונדענע פאטשיילע פון די האר, זי געטאן א טרייסל און זיך דערשראקן פאר דעם שטויב וואס איז געפאלן אויפן טייערן, געבלימטן טעפיך. זי האט גיך אריינגערוקט די פאטשיילע אין איינעם פון די קוישן, ארויסגענומען פון דארטן א האנטבייטעלע מיט א קליין שפיגעלע און זיך אנגעשפיגלט. ערשט איצט האט זי דערזען ווי מיד און פארענדערט עס איז איר פנים. דערצו זענען די ברוינע, געדיכטע קרייזלעך ארום שטערן באזעצט מיט א גרויען שטויב. אויך די נאזלעכער און די אויערן זענען באדעקט מיט שטויב: איצט זעט זי אויס ווי אן אמתע פאסטוטשקע, דארטן, אין פעלד, צווישן די פערד און אקסן...

זי האט זיך אויפגעהויבן, צערוקט דעם פארהאנג און האט ארויסגעקוקט. די גאס איז געשטאנען א געשטמערעקטע, ווי א חשובע נגידותטע, מיט פרום־פארצווייגענע ליפן און מיט א דריי־גארנדיקן פאריק אויפן שטאלצן קאפ. פון צווישן נידעריקע צוויט און לימענע־ביימער, האבן ארויסגעקוקט שטיבער מיט רויטע שפיציקע דעכער.

אויף די קרוינען פון נידעריקע, ארומגעשוירענע ביימעלעד ביי די פלויטלעך, האבן געבלענדעט שטיקער זון, ווי גאלדענע מטבעות.

פון צייט צו צייט האט זיך פארבייגעטראגן א נייער לוקסוסדיקער אויטאמאביל און געבליבן שטיין לעבן א שכנישער שטוב. מירלס בליקן האבן ווי צוויי שוואמען אלץ איינגעזאפט און דאס הארץ איז געווען באטריבט: אירע פינף געראטענע קינדער האבן א שם ביי לייטן, אבער זייער געראטענער טאטע, זאל זיין געזונט, ער טראכט גאר נישט וועגן זייער ווייטערדיקן לעבן... אים גייט גאר נישט אן וואס די בלעטער פון קאלענדאר ווערן אפגעריסן... די יארן שטייען נישט אויף איין ארט ער איז אריינגעוואקסן אין דער קאלאניע און ס'איז נישט גוט...

דערווייל איז אנגעקומען די שווערגערין. מירל האט זיך ראפטום אויסגעדרייט און האט זי אריינגעכאפט אין די שטארקע כמעט מענער־

שע ארעמס, איר ארייגעקוקט גאר טיף אין די אויגן און דאס ברוגעזע שמייכעלע אויפן פארפלאמט־געווארענעם פנים האט זיך געמיניעט, דא צום וויינען און דא צום לאכן. די שווענעריז האט זיך געטאן א פעסטן שטעל אויף, אויף די הויכע, געטאקטע פיסלעך, זיך צעהוידעט ווי א ליכטע וואזאנע אונטערן ווינטל, איר געטאן א קוש אין איין באק און באלד אין דער צווייטער און נאכדעם זיך ארויסגעדרייט פון אירע ארעמס און האט זיך פארענטפערט: — וואס, די שיקסע האט דיך נישט אויפגענומען, מאריא קערידא? ... איך האב איר אנגעזאגט: טאמער פארשפעטיק איך ביים שערער און קומסט דערווייל אן, זאל זי דיך נישט לאזן אליין!

— און פארוואס איז סענדערל נישט געקומען מיך אפווארטן?

— האט דער גאסט איר ברוגזלעך איבערגעשלאגן.

— ווער, סערכיא? האט די שווענעריז א טענצל געטאן און דאס ליכטע, ווייסע קליידל פון טייערן שטאף, האט זיך ווינטיק צעווייעט ארום איר. סערכיא איז פארנומען אין זיינע געשעפטן — נישטא וואס צו מאכן מיט אים, האט זי באדויערט, צענעמענדיק די צו לאנגע, ווייסע איידעלע הענטלעך און די איינאונצוואנציק גאלדענע רייפעלעך אויף זיי, האבן זיך געטאן א טרייסל, זיך א רוק געגעבן ארויף און אראפ.

מירל האט געשמייכלט. זי האט נישט פארשטאנען צוליב וואס א פרוי פוצט זיך אויס אזוי עלעגאנט און דערצו נאך מיט די רייפעלעך וואס באשטעטיקן די יארן פון איר חתונה־האבן. מירל איז אין די וואכעדיקע טעג א פארטוענע נישט נאר אין דער שווערער שטובארבעט, נאר זי העלפט אויך צו דעם מאן ביים אפהיטן דעם סקאט. זי פארט אין נאענטן שטעטל פארקויפן די היימישע פראדוקטן און איינקויפן אין דער קאאפעראטיווע וואס מען דארף האבן פארן קאנסום. זי האט באלד דערפילט אויף זיך דער שווענערינס קיילעכדיקע, פלינקע אויגן ווי צוויי ברוינע הײשעריקן. זיי זענען צוגעפאלן צו די שטרויענע קוישן. אירע דינע רויט־געפארבטע ליפן האבן זיך געטאן א קרים:

— האסט נישט געקענט, מאריא קערידא, דיר קויפן א ליטישע וואליזקע? ...

מירל האט געפילט ווי די היץ אין פנים איז געווארן ברענענדיק. זי האט צענויפגעצויגן די שווערע טונקעלע ברעמען און א זאג געטאן ווי צו זיך אליין: — די הויפטזאך, איידעלע, איז דער מענטש... נאר דער מענטש...

איידל האט געשוויגן, נאר די פלינקע אויגן זענען דערווייל צו־

געפאַלן צו מירלס צוויי געשוואָלענע פיס און די שוואַרצע שיך אָן קנאָפּל, שווייגנדיק אַראָפּגענומען פון קעפּעלע דאָס בלויע היטעלע פון שטרוי, עם אָוועקגעלייגט אויפן דיוואַן, אַרויסגענומען פון האַנטבייטעלע אַ ווייס טיכעלע און האָט פּאַרזיכטיק אַראָפּגענומען די טראָפּעלעד שווייס וואָס האָבן אַרויסגעשלאָגן אויף איר פריש מאַסאַזשירט קליין פּנימל, מיט דער ראָזעווער פאַרב אין די בעקלעך. מירל האָט דערווייל אויפגעשנורעוועט די בענדלעך פון די שיך און ווידער און נאָך שטאַרקער ווי פריער, האָט דאָס געפיל פון אומבאַשטימטקייט, אָנגעהויבן צו נאָגן איר נשמה. דערצו האָט זי מורא באַקומען פאַר דער שטאָטישער שווערעגרינס זאַרגלאָזן אויסזען.

אָט די איידעלע, וואָס איז מיט צוויי יאָר עלטער פון איר, מירעלען, זעט גאָר אויס ווי אַ שאַרמאַנטע סוברעטן פון אַן אָפּערעטע. אַלץ אין איר איז צעטענצלט, צעפלאַטערט און זי איז טאַקע צופרידן אויך. אירע הענטלעך זענען ווייסע ווי צוויי זיידענע שנורן. דער בלויגעפאַרבטער קאָפּ רייסט זיך אַרויף אין די הימלען אַריין. איר גבורה נעמט זיך פון דעם וואָס דער סענדערל ווערט פאַר איר די כפרה... ער האָט זיך דערהויבן! אורי, ווידער, איז אַריינגעטאָן אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק... ער לעבט מיט שפּינאָזאַ און בערגסאָן... דער תנ"ך איז ביי אים די גאַנצע וועלט! .

זי, מירל, לעבט תמיד ווי אין זכות פון איר מאַן מיט די קינדער, דערפאַר זעט זי איצט אויס ווי איידעלעס אַ באָבע...

בשעת זי האָט אַזוי באַדויערט איר ווייבערישן גורל, האָט איידל אַביסל אַרויסגערוקט איינעם פון די קוישן און האָט אַריינגעשריען אין דער אָפענער טיר פון זאַל:

— זשאַלאַנדאַ וואוהין ביזטו מיר אַהינגעקומען?...

— מאַריאַ קערידאַ, האָט זי אַ ביזלעכע זיך געווענדעט צום גאַסט, נעם דיינע קוישן און גיי מיר נאָך, נאָר פאַרזיכטיק, זיי זענען פול מיט שטויב!...

מירל האָט שטום געפאָלגט און זיך טאַקע באַמיט אַז די קוישן זאָלן זיך נישט אָנקלאַפּן אין די פריש־געפאַרבטע ווענט פון לאַנגן קאָרידאָר, מיטן געבלימטן טעפּיך, אויפן פּאָלירטן דיל.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דער גרויסער, ריינער קיך, מיט ווענט פון געבלימטע קאַכלעס, איז מירל געבליבן שטיין ביי דער טיר און איידל האָט גיך צעפּראַלט די לאַדנדלעך פון ברייטן פענצטער און האָט אַרויפגעשריען צו דער דינסט וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט געאיילט צו קומען.

— ושאַלי אפשר ווילסטו איך זאָל קומען מיט קלעזמער און זיך אָראָפּבעטן אַהער ?..

אַן אויפגערעגטע האָט זי זיך אָנגעהויבן צו פּאַרען ביים גאַז־אויוון און די שווענערן האָט אַרויסגעפּילט איר כעס און באַליידיקונג. זי האָט דערווייל אַרײַנגערוקט אין אַ ווינקל די צוויי קוישן און האָט זיך געוואונדערט:

— וואָס הייסט אַ שטוב־מענטש זאָל נישט מאַן זײַן פּליכט ? מען קאָן דאָך אַרויסטראָגן אַפילו דעם בודא מיטן העמערל איגאייגעם. ווען די דינערישאַפט האָט גיט קיין אָפּשיי פאַר די באַלעבאַטים — איז עס אַ שלעכטער סימן... איר מאַן, דער אורי, האָט אַוועקגעלייגט אַ סך צײַט און אַ סך געזונט, כדי ווי עס איז איבער צו דערציען זיינע פעלד־אַרבעטער. עס איז גאָרנישט געווען אַזוי גרינג, אָבער טיילווייז האָט זיך עס אים אײַנגעגעבן: זיי שלאָגן שוין נישט אַזוי פיל זייערע ווײַבער, שכורן ווייניקער ווי פריער, לייענען און שרײַבן. דער „פּאַטראָנ־סיטאַ" איז ביי זיי אַן אויטאָריטעט און אַזוי באַדאַרף עס זײַן — האָט מירל געטראַכט.

אין דעם איז אַרײַנגעלאָפן דאָס שטוב־מירל. אירע שוואַרצע דריב־נע אייגעלעך, זענען צוגעפאַלן צום גאַסט און באַלד צו דער באַלעבאַסטע:

— וואָס באַדאַרף איך טאָן ?

— האָסט נישט געהערט ווען מײַן שווענערן האָט געקלונגען ?

— נישט געהערט, באַלעבאַסטע. איך פרעס די העמדער פון פּאַטראָנסיטאַ, מען דאַרף היטן די אײַזנס...

— דו ביסט פאַרטון אין הערן דײַנע נאַרישע נאָוועלעס! אַז דו וועסט מיך שטענדיק האַלטן אין איין נאַרן וועסטו נישט קריגן ביי מיר די ניי־יאָר מתנה און אויך נישט פון די „רעזשעס" — האָט איידל פאַרענדיקט מיט רוגזע.

— איך וועל אײַך נישט נאַרן באַלעבאַסטע — האָט זי זיך ווי געבעטן, נאָר איר קיילעכדיק שוואַרץ גרינבלעד פּנים און די אייגעלעך, זענען געבליבן גלײַכגילטיק.

זי האָט אַרײַנגעטראָגן די קוישן אינעם באַד־צימער און איידל האָט זיך באַקלאָגט פאַרן גאַסט:

— זי איז ביי מיר געוואָרן אַ גרויסע בחורטע. איך האָב זי אַהער געבראַכט פאַר רחמנות. זי איז געווען קראַנק, הונגעריק און ווי אַ ווילדע חיה. זי איז אפילו געווען פאַרלײַזיקט. מײַן טעכטערל האָט איר אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן. זי האָט זיך דאָ איר צימער, איך

פּלאַקאַרד און אַ נײַע ראַדיאָ. זי האָט זיך איר חודשלעכן געהאַלט. ס'איז אַ סברה, מאַריאַ קערידאַ, אַז דאָס דאָזיקע נפשל איז גאָר געווען אַן ערז־מיטגליד ביי די אַליאַנסאַ־לײַט, די היזיקע היטלער־גזלנים...

— 2 —

שפּעטער איז דער גאַסט געזעסן אויבנאָן ביים טיש און געקילט דאָס פּנים אַנטקעגן קליינעם ווענטילאַטאָר. זי איז געווען אָנגעטאָן אינעם שוואַגערס אַ באַדמאַנטל און שטעק־שיך אויף די באָרוועסע פּיס האָט זי זיך געפילט מער מונטער, זיכערער. די קילע באָד וואָס זי האָט נאָרוואָס גענומען האָט צוגענומען פון איר די מידקייט און אויך דעם שלאָף. איר פּנים איז ווידער געווען פול מיט נאַטירלעכער געזונטקייט און מיט פאַרבן. די שוועגערין האָט איר דערלאַנגט אַ מאַטע און האָט זיך אויך געפאַרעט ביים צוגרייטן דעם אָנבײַסן.

די געמיטלעכקייט, די קלאָרקייט פון די וואַנטשאַפּעס מיט טײַ־רע געפעסן און גלאַזוואַרג, די בלענדנדיקע זון וואָס האָט ווי קאַנווע זיך געוועבט איבער די בלומענטעפּ אויף די קאַרניזן פון שכניתדיקע אָפענע פענצטער, די האַרמאָנישע קלאַנגען פון אַ פּיאַנאָ, וואָס האָבן ווי מיטגעפלאַטערט צווישן פאַרהאַנגען — דאָס אַלץ האָט אָנגענעם געווירקט אויפן דאָרפישן גאַסט. ס'האָט אין איר עפּעס שטיל געמאָנט און גלײַכצײַטיק אָנגעוויעט אַ געפיל פון באַדויערן: אירע גראָטענע קינדער האָבן ביי זייער טאַטן זיך אויסגעלערנט שפּילן אויף אַ גי־טאַרע. מבינים זאָגן אַז די קינדער האָבן אַ געפיל דערצו. זיי וואָלטן געקענט עפּעס דערגרייכן אויפן דאָזיקן געביט. קאָלאָניסטישע זין און טעכטער פאַרבעטן זיי שפּילן אויף זייערע בעלער און ימים־טובים.

וואָלט מען דאָרטן, אין דער וויסטעניש, געקענט קריגן אַ לײַ־טישן לערער פון מוזיק, וואָלט זי, מירל שוין אַרויפגעפירט די גראָ־טענע קינדער אויף אַ וועג... די קינדער זענען לײַטיש און באַשיידן, זיי וואָגן גאָר נישט צו דערמאָנען טאַטע־מאַמע וואָס אַזוינס מען האָט זיי נישט געגעבן און וואָס מען האָט אַפילו נישט געפּרואווט זוכן אַ וועג זיי גליקלעך צו מאַכן...

בשעת זי האָט אַזוי געטראַכט, האָט דערווײַל די שוועגערין אַוועק־געשטעלט אויפן טיש אַ טעצעלע מיט געפּראַזשעטן, זיסן קוילעטש און איר דערלאַנגט אַ פרישע מאַטע, דערבײַ האָט זי געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע:

— אַלע טאָג און אָפטמאָל ביז אויפדערנאַכט, קלאַפּט מען דאָרט אויף אַ פּיאַנאָ! ס'ווערט זיי גאָרניט נימאס!..

— נו מוזיק פאדערט א סך איבונגען: מיינע קינדער שפילן אויך, מיין סערכיא האט זיי ממש געצוואונגען צו דעם. אבער קיין יאשא חפץ וועט פון מיין שמוב נישט ארויסקומען.

— מיינע קינדער וואלט איך גארנישט געדארפט צווינגען, אייר דעלע! — האט מירל צווישן איין זופ און דעם אנדערן אויפגעהויבן צו איר די שווערע, געדיכטע בריעמען — זיי זענען פון דער נאטור געבענטשט מיט פעאיקייט! צו לערנען און צום קענען.

— באסטא! — האט איר די שווענערין אנטקעגנגעשטעלט די איידעלע דלאניעס. — באסטא — איר אלע זענט נארישע דארפסלייט די ליכטיקע שיין, די ברייטע וועלט, שרעקט אייך!...

מירל האט פארשעמט געשמייכלט און געהאט דאס געפיל אז די שווענערין איז גערעכט. אוודאי איז אורי ארייגעוואקסן אין דארף. אין דעם איז קיין ספק נישטא. ער איז פארליבט אין זיינע יונגע עקסלעך, די נאוויזשעס, אין די ברעקעלעך הינדעלעך, וואס ווארעמען זיך אויס איינעם אינקובאטאר און אים אנטציקט אט דאס נייע לעבן וואס ער זעט אויפגיין. דאס הארץ זיינס וואקסט פון גליק און פרייד ווען ער זעט די ערשטע זאנגען אויפשפראצן און פארזייטער תבואה. ער קען גארנישט פארשטיין אז דער נייער דור וויל אויך געניסן פון אלץ וואס די מאדערנע צייט האט געבראכט מיט זיך. אים גייט גארנישט אן וואס די קינדער פון זיינע ברידער און שוועסטער זענען אוניווערזיטעטאריער, וואס זיי לעבן ברייט און זארגלאז.

אויך זי, איידעלע לעבט זיך ווי אן אמתע פריצעטע. אירע הענטלעך זענען ווי איבערגעצויגן מיט זייד.

זי, ווידער, מירל, לעבט נאך אלץ ווי א פויערטע. וואס אן אמת — איז די צייט איצט נישט ווי צוריק מיט יארן, ווען מען האט זיך קוים דערהאלטן ביים בידנעם לעבן — נאר פון דעם וואס די קאפריזנע נאטור האט איבערגעלאזט אויף די פארזייטע פעלדער. איצטער איז דאנקען גאט — דער קאראל פול מיט „נאוויזשאס", מיט שאף.

ס'איז טאקע א גרויסער צער צוצוקוקן ווי אזוי די „פיאכיזשאס" זענען אונטער די האלב־צייטיקע זאנגען און דער קאלאניסט ווערט אויס מענטש פון קוקן אויפן הימל ווי עס כמארעט זיך, מיניעט זיך און עס קומט נישט קיין רעגן...

אבער ס'איז דאך פארט דא פונוואנען צו שעפן די פרנסה! און אז מען וויל האבן א לייטישע ווירטשאפט, און אז דאס ווייב איז נישט קיין אנלייגערן, אויפן מאנסביינער, — קאן מען נישט זיצן מיט פארלייגטע הענט. טאקע צוליב דעם לעבט זי, מירל, גענוג שווער. זי העלפט אפילו צו ביים מעלקן די בהמות און באקן ברויט מיט

געבעקסן. אין די גרעסטע שטורעמס און רעגנס, לויפט זי מיט אַ בייטש אין די הענט און העלפט אורין אַרייַנטרייַבן די קי אין קאָראַל אַרייַן.

נו, אַוודאי האָט שוין די ציוויליזאַציע אויך אַריינגעדרינגען אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון די קאַמפּן: זי אַליין האָט שוין אַן אייזקאַסטן אויף גאַז. זי האָט אַ וואַשמאַשין און אַ ליקוואַדאָרע. אָבער דאָס לעבן איז אַלץ אַ שווערס און אַפילו אַן אומזיכערס. די מורא פאַרן הייַשעריק, וואָס קען פּלוצים באַפאַלן דאָס פעלד און אַלץ חרוב מאַכן — אָט די שטענדיקע מורא פאַרן „פּולגאָן", מאַכט אַ תל פון די נערוון.

די שוועגערין האָט זי אַרייַנגענומען אין די פלינקע בליקן און איבערגעריסן די שטילקייט:

— מאַריאַ, קערידאַ, איצטער זעסטו שוין אויס יִינגער מיט צען יאָר! האָסטו אַ געזונטע, פרישע פאַרב אין די באַקן! איך, זעסטו, מוז באַנוצן רוזש, כדי אויפצוהאַלטן דעם קאָליר...

— נו, אַ מענטש, אײדעלע. קען דאָך ניט האָבן קיין פּרעטענזיעס אויף אַלץ!... דאָרטן, אין קאָלאָניע, האָבן אַלע פרישע פאַרבן אין די באַקן, אָבער ניט דאָס איז דאָך אַלץ!

די שוועגערין האָט איר צוגערוקט נענטער דעם טעלער מיט קעז און פּוטער און זיך געוואונדערט:

— האָסט גאָר ניט פאַרזוכט! פאַרוואָס?

מירל האָט מער מיט די בליקן ווי מיטן געטאַקטן גראָבלעכן נעזל אַרומגעשמעקט דאָס מילכיקס און געענטפערט:

— מיר זייַנען צוגעוווינט צו פרישע מאכלים...

אײדל האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, גענומען אויפן שפּיץ פון מעסער אַ שטיקעלע קעז, דאָס צוגעטראָגן צום מויל און גע־שמייכלט:

— ס'האָט אַלע טעמ'ן! ערשט הייַנט געקויפט!

כדי דער גאַסט זאָל זיך דאָ פילן גאָר היימיש און אויפגעלייגט, האָט אײדל אויפגעדרייט דעם קליינעם טעלעוויזאָר, וואָס איז געשטאַ־נען אין אַ וואַנטשאַפקע און מיט ביידע הענט אויף די היפטן, געבלי־בן שטיין פון וויַיטנס, און צופרידן געקוקט, דאָ צום גאַסט, און דאָ צום פּראָגראַם.

אויפן אַפּאַראַט האָט זיך צעוויגט אַ שטיק גרין פעלד, באַדעקט מיט אייניקע ראָכיטישע גרינע ביימעלעך. צווישן די ביימלעך האָבן זיך געפּאַשעט עטלעכע קלייניקע ווייסע ציגעלעך. אַ גרויסע ציג און אַ צאַפּ מיט ריזיקע פאַרדרייטע הערנער און מיט אַ באָבערדלט שמאָל

פנים, ווי פון א נאַרישן מענטש — איז זיך רואיק געלעגן ביים זוים פון פעלד און געדרימלט.

איידל האָט נישט אויסגעהאַלטן דער שוועגערנס גלייכגילטיקייט און האָט אויסגערופן פאַרוואונדערט:

— מאַריאַ קערידאַ, דו זעסט גאָרניט די דאַזיקע שיינקייט?... ס'איז דאָך ממש ווי אַ נאַטירלעכער קאַמף!

— דאָרטן, אין קאַמף, איז דאָך אַלץ ריינע נאַטור!... זאָג מיר איידל, ווען קומט אַהיים דיין סענדערל? — האָט זי געזוכט אויסצו־מיידן דער שוועגערנס מבינות אויף נאַטור־שיינקייטן, איידל האָט גע־הויבן די אַקסל:

— ביי אים קענסטו קיינמאָל ניט וויסן קיין טאָלק. נאָט האָט אים איצטער צוגעשיקט אַ מעשה מיט וועקסלען. מיט טשעקן וואָס טויגן צום... איך בעט איבער דיין כבוד...

מירל האָט עפּעס ווי ניט באַנומען דער שוועגערנס ווערטער. און כדי ניט צו פאַרפירן אַ נייעם, פוסטן שמועס, האָט זי פאַרדרייט דעם טעלעוויזאָר און גענומען „די פּרעסע" וואָס איז געלעגן אויף אַ בענקל, זי געטריי אויסגעגלעט און אויסגעשפּרייט אויפן ברעג פון טיש. נאָכדעם האָט זי אָנגעהויבן איבערצוקוקן די נייעסן פונעם לאַנד און וועגן ישראל:

זי האָט אָבער געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דער שוועגערנס באַקלאָגענישן.

ווי עס זעט אויס איז די איידעלע שוין גאָר ניט צופרידן... ווער קען זיי העלפן פאַרשטיין, די ווילדע, גרויסשטאָטישע לייט?... גאָט גיט דאָס ברויט צו די וואָס האָבן ניט קיין ציין... — האָט זי אין געדאַנק איבערגעחזרט דאָס אַרגענטינישע פאָלקס־ווערטל.

איידל האָט הערוויל אָפּגעראַמט פון טיש, אַרויסגענומען פון וואַנטשאַפע אַ פירעקיק שטרויען קיישעלע מיט פּיטשעס, זיי אויס־געשיט אויפן טיש און זשעדנע, שפּילעוודיק, זיי אָנגעהויבן שאַרן אַהין און אַהער. אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן און דאָס פּנימל האָט באַקומען אַ ראָזעווען קאָליר. באַלד האָט זי אויסגעלייגט צוויי שטויסעלעד, זיך אָנגעקנעצט אַנטקעגן דער שוועגערן, וואָס איז נאָך אַלץ געווען פאַרטיפט אין לייענען.

— לאָז צורו דאָס בלאַט, מאַריאַ קערידאַ, און מיר וועלן זיך אַביסל צעשטרייען....

דער גאַסט האָט אַריינגערעדט אין דער „פּרעסע":

— דו שפּילסט נאָך אַלץ, איידעלע?

— און ווער שפּילט עם היינטיקע צייטן נישט? — האָט זיך

אײדל געװוּנדערט. — נאָר די צוריקגעשטאַנענע שפּילן ניט...

מירל האָט אױפגעהױבן צו איר די בליקן און געזאָגט:

— עס װײַזט אױס אַז צוליב דעם שפּיל איך ניט און מײַן אורי מיט די קינדער שפּילן גײַשט.

אײדל האָט אַרױסגעצױגן פֿון טישקעסטל צװײ נײַע פּעשלעך קאָרטן, אײנס צוגערוקט צו דער שװעגערן און זי גוטמוטיק אונטער־געאײַלט: — װאַמאָס! װאָס װעלן מיר טאָן אַ גאַנצן פֿרימאָרגן? מען קען דאָך פּשוט אױסגײן פֿון אומעט...

— איך האָב מיר מיטגעבראַכט עפּעס צום שטריקן. חוץ דעם האָב איך דאָרטן געגעבן דער שװיגער מײַן ערנװאָרט, אַז איך װעל דאָ ניט זײַן קײן „האַנט".

אין אײדלס פּנים האָבן זיך צעװיגט דינע חוזק־שמײכעלעך, זי האָט אַרײַנגענומען דעם גאַסט אין די העלע צװײ אױגן און געטאָן אַ טופּע מיטן פּיסל.

— ביי מיר װאָלט די אַלטע געפֿלױגן פּיף־פּאַף!... האָט אײדל געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענטלעך און צוגעגעבן: װער נעמט עס היינטיקע צײַטן אין אַכט אַז אַלטע כאַלערע?...

— אױך מיר, אײדעלע, װעלן װערן אַלט און דערצו שװיגערס... און קײנער װעט אונדז קײן טובֿה ניט טאָן, אױב מען װעט אונדז אָפּלאָזן לעבעדיקע...

— װאַמאָס, װאַמאָס, מיט די „װױעכאָס"!... — האָט זי זיך געקרימט װי ביים אָראָפּשלינגען אַ ביטערע פּיל...

כדי אױסצומײַדן אַמפּערנישן, האָט מירל זיך אױפגעהױבן. צו־געגאַנגען צו דער פּילעטאָ און האָט אָנגעהױבן איבערצװואַשן די טעלער און דאָס ליידיקע טעפּעלע פֿון דער מאַטע. די שװעגערן האָט ליידנשאַפֿטלעך איבערגעמישט די קאָרטן, זײ אױסגעלײגט און אי־בערגעריסן די שטילקייט:

— אַז דו װילסט מיך ניט באַגלײטן אינעם שפּיל, װעל איך ניט האָבן קײן אַנדערע ברירה װי שפּילן אַ „סאָליטאַריאָ". זי האָט אַלע מאָל געטאָן אַ דין לאַכעלע, נאָכדעם אומגעדרײט דאָס פּנים צום גאַסט און געפֿרעגט:

— האָסט טאַקע אױף אַז אמת ליב די װױעכאַ?...

מירל האָט געשװיגן און עפּעס װי נישט באַנומען דער שװעגע־רנס לײַכטקייט און דעם ביטול: זי, מירל, װײסט אַז די שװיגער איז אַ פֿרומע ייִדענע. דװקא אַ ביסל אַ שטרענגע, אָבער זי האָט דערצױגן מירלס פֿינף קינדער, דרײַ זין און צװײ טעכטער, מיט װעלכע מען קען זיך האַלטן גרױס. איצט לעבט די שװיגער, װי

אין זכות פון אירע אייניקלעך וואָס גיבן איר אָפּ כבוד און וויזן איר אַרויס אמתע ליבשאַפט. טאָ פאַרוואָס זאָל די איידעלע גאָר פּיינט האָבן די פרומע, ערלעכע שוויגער? די אַלטע האָט אויסגע־כאַוועט סענדערלען, אים געלערנט צו האַלטן ערלעך דאָס ווייב מיט די קינדער און אָפּצוגעבן פאַר זיי דאָס גאַנצע לעבן. די אַלטע איז נאָך ביז היינט, מירלס, אַן עצה־געבערן און אַ געטרייער פריינט. אויך זי, מירל, גרייט זיך צו גיין אין דער שוויגערס וועגן. דאָס גאַנצע לעבן צו דינען די קינדער און אייניקלעך, ווי דער טאַטע, אים צו לענגערע יאָרן, האָט עס אויך געטאָן.

זי האָט אָפּגעזיפצט, פון דער זייט אַ קוק געטאָן צו דער שוועגערין, וואָס האָט זיך געשפּילט מיטן סאַליטאַריאַ און ווידער מיטן געדאַנק זיך אומגעקערט צוריק אַהיים. זי האָט געטאָן אַ זייטיקן קוק צו דער שוועגערין און עס האָט איר הנאה געטאָן וואָס יענע האָט ניט איבערגעלאָזט דעם „סאַליטאַריאַ".

מירל האָט איבערגעוווישט דאָס געפעס און עס צוריק אַריינגע־שטעלט אין דער וואַנט־שאַפע. זי איז געוואָרן אומרואיק: זי האָט דערפילט אויף זיך דער שוועגערינס בליקן און זיך גוטמוטיק געבייזערט:

— איך וועל דיר אין גאַרטן שטערן — האָט מירל איר איבער־געשלאָגן. איך וועל פאַרן קויפן אַלאַמבערע. מען מוז דאָ אַרומצוי־מען דעם קאַראַל!...

— מאַריאַ קערידאַ: דו ביזט דאָך איצטער געקומען וועגן גאָר אַן אַנדער זאַך!... איז איידל געוואָרן רירעוודיק און דינענקע שמייכעלעך האָבן זיך צעציטערט איבערן רויט־געוואָרענעם פּנימל.

— וואָס פאַרא גאַסט ביסטו? קאַראַמבאַ! אַז מען קומט אַהער באַדאַרף מען זיך פאַרווײַלן, וואָס וועסטו טאָן אַ גאַנצן טאָג אַז דו ווילסט מיך ניט אַקאָמפּאַנירן?...

אויך מירל אַליין האָט זיך געוואונדערט אויף אירע ערנסטע אַרויס־געזאָגטע ווערטער: זי איז דאָך טאַקע געקומען אַהער צו הערן וואָס פאַרא מעגלעכקייטן דער שוואָגער סענדערל וועט געבן דעם ברודער אורי אַז ער זאָל נאָכקומען זיין וואונטש און פּטור ווערן פונעם קאַמפּ. ס'איז דאָך שוין לאַנגע יאָרן, אויך איר, מירלס וואונטש, צו קומען אַהער און געבן די קינדער אַ שענער לעבן און דער עיקר, אַז זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו לערנען דאָס, צו וואָס זיי האָבן אַ נייגונג.

זי האָט אויף איר האַרפּיישן שטייגער, זיך געהיט מיט אַן איבעריק וואָרט און מורא געהאַט צו זאָגן דער שטאָטישער שוועגערין, וואָס אַזוינס זי, מירל, האָט איבערגעלעבט ביז אורי האָט איר געגעבן די גאַנצע פולמאַכט אַריינצונעמען אין אירע הענט דעם גורל פון זייערע

קינדער, פון דער עלטער און נאָך מער — פון דער איינציקער קרעפּטיק־געבליבענער יידישער קאָלאָניע.

די שוועגערן האָט זיך דערווייל אָפּגעווישט די ריטשקעלעך שווייס פון פּנים, פון האַלדז און נאַקן און זיך ווידערגענומען צום סאָליטאַריאַ. זי האָט דערווייל אָנגעהויבן אין אַ טאָן פון ווייכקייט און מוסר:

— מיינסט אַז די אַלטע וועט לעבן נאָך אַכציק יאָר? !... צוליב איר עקשנות, מאַריאַ קערידאַ, באַדאַרפט איר פּינצטערן צווישן די פונדיקעס? ...

מירל איז באַהערשט געוואָרן פון אַ רחמנות־געפיל צו דער שוויגער: די אַלטע האָט אַ סך געהאָרעוועט און אַריינגעלייגט איר גאַנצע נשמה, ביים העלפן דעם מאַן אין דער פעלד־אַרבעט. מיטן אַנגעצונדענעם לאָמטערן אין דער האַנט, פלעגט זי אין די גרויע פאַרטאָגן אים נאָכשפּאַנען און אים באַלייכטן דעם וועג.

ביזן היינטיקן טאָג האָט זי נאָך איינזיינען, סיי דעם גאָרטן וואָס אַרום דער שטוב, און סיי אַלע בהמות מיט די עופות, זי איז נאָך פול מיט לעבן די אָרעמע אַלטע...

איידל האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— דו שוויגסט, מאַריאַ קערידאַ, ווייל דו האָסט מיר נישט וואָס צו ענטפערן! ... ווייל דו ווייסט אַז איך בין גערעכט און באַסטאַ! ...

— דו ביסט אַ ביסל איבערגעאיילט, איידעלע, נישט תמיד איז שווייגן אַ צושטימונג צו די אייגענע דורכפאַלן און נאַרישקייטן... איך וויל דיר אָבער זאָגן פּשוט און ערלעך:

— די אַלטע פאַרשטעלט אונדז נישט דעם וועג... מיר וועגן ראַד אויף איר קאַמף...

— ער איז נישט אירער! ... דיין און מיין מאַן האָבן נעבעד גענוג געהאָרעוועט דאָרטן! ... — האָט זיך איידל באַליידיקט

— די אַלטע מיינט נאָר אונדזער גליק! ... דו ווייסט נישט, איידל, וואָס עס הייסט ליבשאַפט צו ערד־אַרבעט, צו דער ערד וואָס דו האָסט מיט דיין שווייס און בלוט געמאַכט פרוכטבאַר און פאַרוואַנדלט פוסטע פעלדער אין בליענדיקע גערטנער — האָט דער גאַסט רואיק געענטפערט.

ביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן עפּעס נישט דערזאָגטס האָט זיך געמיניעט אין ביידנס אַראָפּגעלאָזטע בליקן.

3

ס'איז אוועק א האלבע שעה און נאך א האלבע, די זון הינטערן פענצטער איז געווארן מער ברענענדיק, זי האט ווי צעגאסענער קור פער פארפלייצט די קיך און די וואזאנעס האבן פארחלומטע ארונטער־געלאזט די קרוינען. מירל איז געזעסן אין א ווינקל און געשטריקט א סוועדער פאר אורים וועגן און איידל איז נאך אלץ געווען פארטאן אין סאליטאריא.

דאס שטוב־מיידל איז אריינגעקומען אראפגעשטעלט א קויש מיט פריש־געפרעסטע וועש, נאכדעם זיך געווענדעט צו איידלען:

— וואס, באלעבאסטע, באדארף איך איצט טאן?

ערשט איצט האט זי זיך אויפגעכאפט ווי פון א חלום. זי האט גיך אנגעהויבן נישטערן אין די טיפע קעשענעס מיט פיטשעס גע־שלעפט צעקניטשטע פאפיקערס און זיי דערלאנגט דעם מיידל:

— גיי, איַיל דיך, ס'איז שוין שפעט... גיכער!

— וואס זאל איך קויפן, באלעבאסטע?

— קויף גארנאטשא, קויף ביר, קאקא, קויף נו, וואס דו אליין פארשטייסט. איַיל דיך, דער פאטראנסיטא וועט באלד קומען.

— גוט, באלעבאסטעלע, דער פאטראנסיטא וועט באלד קומען!..

זי האט זיך פאנויגט און איז אוועק.

מירל האט צוגעשאקלט מיטן קאפ און נישט באנומען דער שווע־געריגס פירעכין: עס ווייזט אויס אז דער שוואגער, סענדערל, איז טאקע א גרויסער עושר. איידעלע באדארף נישט וועגן און מעסטן דעם מאנס א פעזע ווי זי, מירל, וועגט. אבער פארוואס האט די איי־דעלע געפאטשטעוועט מיט בריוו און געגעבן אנצוהערעניש, אז דא איז איצטער גאר נישט אזוי פריילעך, אז מען מוז פארגרעסערן די פאבריק, אויב נישט וועט חלילה זיין שלעכט...

כדי ווי עס איז ארויסצורייסן די שוועגעריז פונעם סאליטאריא, האט זיך מירל אנגערופן:

— ווען קומט דיַין צירעלע פון שולע? ס'איז דאך שוין נאך צוועלף?

— סעלינא און נישט צירל, שמירל — האט די שוועגעריז ברוגזלעך פארצויגן די ליפן. מיך רופט מען אדעלינא — האט זי אויס־

געצערטלט דעם נאָמען און פאַרענדיקט מיט פרייד: אַפילו מײַן סער־כיאַ ווייסט שוין: אַדעלינאַ און סעלינאַ!...

— און מיך, אַדעלאַ, זאָלסטו רופן אויף מײַן פרומער באָבעס אַלטמאָדישן נאָמען — מירעלע!

ס'איז אַוועק אַ גערעדערײַ וועגן מאַדערנעם און אַלטן שטייגער לעבן. די שווענערינס האָבן זיך קענגזייטיק באַקעמפט. איידל איז אַפי־לו געוואָרן ברוגזלעך, אָבער מירל האָט נישט נאָכגעגעבן און אַלע מאָל איבערגעחזרט „מײַן אורי" איז גערעכט, ער לאַכט פון די איצ־טיקע מענער, וואָס ווערן אויסגעריסן כּדי צו קויפן ביים ווײַב אַ צערטל, אַ ביסל ליבשאַפט, משטײַנסגעזאָגט...

דערווײַל איז דאָס שטוב־מיידל געקומען צוריק, אַוועקגעשטעלט דעם פולן קויש און מיטן זוים פון ווײַסן פאַרטעך געהאַלטן אין אײַן ווישן די נאָסקייט פון יצעשווייסיקטן פּנים און אַלע ווײַלע אַרויסגע־בלעזלט דורך די צעפּאַכעטע נאָזלעכער און זיך באַקלאָגט:

— די גאַס, באַלעבאַסטעלע, איז גיהנומדיק, מען באַדאַרף צוגרייטן די זאַכן נאָר אין די פאַרנאַכטן. מײַן קעפּל פאַרטראָגט נישט די צו שטאַרקע היצן.

— נו גוט, האָט איידל איראָניש געשמייכלט. זי האָט זיך אויפ־געהויבן, אַרײַנגעשטעלט די פלעשער אינעם אײַזקאַסטן און נאָכדעם אָנגעהויבן אַרויסצוליגן אויפן טיש די פּאַפּירענע זעקעלעך מיט ביסקוויט, ניס, פייגן, ראָזשינקעס, באַמבאַנעס און אַנדערע נאַשע־רייען, זי האָט געזאָגט צו מירלען אין יידיש:

— זי האָט זיך גוט איינגעזונען, די שוואַרצע. אָד, וויפל מען לײַדט זיך אָן פון זיי... איין מעלה האָט די קליינע: זי האָט מיך דערווײַל נאָך נישט באַגנבעט...

דאָס מיידל האָט געהאַלטן אָנגעשטעלט אויף איר די קלייניגקע, אַלץ־ווייסנדיקע אייגעלעך און הכנה'עדיק געשמייכלט. איידל האָט פאַרגעזעצט נישט קוקנדיק אויף איר זייט:

— גיי, טשינאַ, זעץ דיך צום טיש און עסט אָפּעס.

זי האָט דערווײַל צוגעגרייט אַ „ענסאַלאַדאַ" פון אַלערליי גע־קאָכטע גרינסן, אייער און כּאָמאַן. זי האָט פאַר איר אויך געמאַכט אַ ביף מיט קאַרטאָפל, געגעבן איר אַ פלעשל קאַקאַ און שוואַרץ ברויט מיט פּוטער. דאָס מיידל האָט גענומען דאָס מעצל מיט די טע־לערלעך און אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל עסן אין מײַן צימער!...

ווען זי איז אַוועק האָט איידל זיך געווענדעט צו דער שווענערין, וואָס האָט דערווײַל איבערגעקוקט די געפּרעסטע וועש, דאָ צוגעגרייט

א קנעפל צום קאלנער פון א העמד און דא פארצירעוועט א טישטעך, צי א לײַלעך.

— נו, ווי געפעלט דיר עפעס א פאריסנקייט פון א טשינא? ... מיינסט, „מאריא קערידא" אז ס'האט בײַ זיי א ווערט וואס מען מאכט זיי פאר געזונטע מענטשן? שונאים זענען זיי דיר, און באסטא! ...

בשעת זי האט זיך אומבאהאלפן געבייזערט, האט מירל צופרידן געשמייכלט, צוגעשאקלט מיטן קאפ און א ווײַלע שפעטער, האט זי איר איבערגעשלאגן:

— אט זעסטו שוין איידל, אז מענטשן האבן א נייגונג צו דינען די געמער פון בלאטע. דו שטייסט אויס אלע קאפריזן און נידעריקייטן פון דײַן „טשינא". ווי עס זעט אויס רײַט דער חוזק אויפן חוזק... האט זי מיט די בליקן א ווארן געטאן און באלד צוגעגעבן:

— דאס וואס מען וויל נישט געבן אן אלטער מאמע, אדער א שוויגער וואס איז דאך אונדזער אייגן פלייש און בלוט — דאס גיט מען אוועק דעם שונא, מען טראגט עס אים נאך אונטער, מען ווערט זײַן קנעכט...

— וואמאס, וואמאס! אז דו וועסט זי נישט אפהיטן, וועסטו זי אינגאנצן פארלירן! ...

זי האט איצט, אן אומעטיקע, ארײַנגעשארט אין קוישעלע אירע פיטשעס מיט די קארטן, דאס ארײַנגעשטעלט אין דער וואנטשאפע און נאכדעם אנגעהויבן צוגרייטן דעם טיש. מירל האט דערווײַל צונויפגעלייגט די וועש, געטריַ און באזאכט, ווי אן אמתע באלעבאסטע. פונדעסטוועגן האט זי זיך דאך דערפילט ווי א פרעמדע, זי האט געבענקט אהיים. זי האט גאר דערזען אין איר דמיון, די אומענדלעכע, וואלדיקע גרינקייט ארום זייער טשאקרע, געזען איר אורין, וואס האט זי מיט דער סולקי אפגעפירט אין שטעטל ארײַן, צו נעמען דעם באן. די סולקי האט זיך געטראגן צווישן זיגזאגישע בערגלעך, צווישן הויכע, צעווייגטע זאנגען, באגאסענע מיט זון־ליכט, ווי גאלדענע רייפן.

— זיי נישט איבערגעאײַלט, מירעלע, האט אורי געערדט, וואַרפנדיק מיט ווערטער און מיט צוזאגן... מיך האסטו שוין באזיגט, פארפאלן איך ווארן דיך אבער אז דער ענין איז צו ערנסט, איך וויל נישט אז דו זאלסט חלילה שפעטער האבן וואס צו באדויערן... אויב דו וועסט דארטן דערזען חסרונות — איז קויף מיר אלאמברע, קויף די בעסטע און מיר וועלן דערווײַל ארומצוימען די קאראלן. אונדזערע זין זענען געבוירענע ערדארבעטער — האט ער ווײַטער געזאגט — זיי האבן נישט מורא פאר דער ווילדער נאטור־ענדערונג, אבער פאר דער גרויסער שטאט, מירעלע, האבן די קינדער יא מורא. כאטש די שטאט לאקט זיי און זאגט צו א פריילעך און ציוויליזירט לעבן.

זי האָט נישט נאָר געהערט דעם מאַנס וואָרענונג, נאָר האָט אויך געזען זיין באַזאָרגט פּנים און דאָס געבעט אין די אויגן, וועלכע האָבן געבלאַנדזשעט איבער די צעכוואַליעטע מיט זון באַגאָסענע זאַנגען פון די אַרומיקע פעלדער.

ער איז מיט אַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן און אַ מאָדנער טרויער און אומעט האָט זיך געשטעלט אויף זיין פּנים.

זי האָט געוואוסט אַז אויך איצט ליידט ער אַן אַ שיעור — ווייל אייניקע פון די יידישע קאָלאָניעס, וואָס זיי פאַרביי, געהערן שוין איצטער צו אַנגעפּרעסענע דייטשן און צו איטאַליענער. זיי זענען געקומען צום גרייטן, געקומען זיך באַזעצן אויף בליענדיקע פעלדער, ווייל די קינדער פון יידישע קאָלאָניסטן, זענען אַוועק אין די גרויסע שטעט, נאָכן טויט פון די אויסגעהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע, האָט מען פאַר שפּאָט ביליק אַלצדינג אויספאַרקויפט...

פאַרנדיק צום באַן, האָט זיין פלוצימדיקע שווייגעניש און זיין איינגראָבן די בליקן אין די צעוויגטע זאַנגען, געוועקט אין איר אַ מאָדנעם פּאַהדרוס... זי האָט אים געטאָן אַ טאָרע ביים אַקסל און געפרעגט:

— אורי, וועמען, ווייל איך וויסן זוכסטו איצטער צווישן די זאַנגען?

ער האָט אומגעדרייט צו איר דאָס פּנים, אַ צי געטאָן די ליפּעס און נאָכדעם איר געענטפערט:

— עמעצער, מירעלע, קוקט דאָכט זיך אַרויס פון צווישן די זאַנגען... איך הער אפילו דעם מאַמס באַליידיקטע שטימע עפּעס וואָרנט ער מיך, דער אייביק גלויביקער האָרעפּאַשניק... ער הייסט מיך, דער טאַטע פאַרזעצן די אַרבעט... ווייל די דאָזיקע בליענדיקע פעלדער זענען דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט און טרערן...

מירל איז געוואָרן אַלץ מער און מער אומרואיק און די אומבאַשטימקייט אין איר איז געוואָרן חוצפּהדיק. זי האָט זיך ווידער פאַרמון אין שמריקן און האָט מער נישט געוואוסט צי זאָל זי זיין צופרידן, אָדער נישט, מיטן שוואַגערס באַנעמונג.

ס'איז אַוועק אַ האַלבע שעה און נאָך אַ האַלבע, זי האָט שוין מער נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן מיט דער שוועגערין, וואָס איז ווידער שווייגנדיק געוועזן פאַרטיפט אינעם „סאָליטאַריאָ". זי האָט נאָר פון צייט צו צייט אויפגעהויבן צו איר די פלינקע בליקן און האָט מיט אַמאָל איבערגעריסן די שטילקייט:

— איך וועל דיר צוגרייטן עפּעס צו קייען, אויף סערכיאָס וואָרט קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן.

מיט אַמאָל און נאָר אומגעריכט פאַר מירלען, האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלינגען. ביידע ווייבער זענען גיך געלאָפן ענטפערן. איידל איז

נעווען די ערשטע וואס האט אויפגעהויבן דאס טרייבל און געענט־
פערט דעם מאן:

— א שיינעם פנים האסטו, סערכיא קערידא. וואס, ווילסטו וויסן צי מירעלע איז ביי אונדז? ווייס איך, ניט געקומען און באסטא!

דא האט איר מירל געטאן א ציפ פאר אן אויער און פריידיק גע־
מורמלט: נעם אים נישט ארויס די נשמה, דעם „גזלן“.

איידל האט זיך גוטמוטיק געבייזערט און אים געטרייסט:

— נו, יא?

— יא! אוודאי איז מאריא דא. וואו, סערכיא קערידא, ווילסטו זי זאל זיין?

מירל איז געווארן אויפגעלייגט. זי האט ארויסגענומען דאס טרייבל פון דער שוועגערינס האנט און האט אין דעם אריינגעשריען:

— סענדער, סענדערל, עס וועט זיין בעסער זאלסט שוין היינט נעכטיקן אין דיין פאבריק...

— גוט אזוי!... — האט איר איידל צוגעגעבן קוראזש. זאל ער וויסן, אז חוץ די געשעפטן איז נאך דא א משפחה אויך!...

עס איז אוועק א לאנגע טענה און צום סוף האט מירל אויפגעהאנ־
גען דאס טרייבל און א געטרייסטע פון שוואגערס רייד, האט זי אין א טאן פון מיטגעפיל זיך געווענדעט צו דער שוועגערין:

— סענדערל זאל לעבן, האט געבעטן מיר זאלן נישט ווארטן אויף אים מיטן אנביסן, אבער איך וועל דאס אים נישט צוליב טאן.

— ביי דיר בעט ער כאטש אנטשולדיקונג! — האט איידל א מאך געטאן מיט א האנט און פארענדיקט מיט א שמייכל:

— נו, ווילסט נאך, מאריא קערידא, אז איך זאל נישט האבן מיינע אייגענע פארברענגענישן, הא?...

דערווייל איז אריינגעלאפן איידלס טעכטערל. דערזעען דעם גאסט האט זי ארויסגעלאזט אן „אוי“, און צוגעפאלן צו איר, געטאן א קוש אין איין באק, נאכדעם אין דער צווייטער. זי האט אוועקגעלייגט דעם שול־טאש מיט ביכער און העפטן, אנגעשטעלט אויף דער צעשמייכל־
טער מאמען איר קיילעכיק פנימל מיט די טראפנדלעך שוויים און מיט די לאנגע, איידעלע הענטלעך זי אונטערגעאיילט:

— מאמי, גיב מיר עפעס צו עסן און גרייט צו אביסל געלט און ספארט־זאכן! וואמאס, וואס קוקסטו מיך אן?!..

— וואס איז דאס איילעניש, צעליניטא קערידא?!

— וואמאס, וואמאס, האט זי קינדיש א קלאפ געטאן מיטן פיסל און דערווייל אריינגעצויגן אין די נאזלעכער דעם געשמאקן ריח פון געבראטנס. זי האט אפעטיטלעך אראפגעשלונגען די סלינע און ווי־
דער אויסגעשריען:

— מאַמי, לייג אין מײַן וואַליזע אַריין אַ זעקעלע פֿון ניילאָן מיט ניס!... וועסטו שוין זיין צופֿרידן?...

זי האָט געכאַפּט אַ גאָפּל, אויפֿגעמאַכט דאָס טירל פֿון גאַז־אויוון, אויפֿגעשטאָכן אַ פֿאַרברוינטע קאַרטאָפֿל און אַ שטיק געבראָטענע פּולקע, ושטייענדיקערהייט געבלאָזן אויף דעם, געציפּט קליינע שטיקלעך און זיך געוואָרגן מיטן ביסן. די מאַמע, וואָס האָט נישט אָראָפּגענומען פֿון איר די פֿאַרליבטע בליקן, האָט זיך צעהוידעט און זיך געבייזערט:

— דו וועסט, צעלינימאַ קערידאַ, נישט קריגן ביי מיר קיין איין סענט אויב דו וועסט דיך נישט אָפּבאָדן און נאָכדעם אָפּעסן אָנבײַסן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

די טאָכטער האָט געמאַכט חנעוודיקע מינעלעד און זי איז אוועק צו זיך און געשמייכלט. די מאַמע האָט נישט געוואַרט אויף איר צושטימונג און האָט גיך ווי עמיצער וואָלט מיט אַ שטעקן זי געטריבן, אָנגעהויבן צוגרייטן עסן פֿאַר קינדס וועגן. מירל האָט זיך געוואונדערט:

עס איז דאָ אַ רײַכע שטוב, אָבער אָן אַ טעם און אָן אַ טאַלק.

דאָס מידל האָט דערפֿילט אויף זיך דער מומעס באַטריבטע בליקן און זי האָט קײַענדיק, אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן זיך אויף דער באָבען און אויפֿן פֿעטער מיט די שוועסטער־קינדער. די מאַמע האָט איר דערווײַל צוגעטראָגן אַ גלאָז מיט קאַלטער קאַקאַ־קאָלאַ און אַ פּלעצל ברויט מיט פּוטער. — עס, צעלינאַ, עס!

בשעת די טאָכטער האָט אַ צעוואַקלטע, אַ צעפּלאָמטע, זיך צוגעאיילט מיטן עסן און מיטן טרינקען, האָט די מאַמע זיך באַקלאָגט פֿאַרן גאַסט, וואָס האָט ווידער, און זייער פֿאַרטיפֿט אין זיך, געשטריקט:

— זי זעט מיר אויס ווי אַ באַקאַלאַאָ! טרוקן און דערצו אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים.

און באַלד האָט זי זיך געווענדעט צו דער טאָכטער אין אַ מאָנענדיקן טאָן:

— מיר האָבן אַ גאַסט, צעלינאַ קערידאַ, אַ טײַערער גאַסט און דו וואָלסט הײַנט געמעגט בלײַבן אין דער היים.

— איך וויל נישט! דײַנע מענטשן זײַנען טראַמפּאַסאָס!... — האָט זיך די טאָכטער געבייזערט און פֿאַרענדיקט מיט אַ וואָרענונג: אויך דו ווילסט נאָר געווינען!... די קאָרטן, מאַמיטאַ קערידאַ, נעמען ביי דיר צו דעם שכל...

— קאַזשאַטע!... רעספּעטאַ פֿאַר אַ מאַמע! עס וועלן אויך קומען מײַנע פֿרײַנט.

— די טיאַ האָט אויך נישט וואָס צו טאָן דאָ!... — האָט זי אַנגעשטעלט אויף מירלען די העלע צוויי אויגן. גראָד פּריטיק קומען זיי שפּילן אַהער, מען פּראַוועט אַן עונג־שבת!...

— נו, דיין פּאַפּאַ, ווייס איך, שפּילט נישט... צוליב אים צירעליע וואָלסטו באַדאַרפט אין די פּריטיקדיקע אויפדערנאַכטן בלייבן אין שטוב.

— פּאַפּי ווייסט נישט ווי אַזוי אַ מענטש דאַרף הנאה האָבן פונעם לעבן... איך און אויך די מאַמע פאַרשטייען אים נישט....

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ ביסל אין אַן אומצופרידענער שטימונג פאַרענדיקט דאָס עסן. דאָ האָט זיך אַפּגעזעצט אַ שטומקייט. מירלס פינגער האָבן פלינק געצויגן די שפּיזלעך און דער קנויל מיט וואָל האָט אַלע מאָל אונטערגעשפּרונגען אין איר שויס. איידל האָט זיך ווידער געפּאַרעט ביי דער קיך, צוגייפּגעלייגט אין אַ טאָפּ דאָס געבראָטענע און געמאַכט קלענער דאָס פייער.

די טאָכטער איז דערווייל אוועק אין איר צימער, צעפּראַלט די טיר פון דער וואַנט־שאַפע און האָט איילנדיק אַנגעהויבן אַרויסצונעמען בלויע און געלע רייט־הייזעלעך און לאַנגע קאַפּטעס, פּידזשאַמעס, קורצע רעקלעך פון וואָל און פון זייד. פּאַטשיילעס פון שרייענדיקע קאָלירן. גומענע ווייסע שיך און רויטע הימלען. זי האָט אַלץ געוואָרפן אויפן בעטל און אומרואיק אַנגעהויבן די זאַכן איבערצודרייען פון איין זייט אויפן צווייטן און זיי דורכגעקוקט און אומצופרידן אַפּגעזיפּצט. באַלד האָט זי אַוועקגעלייגט די הענטלעך ביי זיך אויף דער שמאָלער, קינדערשער ברוסט, און איז צוגעלאָפן צו דער טיר און געשריגן נישט מיט איר קול: — וויעכאַ, וויעכאַ!

איידל איז אַריינגעלאָפן און אַנגעשטעלט אויף איר די ברוגזע בליקן, פולע מיט שרעק.

— מאַמי, וואָס קוקסטו אַזוי?... טו נאָר אַ קוק אויף מיינע אַלטע שמאַטעס! זי האָט געמאַכט אַ נעבעכדיק פּנים און אַפּגעגאָסן מיט אַ שפּיציקן בליק די צעטומלטע מאַמע.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, צעליגנאַ קערידאַ?

זי האָט איבערגעטראָגן די בליקן צום גאַסט וואָס איז שוין געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און מיט קנאה באַקוקט די טייערע מל־בושים.

— נו. זאָג דו, מאַריאַ קערידאַ, צי קען מען נאָך נוצן די דאָזיקע זאַכעלעך, האַ, האַ?!...

מירל האָט געשוויגן און אַפּגעזיפצט. די שוועגערין האָט זיך ווי־דער אָנגערופן:

— וואָס זאָגסטו צו דער נייער כוואַליע?... אָט האָט זי שוין

נישט וואָס אַנצוטאָן ביי מיר?... אַלע געקויפט ביי גאָט אי טשאָוועס... ווי זי וואָלט געווען אַ טאָכטער פון די אַנטשאַרענאָס. טו אַ קוק! די טירן פון פלאַקאַרד גייען שוין נישט צו...

די טאָכטער האָט אַ ברוגזע אָפּגעשלעפּט פון אונטערן בעט אַ טייערע וואַליזקע פון גרינער לעדער, זי אויפגעמאַכט און אָנגעהויבן אַריינצוואַרפן אַלץ וואָס זי האָט ערשט אַרויסגענומען פונעם פּלאַ־קאַרד. פאַרקלאַפּט און פאַרשלאָסן די אָנגעשטאָפּטע וואַליזקע, און אָנ־געהויבן צו קלאַפּן מיט צוויי פינגער אין דער לופטן:

— וואַמאָס, וואַמאָס, גיב אַהער אַביסל מאַני!...

די מאַמע האָט זיך אַ רגע געישובט, באַלד אַוועק און צוריקגע־קומען מיטן אָפענעם האַנטבייטל. געשלעפּט פון אים צעקנייטשטע פּאָפּיציקערס און הונדערטערס און זיי געוואָרפן אין דער טאָכטערס אָפענעם טעשל פון זייד.

— זיי נישט קיין אַמאַרעטאַ!... — האָט די טאָכטער אַלע מאָל אַ זאָג געטאָן. עס איז אַוועק אַ דינגעניש, אַ צוליינן און אַ קרעכצן מצד דער מוטער, אַז די ציינער זענען נישט גאָר קיין געהויבענע... ענד־לעך איז מען ווי עס איז דורכגעקומען צווישן זיך. די טאָכטער האָט געכאַפּט די שווערע וואַליזקע, געטאָן אַ קוש דער מאַמעס באַק און אויך אין דער מומעס. נאָכדעם איז זי ווי אַן אָפּגעבריטע אַרויסגעלאָפן פון שלאָפצימער און פון דאָרטן צו דער גאַס, וואו עס האָט שוין גע־וואַרט אויף איר אַן אויטאָמאָביל מיט אירע חברטעס. די מאַמע איז איר נאָכגעלאָפן, געבליבן שטיין אויף די טרעפּ און ביי איר געבעטן:

— צעליניטאַ קערידאַ, האָב רחמנות אויף מיר!... רייט נישט צופיל... שווים נישט צו ווייט... שפּיל נים קיין סד, ווייל איז מיר, צי־רעלע מיינס! זאָלסט דיך נישט לייגן צו שפּעט, וועסט חלילה ווידער פאַרלירן פון רעד וואָג, וועט מיך דיין פּאַפּי אויפעסן אַ לעבעדיקע...

מירל, וואָס איז געשטאַנען הינטער איר און געשטריקט, האָט עפּעס נישט באַנומען דאָס פירעכץ אין שוואַגער סענדערלס שטוב. עס האָט זי אויך אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון רחמנות צו אירע טעכטערלעך און אַזאַ בענקשאַפט, ווי זי וואָלט זיי נישט געזען ווער ווייסט שוין וויפל צייט... אירע קינדערלעך זאָלן געזונט זיין, האָבן גאָרנישט אַזאַ גרויסע השגה. ווי האָבן זיי דען געזען אַזאַ ראַסקאַש, אַזעלכע מלבושים, האַ? טויבן און האַרצפּריינט זענען אירע קינדער און נישט קיין שוח־מים... אָפּגעהיטן זאָל זי, מירל, ווערן פון אַזאַ שוחט אַז אַ חלף...

ביים גיין צוריק אין קיך אַריין איז מירל פאַר איין וועגס גע־וואויר געוואָרן, אַז די פלימעניצע פאָרט אַלע פרייטיק מיט איר חברטע, וועמענס פאָטער האָט אַ דעפּאַרטאַמענט אין מאַר דעל פּלאַטאַ. זי בלייבט דאָרטן ביז מאָנטיק פאַרטאָג. אַהיים קומט זי אַ מידע, אַז אויס־

געשעפטע. אבער א קעפל צום לערנען האט דאס קינד אן אויסערגעוויינלעכס און לייטן פארגינען איר גאר נישט אזא גרויסן נחת...

ביי די ווערטער האט מירל גאר אפגעזיפצט: די שווענערן ווייסט גאר נישט וואס פארא נחת זי, מירל, און אורי האבן פון זייערע פינף טויבן. ווען עס קומט א גאסט פון שטאט, ווייסט מען נישט וואס צו טאן מיט אים: מען טיילט אים צו אן א שיער ווארעמקייט און הארציקייט. די קינדער פירן דעם גאסט אין סולקי אויסצוקוקן דאס פעלד און דעם גרויסן גארטן. מען פירט אים צו שכנישע קאלאניסטן און אין שמעטל אריין. אומעטום ווערט דער גאסט אויפגענומען ווי אן אייגענער, חשובער מענטש, מען פראוועט „אסאראס" און קערמעשלעך. אפילו די פעלד־ארבעטער, די „פעאנעס", און זייערע פאמיליעס, ווייסן אז עס איז געקומען א גאסט צום פאטראנסיטא. זיי מאכן א באל און פארבעטן אלע קינדער און דעם גאסט.

די זעכצן יעריקע אסתרל, די מעזינקע, וואס איז אין איין עלטער מיט דער צירעלע — זי קען מאכן די איידלסטע האנט־ארבעט און אז דער גאסט פארט צוריק אהיים גיט מען אים מיט א גאנצן אויסשטייער... שרהלע, די אכצן יאריקע כלה־מויד, האט ליב צו לערנען די נעסט רייטן און שווימען. עס גייט איר ממש אין לעבן, אז מען זאל אוועקגעפארן באריכערטע פון טאטע־מאמעס שטוב. אירע הריי זין, בנימין, דער עלצטער, בערל דער מיטלסטער און הערשל, דער צווילינג פון שרהלען —די דריי זין שטייען ווי אויף דער וואך, מען היט די טשאקרע און דאס לעבן פון טאטע מאמע מיטן גאנצן הויזגעזינד.

דער שוואגער סענדערל, האט אויך גארנישט געטאן אויף אפצוהאלטן זיין פופצניאריקן אינגל, דעם געראטענעם יאסעלע, צו אנטלויפן אין דער הכשרה. נו, מילא, יאסעלע וועבט זיך שוין, גאט צו דאנקען, זיין אייגענעם חלום. ער וועט שוין נישט ליגן אונטערן גראבן שטיוול פון די אייפערזיכטיקע „טאקוארא"־לייט. אבער די צירעלע איז א צעלאזן, פוסט און נאריש מיידל. קיין איין טראפעלע נישט געראטן אין איר טאטן.

די שווענערן בשעת זי האט געטראכט, האט ארומגעוויקלט דאס הענטל ארום איר טאליע און זי געפירט אויסקוקן די צימערן פון דער נייער שטוב.

איידל האט צעפראלט די טירן פון א וואנטשאפע אין שלאפצימער און האט מיט די לאנגע, רויט־באגאגלטע פינגער, א פיר געטאן איבער די מלבושים, נאכדעם האט זי זיך געווענדעט צו דער שווענערן:

— אז דו מיט דיינע קינדער וועלן שוין זיין אין שטאט וועט איר קענען נעמען פון מיינע שאפעס גענוג שיינע מלבושים, וועלכע איך באוויין גארניט אויסצונוצן.

מײַן אורי האָט פֿײַנט די שײנקייטן וואָס זײַנען ניט געשאַפֿן פֿון זײַנע פֿאַרדינסטן, ער האָט אויך פֿײַנט די גרויסע שטאָט — האָט מירל פֿאַרענדיקט מיט אַ זיפֿץ און אַפֿילו מיט אַ געוויסן שטאָלץ.

— אָבער אַ מאַן קען דאָך ניט לעבן נאָר פֿאַר זיך...

— מיר, אײדעלע, האָבן ליב דעם קאַמף. קײן גרויסע דאגות פּרנסה האָבן מיר אויך ניט, אָבער קינדער מוזן דאָך אַמאָל קומען צו אַ צוועק.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. געקוקט אויף די קליידער פֿון אײדעלעס גאַרדעראָב: סאַמעט, שיפֿאָן און טײַערע שטאָפֿן פֿון בײַנוול און זײַד. אין צימער איז געווען האַלב־טונקל, דורך די שפּאַרעס פֿון אַראָפּגעלאָזטן רולעט, האָט זיך ווי דורכגעזיפּט אַ צעקרישלטע, רויטלעכע שײַן. דאָס ליכט האָט זיך געמיניעט אויף די בלײַכע אײן איל געפֿאַרבטע ווענט און אויף דעם ברייטן בעט פֿון טײַערסטן האָלץ מיט שניצערײַען. דערצו האָט דאָ געשמעקט אַן אײדעלע פּערפֿיום. ס'האָט פֿון יעדן ווינקל געשלאָגן מיט ווײַבלעכקייט, מיט אַזאַ קעציִשער, לאַשטשענדיקער באַהערשונג, וואָס האָט מירלען צעטומלט, געוועקט אין איר אַ געפֿיל פֿון מינדערווערט.

די שוועגערן האָט געמײנט אַז דער גאַסט איז זי מקנא צוליב דער שאַפֿע מיט קליידער און זי האָט זיך האָפֿערדיק צעהוידעט אַנטקעגן איר, צעפֿירט מיט די באַרעמלטע הענטלעך און איבערגעריסן די שטילקייט.

— די שטאָט האָט שוין גענוג געוועזענע קאָלאָניסטן מיט זייערע קינדער. זיי טויגן זיך אויס. קעגן זיי, „מאַריאַ קערידאַ" בין איך ניט מער ווי אַ „פּאָברע מוכער"...

מירל האָט אַרויסגעלאָזט האַרטע בלעזלעך דורך די אומרואיקע נאָזלעכער, זי האָט איז געדאַנק געזען אירע קינדער אין די דאָרפֿישע געבלימטע ברייטע קליידער, געזען ווי די קינדער באַגיסן די בלומען אַרום דער דאָרפֿישער שטוב און זיי זינגען דערבײַ אַזוי זאָרגלאָז און פֿאַרליבט אינעם לעבן, אַט ווי די וועלט וואָלט גאָר געווען אַ גן עדן און ניט ווי אַן אומבאַהאָלפֿענער גולם, פֿון וועלכן די פּאָליטיקאַנטן לאַכן זיך אויס...

— יאָ, די גרויסע שטאָט איז שיין און דערצו פֿול מיט אַנדערשקייט, מיט טויזנטער חנען און צוזאָגעכצן, אָבער עס איז פֿאָרט ניט פֿון די גרינגע זאַכן זיך אויפֿצוהייבן און איבערצולאָזן די ערד, אויף וועלכער דו און דײַן הויזגעזינד זענען געבוירן געוואָרן, דאָרטן אויסגעוואַקסן און זיי געניסן פֿון איר גאָב ביזן הײַנטיקן טאָג.

מירל האָט קוקנדיק אויף דער צעשמײַעטער שוועגערן, געהאַלטן אין איין טראַכטן און באַקלערן זיך, ווײַל דער עיקר האָט זי מורא

געהאט פאר דער שוויגערס רואיקער עלטער וואס ווערט באדראעט און פאר דעם שווערס צוואה אז דער קאמף, דאס גאנצע אויפגעהאַרעוועטע פארמעגן וואס ער האט איבערגעלאזט, וועט געהערן צו דעם זון וואס וועט דארט בלייבן אן ערד־ארבעטער.

אורי האט נאך פיר ברידער. צוויי זענען דאקטוירים אין א ווײַטער פראווינץ־שטאט, איינער פון די ברידער וווינט נישט ווײַט פון דער גרויסער שטאט. סענדערל, וואס איז אורים צווילינג־ברודער, איז גאר געווארן א פאבריקאנט. עס זענען אויך דא דרײַ שוועסטער, אבער זיי זענען גאר יונג אוועק לערנען אין קארדאבא, דארט חתונה געהאט און עס גייט זיי שוין גאר נישט אן דער קאמף.

זי, מירל, איז אויסגעוואקסן לעבן אורים מאמע. די פרומע נעבע האט מירלען, וואס איז יונג געבליבן א יתומה, געוואשן, געבאדן, געפלאכטן די צעפלעך און פון קליינערהייט אן האט שוין מירל געפילט אז זי איז א קינד צווישן קינדער. זי האט ליב געהאט די אלטע און האט אויך ליב געהאט דעם שווער. זי האט אויך געוואוסט אז די שוויגער האט צו איר צוטרוי, די שוויגער וויל נישט איבערלאזן דעם קאמף, זי איז אין אים אריינגעוואקסן ווי אן אלטער דעמב.

איידער זי איז נעכטן ארויסגעפארן פון קאלאניע, האט די אלטע אויפגעהויבן צו איר דעם ווײַסן באטיכלטן קאפ און זי אפגעגאסן מיט א ים פון ליבשאפט און זוניקע שמייכלעך.

— פאר, מירעלע, געזונטערהייט און גריס מיר דארטן די קינדער. זאלסט דיך נישט פארזאמען צו לאנג, מירעלע. פארגעס נישט צו קויפן אביסל אלאמברע, קויף פון דער בעסטער, דו הערסט?

— שוויגער, איר קענט נאך מיטפארן מיט מיר!! — האט מירל געבעטן און האט מורא געהאט צו זאגן וועגן וואס זי פארט איצט אין שטאט אריין. די אלטע האט ווארעם און מיט געטרײַשאפט געשמייכלט, אראפגערוקט די פאטשיילע גאר נידעריק איבערן שטערן, כדי די ברענענדיקע זון זאל איר נישט שלאגן איבער די אויגן און זיך ווידער אנגערופן:

— פאר מיר, מײַן קינד, איז שוין שפעט צו גאסטעווען... די שוויגער איז שוין ווי אן אלטער פויגל, די פליגל הייבן זיך מער נישט אויף און עס פליט זיך נישט מײַן קינד... אן אלטן פויגל טאר מען נישט, מירעלע, ארויסנעמען פון זיין נעסט... ער וועט אומקומען פון קעלט, פון עלנט און פון בענקשאפט... אורי איז דעם גאנצן וועג אין שטעטל אריין געווען טרויעריק, זיין מאמעס טענות האבן טיף אנגערירט זיין הארץ; ער האט א סך געשוויגן, אבער מירל האט גראד מורא פאר זיין שווײַגן...

זי, איידעלע, וועלכע האָט זייטיק באַטראַכט דעם גאַסט האָט אַרויפגעלייגט די הענטלעך אויף דער שוועגערינס אַקסלען און האָט זי אַריינגענומען אין די פֿלינקע צוויי אויגן:

— די שוויגער איז שוין ביי די אַכציקער, האַ?

— נו, זי לעבט דען אויף עמיצנס וועלט?...

יאָ, אָבער זי מאַנדעוועט דאָרטן מיט אייך אַלעמען!

— זי האָט געהאָרעוועט ווי אַן אייזל, די אַלטע, און זי וויל אויך אַז דו און איך זאָלן ווערן אייזלען.

מירל האָט שווייַגנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ביי איר און ביים גאַנצן הויזגעזינד איז די שוויגער אַ גלייַכער משפּחה־מענטש. נישטאָ קיין אונטערשיד פֿון איינעם צום אַנדערן. די ליבשאַפֿט צו איר און די שעצונג איז אַ נאַטירלעכע זאַך, אַזוי נאַטירלעך און הייליק ווי עס איז ביי איר, מירלען, געווען דאָס אויסוואַרעמען אין איר מוטער־טראַכט אַלע אירע קינדער און נאָכדעם זיי נאַטירלעך ברענגען אויף דער וועלט. זיי גיבן צו זויגן און אַרייַנבלאָזן אין זיי די גאַנצע לעבנס־פֿרייד און שיינקייט, די קינדער זענען געוואַקסן ווי שיינע רויזן, נישט געוואוסט פֿון שלאַפֿקייטן און נישט פֿון קאַפּריזן ווי די דאָזיקע צעלינאַ...

אירע, מירלס קינדער, זענען ווי שטיקער פֿון טאַטע־מאַמעס און פֿון זיידעס מיט באָבעס. די שוויגער, זאָל געזונט זייַן, זי האָט זיי געבאָדן, געשמירט מיט פּוטער און געוויקלט שטייף, ווי מען פֿלעגט וויקלען די קינדער, דאָרטן אין איר בעסאַראַבישן שטעטל. זי האָט זיי געוויגט אינעם שטרויענעם קויש, זיי געהאַלטן אין איר שויס. און ווען זיי זענען געוואָרן עלטער, פֿלעגט זי זיי זינגען לידעלעך און דערציילן פֿאַנטאַסטישע מעשהלעך. איצט שפּילן זיך די קינדער אין דער אַלטער באָבע. זיי קויפֿן איר מתנות און פּראַוועון יעדעס יאָר איר נייַעם געבורטסטאָג.

זייער געראָטנקייט האָבן די קינדער אוודאי צו פֿאַרדאַנקען דער האָרעפּאַשנער געראָטענער באָבע. זי האָט איינגעפֿלאַנצט אין זיי, ליבשאַפֿט צום פֿעלד־לעבן און צו דער ערד־אַרבעט. אָבער חוץ דער פֿעלד־אַרבעט וואָס די קינדער האָבן ליב, קענען זיי נייען און שמירן, אויסקאַלכן די שטיבער, קולטיווירן די בלומען און אַלץ ווערט געטאָן פֿון אייגענעם גוטן ווילן, ווען אַ קינד וויל אַוועקרייַטן צו אַ חבֿרטע פֿון אַ ווייַטער קאָלאָניע וועט עס פֿריער בעטן דערלויבעניש ביים טאַטן, ביי דער מאַמען, אָדער טאָקע ביי דער באָבען.

אירע, מירלס קינדער, זענען נישט איבערגעפּרעסן מיט ווילטיס. זיי וועלן בלייַבן צוגעבונדן צום אייגענעם שטאַם. אַזוי איז אויך גע־

בליבן אורי. ער האט עס טאקע איינגעפירט, אז אויך זי, מירל, זאל קוקן אויף די אלטע לײַט ווי אויף אויסגעפּרואווטע קלוגע מענטשן וואס האבן זיך ערלעך פארדינט א ביסל אפּשיי ביי די קינדער און איי־ניקלעך, פארדינט א רואיקע עלטער.

אזוי א, פּאַרטיפּטע אין איהרע טראכטעניש, איז מירל ארויס־געגאנגען אויפן באלקאן... די זון האט ווי צעשמעלצטער קופּער באַ־פארבט די קרוינען פון די ביימלעך. די היץ האט ארויסגעשלאגן פון שווארצן אספאלט און פון די טראטוארן. אלץ האט אויסגעזען ווי דער־שלאגן און אפגעחלשט. דאס שטוב־מיידל, אינעם ווייסן פארטוך, האט פון א לאנגער קישקע געהאלטן אין איין שפּריצן וואסער אויף דער דרויסנדיקער וואנט פון שווארצן גראניט. דאס מיידל איז א באַרוועסע אומגעשפּרונגען פון ארט צו ארט און האט אלע ווײַלע ארויסגעשריען צום גאסט, וואס האט אלץ געווארט אויף דעם שוואגערס אנקומען.

— גיי אריין, „פּאטראנסיטא” דו וועסט צעשמאלצן ווערן פון דער שטארקער היץ!

מירל האט איר נישט געענטפערט, זי האט מיט א טיכל געפּאַכעט אנטקעגן פארשוויצטן פּנים און אויך געהאלטן אין איין ווישן דעם שוויים. פון צײַט צו צײַט האט זיך אײַלנדיק פארבײַגעטראגן א לוקסוס־אויטאמאביל, געלאזט אונטער זיך א רויכיקן זײַל און שארפע ריחות פון נאפט. מירל האט זיך געוואונדערט פאר וואס דער שוואגער איז נישט געקומען. זי האט געטאן א קוק אויף איר האנט־זייגערל, ס'איז שוין געווען האלב צוויי.

זי איז אריין אין זאלעכל, גענומען איר שטריקערײַ און איז צוריק ארויס אויפן באלקאן. עס זענען אוועק פינף מינוט און נאך פינף. דאס שטוב־מיידל האט צונויפגעדרייט די גומענע קישקע און זי ארויפגע־טראגן אויף דער טעראסע. איידל האט ארויסגעשריען פון שלאפצימער:

— מאריא קערידא, קום און עס אפּ און מאך בעסער א סיעסטע־לע! סערכיא האט שוין מסתמא געגעסן ערגעץ אין גאס.

מירל האט געשוויגן און איז געווען זיכער אז דער שוואגער וועט יא קומען. איר חוש האט זי נישט פארפירט. אין א פּאר מינוט ארום איז צום טראטואר צוגעפארן אז האלב־נײַער הימל־בלויער אויי־טאמאביל און סענדער איז פון אים גיך אויסגעשטיגן. זי האט א ווארף געטאן אויפן בענקל דאס שטריקעכץ, און איז פלינק און פריידיק גע־לאפן אים באגעגענען. זי האט אים שוין געטראפן אין וועסטיבול און איז צוגעפאלן צו אים און זיך צעוויינט. באלד אריינגערעדט אין זיין צעשוויסיקט געקארבט פּנים מיט די טונקעלע ווייכע אויגן:

— סענדערל, סענדערל!

ער האָט זי אַרומגענומען, זי געקושט און נאָכדעם האָט ער היי־מיש געלייגט זיין האַנט אַרום אירע אַקסלען און האָט זי געפירט אין קיך, רעדנדיק באַהאַרצט:

— זיי נישט באַצערט, מירעלע, ווען נישט דו, קום איך היינט אינגאַנצן נישט אַהיים עסן.

— פאַר וואָס, סענדערל, ביסטו נישט געקומען מיך אָפּוואַרטן ?... האָסט מיך פאַרשעמט...

ער האָט אָפּגעזיפצט און האָט די שווערע צוגעצויגן צו זיך. איידל האָט זיי אָפּגעוואַרט ביים געגרייטן טיש און זיך געבייזערט:

— אַ וואונדער, וואָס ביסט דאָך געקומען. מסתמא נישט צוליב מיר!...

מירל האָט געמריי אַראָפּגענומען פון אים דאָס פּיַכטע רעקל, עס אויפגעהאַנגען אויפן פאַרענטש פון אַ בענקל, און האָט אים אויך דער־לאַנגט אַ גלאָז מיט קאַלטער סאָדע־וואַסער. ער האָט געדאַנקט, עס אויסגעטרונקען, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דאָס גלאָז און איילנדיק אַוועק אין באָד־צימער. ביידע שוועגערינס האָבן דערווייל צעשניטן דאָס געבראָטנס וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פון אייזקאַסטן און אויך צוגעגרייט שיסעלעך מיט איַיז.

מירל איז דערביי געוואָרן מאָדנע אויפגערוימט און פול מיט זאָרג: דער שוואַגער סענדערל, איז געוואָרן פאַרענערט. ווי עס זעט אויס, טראַגט ער מאַקע, איינער אַליין, סיי דעם עול פון פּרנסה, סיי די זאָרג, צוליב זיין וועלן בלייבן אַ מענטש ווי עס פירט זיך ביי ליַיט!

איידל האָט זיַיטיק געקוקט אויפן גאַסט. ס'איז איר נישט געווען צום האַרצן איר פּלוצימדיקע באַזאָרגטקייט. דערצו האָט זיך אויך גע־וועקט אין איר די אייפערזוכט צו דער דאָזיקער שוועגערין. נישט איינ־מאָל האָט זי זיך שוין צעקריגט מיטן מאַן, וויַיל ער האָט נישט אויפ־געהערט צו לויבן מירעלען.

איידל האָט זי פּאַדזיטשיק אַריינגענומען אין די בליקן, זי פּלינק באַטראַכט און נאָכדעם צווידיַיטיק אַ זאָג געטאָן:

— דיין אורי איז נישט אַזוי פאַרקאָכט אין די מסחרים.. דערפאַר זעט ער מאַקע אויס ווי אַ יינגעלע...

כ'איז ייִדער אַוועק אַ געדערדריי און אַ ליַיכטע אָמפּערניש.

דערוויַיל איז סענדער צוריקגעקומען. איצט נאָך דעם נעמען אַ קאַלטע באָד, האָט ער אויסגעזען מונטערער און אָפּגעפרישט. אָבער די זאָרג אין די בליקן און אויפן געקאַרבטן שטערן איז ווידער געווען אָנזעעוודיק. ער האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ לעבן דער שוועגערין, אַנגע־גאָסן וויַין אין דריי פּיינע באָקאַלן און געטרונקען צו איר לחיים און

אויך צום ווייב. נאכדעם האט ער אנגעהויבן צו עסן, גיך געשניטן גרע־סערע שטיקער פונעם געבראטנס און דערוויל געמאן א קוק אויפן האנט־זייגער און באלד צום גאסט, וואס האט נישט אראפגענומען פון אים די טיפע בליקן.

נאכער האט ער אפגערוקט אין א זייט דעם האלב־ליידיקן טעלער, אפגעאטעמט פרייער און זיך געווענדעט צום גאסט:

— דערציילט מיר, מירעלע, עפעס נייעס וועגן אונדזער עולם?!

— ביי אונדז, סענדערל, איז דאס לעבן ווי א שטייענדיקער טייך. אלץ ווי געווען!... — האט זי באדויערט. ער האט פארמאכט די אויגן־דעקלעך, כדי צו כאפן א ליכטן דרימל, אבער זי האט אים ווי ארויפגעפירט אויף זיין אמאליקן, כמעט פארגעסענעם וועג: יא דארטן איז פונדעסטוועגן איינגעווארצלט געווארן א שטיק פון זיין נשמה — טעג און נעכט געווען דארטן פארנומען אין לערנען מארקס טעאריע... אורי האט מער ליב געהאט דעם רמב״ם, שפינאזא און אנרי בערגסאן. די מאטע־מאמע האבן נישט געוואלט ליידן ווען די זין האבן זיך גע־אמפערט און יעדער איינער פון זיי האט אויף זיין אופן — געוואלט באווירקן דעם אנדערן ברודער.

בשעת ער האט געטראכט, האט דער גאסט אומניחאדיק געקייעט און די שווענערין איז געווען מאדנע אומרואיק, ווי זי וואלט זיך געשראקן פארן מאנס שווייגעניש און פארדרימלען־זיך.

— סערכיא, סערכיסימא! — האט זי אויסגערופן ווי נישט מיט איר קול.

ער האט אויפגעמאכט די אויגן־דעקלעך און שמייכלענדיק גע־פרעגט דער שווענערין:

— זאג מיר, ווי אזוי זעט אויס די מאמע?

— זי מיינט, סענדערל, אז מיר אלע זענען נאך אלץ קליינע קינ־דער און זי מוז כסדר זארגן פאר אונדזערע לעבנס.

גזלנים — טענהט זי, — לייענט נישט אזוי פיל, לעשט אויס די לאמפן, עס וועט אייך חלילה שאטן צו די אויגן! אוי סענדערל, שרייט זי, ווען אורי מיט די קינדער פארזיצן זיך אמאל ביז שפעט ביינאכט. גייט שלאפן, מארגן וועט זיין א טאג פון שווערער הארע־וואניע.

בשעת זי האט גערעדט איז אין זיינע בליקן אויפגעגאנגען א יונגע פרייד און א זיסע בענקשאפט. אים האט זיך געדאכט אז די היימישע שטוב, די ווארעמקייט פון דער מאמע, פון גאנצן ארום — וואלטן אים איצט געקענט געבן נייע כוחות צו גיין ווייטער.

ער האָט ווידער אָנגעפּולט די לײדיקע באַקאַלן און נאָכן אויס־
טרינקען האָט ער זיך געווענדעט צו דער שוועגערין:

— קוקסט, מירעלע, אויף מײנע ווײס־געוואָרענע שלײפן, האַ?...

— ווײ איז מיר!... וואָס דיר, סענדערל, קען גאָר אײנפאַלן!...
מיר אַלע ווערן עלטער און נישט יונגער!... — האָט זי געזוכט
אים צו טרײסטן.

— עס איז שוין אַ יאָר זעקס, אַז דו ביסט נישט געקומען אַהער,
זעקס אָדער זיבן, אויב איך האָב נישט קײן טעות — האָט ער נישט
געוואַרט אויף איר ענטפער.

— רײד בעסער וועגן דײן „וויעבעסיטאַ"!... האָט אײדל אים
געמוסרט. מאַריאַ קען נאָך מײנען אַז איך האָב דיך אָפּגעריסן פון
דײן קאַלאָניע... פון דער מאַמען...

— זעסטו, אײדעלע איז טאַקע קלוגער פון מיר!... — האָט
ער פאַרשעמט געקוקט צו דער שוועגערין — האָסט מירעלע, גע־
דאַרפט מיטנעמען אַהער די מאַמע.

— טאַקע אַזוי!... בײ אונדז איז פאַראַן אַ לײדיק צימערל.
זי וואָלט דאָ אויפגעלעבט, פּאַבּרעסיטאַ! — האָט אײדל געמאַכט
אַ פרומע מינע, צוגעבנדיק מיט אַ זיפץ: ביז וואַן וועט זי דאַרפן
האָרעווען איבער אירע כוחות, האַ?

— די מאַמע האָט ליב דאָס דאָרפישע לעבן, זי זעט אויס
ווי אין די זיבעציקער און נישט מער. זי האָט נאָר מורא, סענדערל,
אַז דיר איז איצט נישט ווי אַמבעסטן...

— וואָס פאַר אַ ייִד, מירעלע, און דערצו נאָך אַ סוחר, אַ פאַ־
בריקאַנט, וואָס וויל נישט ווערן קײן אַנזעצער, קען איצט לעבן רואיק,
האַ?... — האָט ער האַלב ערנסט און האַלב שפּאַסיק איר איבער־
געשלאָגן.

מירל האָט געשוויגן. זײנע רײד האָבן איר ווידער דערמאָנט אַז
איר קומען אַהער איז פאַרבונדן מיט אַ טיפן ערנסט. אַז איר אומפאַר־
זיכטיקײט קען חלילה אַרויסרײסן מיטן וואָרצל דאָס גאַנצע אײנגע־
פונדעוועטע הויזגעזינד.

דער שוואָגער האָט גענומען די פּרעסע, געכאַפּט אַ קוק אויף
דער ערשטער זײט און מירל האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף איר
אויפגעהויבענער האַנט און האָט אים באַקוקט. אײדל האָט דערווײל
צוגעגרײט די קאַווע און אַלע ווײַלע געמאַכט אַ זײטיקן בליק צום גאַסט.

אין קיך האָט זיך אָפּגעזעצט אַ שטילקײט, נאָר דאָס ווינטיקע
דרײען זיך פונעם ווענטילאַטאָר און דאָס ווײען פון הײסן ווינט אי־
בער די אָפּגעהלשטע וואַזאַנעס אויף די קאַרניזן פון שבנישע, אָפּער־

נע פענצטער — האט ווידער דערמאנט דעם גאסט, אז די דאזקע שטילקייט איז פארבונדן מיט איר היינטיקן וויזיט... זי איז א גאסט אויף א ווייל און מוז קוקן ווי אויף — א מיל...

מיט אמאל האט זי זיך דערמאנט אין דער מתנה וואס די אלטע האט אהער געשיקט. זי האט זיך אויפגעהויבן געגאנגען אין באד־צימער צו אירע פולע צוויי קוישן און געקומען צוריק מיט צוויי ערדענע סלויעס מיט האניק. זי האט זיי אוועקגעשטעלט אויפן טיש און זיך אנגערופן:

— אט די צוויי סלאיעס, סענדערל, האט די מאמע געשיקט ספעציעל פאר דיינעטוועגן.

ער האט ברייט געשמייכלט און אנגעשטעלט א צופרידענעם בליק צום ווייב וואס האט רואיק געזופט די הייסע קאווע.

מירל האט ארויסגעצויגן פון קעשענע א פארמאכטן קאנווערט און אים דערלאנגט דעם שוואגער:

— דאס איז אויך פון דיין מאמע!

— וואס רעדסטו? — א דאנק, מירעלע, אבער די סלויעס זענען צו שווערע און דו האסט איז אזא ברענענדיקער היץ זיך גע־מוזט אומשלעפן מיט זיי!...

— ביי מיר, סענדערל, האט דאס גראד די ווערט א מאיאנטעק...

— האט זי אים געוואלט בארואיקן. די מאמע אליין האט איינגע־פאקעוועט די סלויעס... און טויזנט מאל מיך געבעטן איך זאל זען אכטונג געבן אז זיי זאלן זיך אין וועג חלילה נישט איבערקערן...

— דערציייל, מאריא קערידא, דאס וואס דו האסט פריער מיר דערציילט!... — האט איידל אויך געזוכט גליקלעך צו מאכן דעם מאן. מירל האט זיך נישט געלאזט בעטן און מיט אלע נאכגעמאכטע חנען פון אן אלטער, פרומער יידענע, אנגעהויבן איבערצוגעבן דער שוויגערס רייד.

— מירעלע, ווי גאט איז דיר ליב, פארגעס נישט צו זאגן מיין סענדערלען, ער זאל זיך צוהיטן אביסעלע. זאג אים, ער זאל נישט איינרייסן קיין וועלטן. ער טאר זיך נישט לייגן צו שפעט... און ער מעג לייענען אביסעלע ווינציקער, ער קען ושוין זיינע ביכלעך אלע אויף אויסנווייניק. זאג אים אז אלע אינדערפרי זאל ער זיך מאכן א גאגל־מאגל און נאך ארייגלייגן א לעפל פון דעם היימישן האניק, וועט עס אים, מיטן אויבערשטנס הילף, זיין צום געזונט און צו לאנגע יארן. עס וועט אים אויסריייניקן די לונגען. ער מוז זיך דאך אביסעלע פארגיסן, מיין סענדערל. זיך ווי עס איז פאזשיווען. ער איז מיר אלס קינד אראפגעפאלן פון א פערד און געכאפט א שלעכטן קלאפ. נישט היינט געדאכט.

מירל, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן געשפּילט טעאַטער אין דער קאָלאָניע, איז איצט אַרײַן אין איר אַמאָליקער ראָל, אַלץ אין איר איז געוואָרן ווי אַרומגעכאַפּט פון אַ געבעט און טרערן האָבן זיך געוויזן אין אירע אויגן. סענדערן איז געוואָרן וואַרעם אין די אברים. אים איז געווען ליב צו הערן אַזוי פיל מאָל אָנרופן זײַן אַלטן היימישן נאָמען, וועלכן די מאַמע און איצט די שוועגערין — צערטלען נאָך אַלץ ווי אַ טייערן געשאַנק פון גאָט אַליין. ער האָט פּלוצים און שווײַן זייער אומרואיק, ווידער געטאָן אַ קוק אויפן האַנט־זייגער און זיך ראַפּטום אויפגעהויבן. מירל האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, און זיך ווידער אָנגערופן:

— איין מינוטקעלע מעגסט הערן!...

„זאָג מײַן סענדערלען, אַז עס גייט מיר אוים דאָס חיות פון בענקשאַפט נאָך אים. זאָג אַז די בידנע מאַמע וויל ער זאָל אַ ביסל אַראָפּוואַרפן דעם שווערן יאָך פון זיך און ער זאָל קומען אַהער, דאָ וועט ער מיטן אויבערשטנס הילף אַרײַנבלאָזן אין זיך נײַעם חיות אין די ביינער. זאָג ער זאָל זיך דאָרטן אויסהיטן אויפצוהויבן צו שווערע קלומיקעס, אַזוי האָט עס אים דאָ נישט איינמאָל געוואָרנט דער איידעלער האָקטער ירחי, אַז אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן און זאָל זיין אַ גוטער בעטער פאַר אונדז".

זאָג דאָרטן מײַן סענדערלען, ער זאָל וויִנציקער נאָכגעבן זײַנע טײַערע קינדערלעך, געזונט און שטאַרק זאָלן זיי זײַן. אַביסעלע האַרט־קייט זײַנע וועט מיטן אויבערשטנס הילף זיי זיין צום געזונט. צופיל נאָכגעבעניש און צימערנישן — מאַכט פון זיי אַ תל, זיי וואַקסן אוים, ניט ווי עס פּאַסט זיך בײַ לײַטן... און מאַטע־מאַמע האָבן גאָר ניט מיט וואָס זיך צו באַרימען... און זאָל אים ניט אָנגיין וואָס זײַנע פרײַנט האָבן זיך דאָרטן אַרויפגעאַרבעט אַ סך פריער און טאַקע מער פון אים... אסור צו די גרויסע פאַרמעגנס האָבן שוין באַשײַנט עמיצנס שבתדיקן טיש און די אַלטע ספרים, אסור...

ער איז געוואָרן ווי דורכגענומען פון אַ טיפן געפיל אָבער די אומגעדולד האָט איצט זיך געריסן פון זײַנע אויגן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זי אָפּגעשטעלט אין מיטן:

— מיינסט, מירעלע, אַז די מאַמע איז ניט גערעכט? מיינסט עס וואָלט מיר געשאַדט צו פאַרן זיך אויסרוען אַ ביסל די צו אָנגע־שטריינגטע נערוון, האַ?

— איצט קומט ער שוין אַרויף אויף מײַנע רייד!... — האָט דאָס ווײַב זיך אַרײַנגעמישט. אָבער ביי אים זײַנען די טשעקן און די וועקסלען אָן פּאָנדן, זײַן וועלט, אַ פאַרדרייטע, צעטראָגענע און אומ־

— רואיקע וועלט!... — מירל, דו וועסט מיר מוזן מוחל זיין — האט ער איידל א גלעט געטאן דער שטיל־געווארענער שוועגערנס האנט, דו פארסט דאך נאך ניט אוועק?... און מיר האבן נאך גענוג וועגן וואס צו רעדן. איך מוז אפרוען א פאר מינוט, טאקע ניט מער.

גיי, סענדערל, און רו זיך מאקע אוים און זאל עס דיר זיין צום געזונט.

4

דאס שטוב־מיידל איז אראפגעקומען און האט אנגעהויבן אפצואמען פון טיש און איבערצוואשן דאס געפעס. איידל איז ארויסגעלאפן אין אויבערשטן צימערל צו זען וואס דארטן טוט זיך. ווי וויים זי האט געלעבט — צוליב איר ליידנשאפטלעכער נייגונג צום שפילן — ווי אין א מין פארכשופטן קרייז, האט זי דאך, אינזינען געהאט אז דאס מיידל קען זיך אהין אריינבערענגען אז „אמיגיטא", א געליבטן א זעלכן, זי זאל אמאל נעלם ווערן מיט אים אינאיינעם, ווי עס האט שוין דא איניקע מאל פאסירט. זיי האבן איר אויסגעליידיקט די שאפעס, די שופלארן און אריין ווי אין א תהום.

מירל האט זיך אראפגעלאזט אין דער שטרויענער וויג־שטול, זיך אנגעהויבן הוידען, אבער דעם שוואגערס אויסזען האט צוגענומען ביי איר די רואיקייט. זי האט זיך אויך געוואונדערט פאר וואס ער האט ניט געפרעגט אויף דער מאכטער און דאס ווייב האט אים גארניט דערציילט. ביי איר איז אויסגעקומען אז דער שוואגער איז געווארן ווי א סולקי מיט נאכגעלאזטע רעסארן. זי האט דאך אים געקענט זינט זי האט אנגעהויבן צו טראכטן און צו זען ארום זיך אורין, מיט זיין גאנצער משפחה. סענדערל, האט זי געדענקט, איז פון גאר יונגע יארן, שוין געווען א מענטש מיט אן איינענעם שטעל אין לעבן. ער איז אויך געווען אן אידעאליסט. ער האט א סך געלייענט, און די יוגנטלעכע פון די ארומיקע קאלאניעס פלעגן קומען צו אים אויף לעקציעס. די לעקציעס פלעגן ניט איין מאל פארוואנדלט ווערן אין לאנגע דעבאטעס, דיסקוסיעס און אפילו וואַרענונגען.

סענדערל האט געווארנט די יוגנטלעכע ניט צו ווערן מיטגעריסן פונעם גרויסשטאטישן טשאד, וואס האט זיך שוין אנגעהויבן טראגן אהין... ער האט זיי געראטן צו באזייטיקן אלע שווועריקייטן און מיט מער זיכערקייט זיך איינווארצלען אין דער אייגענער ערד. זיי נע־

עצהט נימט צו שטרעבן צו לוקסוס, ווייל רייכקייט איז א שיכרות וואָס פאַרדרייט דעם קאָפּ אפילו ביים קלוגסטן.

די מיידלעך פון קאָלאָניע האָבן געקוקט אויף איר ווי אויף א העכערן וועזן. זיי פלעגן זיך צוהערן צו זיין וואָרט. אויף זיין עצה האָבן דעמאָלט אַלע געטראָגן אָלפּאַרגאַטן און קליידער פון ביליקן ברין.

אים האָט מען תמיד אויסגעקליבן אויף אַלע העכערע פאַראַנט־וואָרטלעכע אַמטן אין דער אַרטיקער קאָאָפּעראַטיווע. ער פלעגט פאָרן אין דער גרויסשטאָט איינקויפן אַלערליי סחורות, זיך זען מיט נאָענטע. ער איז געווען ווי אַריינגעוועבט אינעם דאָרפישן געווימל, אין אַלעמענס דאגות און פריידן.

אַזוי זיינען אַוועק די יאָרן פון זיין יוגנט. זיינע קלענערע שוועסטער און ברידער האָבן חתונה געהאַט און אַליין געוואָרן מאַמעס און טאַטעס. די אַלטע לייט האָבן זיך אָנגעהויבן זאָרגן פאַרן זונס גליקלעכקייט צום פאַמיליען־לעבן. נישט איין מאָל איז צווישן זיי און אים פאַרגעקומען קריגערייען. אָבער ער איז געבליבן ביי זיינעם:

— וואָס איז דאָס איילעניש? צוליב אַ קליידל וועט ער מוזן ווערן אַ שטוב־זיצער און אַ געהאָרכזאַמער מאַן. עס פעלן אים נאָך אויס קיין מיידלעך. ביז פערציק יאָר האָט ער נאָך צייט...

גאָר פּלוצים און אומגעריכט און דווקא צו די דרייסיק יאָר, האָט זיך דער סענדערל פאַרליבט און געשען איז דאָס אויף גאָר אַ מאָד־נעם, כמעט אויסטערלישן אופן, וועגן וועלכן די שוויגער הערט ניט אויף צו טראַכטן אַז מען האָט דעם געראַמטנעם סענדערלען אירן, אָפּ־גענומען אַ כישוף.

זי מירל, ווידער, ווייסט, אַז אַ פאַרמעגלעכער קאָלאָניסט האָט אין איינעם אַ זומער אַראָפּגעבראַכט צו זיך זיין ברודערס טעכטערל די איידעלע. זי איז געווען אַ הויכנקע, אַ פלינקע, מיט אַ בלאָנד קעפּל, אויפגעהויבן העלדזל און מיט גאָלדענע בראַסלעטלעך, אויף די איידעלע, שניי־ווייסע אויסגעצאַליעטע הענטלעך. זי האָט געטראָגן אַ גאָלדן זייגערל און אפילו רויטינקע קאָרעלעכלעך. זי האָט מיטגע־בראַכט צוויי גרויסע וואַליסקעס מיט מלבושים, מאַנטלען און קליידער פון סאַמעט און אַלערליי שטאָפן, שאַפאַן און פוטער. געבראַכט האָט זי אויך הוטן, זון־שירעמס, פיינע שאַלן אין וועלכע זי האָט זיך געהילט און ווי אַ קעצל זיך געשפּילט מיט די לאַנגע, זיידענע פראַנדזן.

זי פלעגט תמיד טראָגן רויטע זיידענע טיכלעך אויף די באָרוועסע ווייסע פיסלעך, איז אומגעלאָפן צווישן די זאַנגען אין פעטערס פעלד, האָט געלאַכט אויפן הויכן קול, געזונגען און אָפט מאָל זיך קינדיש געלאַשטשעט צום ברייט צעוואַקסענעם דאָרפיש געזונטן פעטער.

פון אנהויב זיינען די יינגלעך און מיידלעך פון קאלאניע געווען גלייכגילטיק צו דער שטאטישער קאקעטקע, אבער אין די אויפדער־נאכטן, ווען איבערן פעלד האט גערוט א הימל ווי פון בלויען סאמעט, באזעצט מיט דימענטן, אין די שטילקייט האט זיך אויסגעשפרייט אין אלע ווינקלען — איז מען אויס נייגער צוגעפארן צום שכן, צו זען ווי די שטאטישע מויד מאכט זיך נאריש... זי האט זיך ניט געלאזט בעטן און אליין געזונגען און אליין געטאנצט. זי איז מיט יעדן איינעם באלד געווארן אויף דו, זיך פריי און קעציש געטוליעט, דא צו איינעם און דא צו א צווייטן בחור. זייערע אויערן פלעגן ווערן רויט ווי פייער און די אויגן — אנגעגאסן מיט באגערן.

די מיידלעך פלעגן פארשעמטע און מיט אראפגעלאזטע בליקן זיך אפרוקן צום הינטערשטן טייל פון שטוב, דארטן האט מען געלאכט און זיך געשושקעט...

— די מויד איז א פלאמער קאפ...

— זי קריכט אהער אריין ווי א ווארעם איבער קרויט...

— זי איז געקומען אויף א וויל און קוקט אויף א מייל... — זי רייסט שטיקער פון די יונגען!...

אבער טיף אין הארצן, האט זיך אויך געשאפן א געפיל פון קי־נאה און פון שינאה.

די מיידלעך האבן זיך געטרייסט וואס סענדערל, זייער וועג־וויי־זער, און געראטענער בחור, האט זיך ניט געלאזט מיטרייסן פון די אלע רעדעכצער, סיי גוטע און סיי שלעכטע, וואס האבן זיך צו אים דערטראגן וועגן דעם שטאטישן מיידל. ער איז ניט צוגעפארן צום שכן און ער האט זיך שוין געגרייט אוועקצופארן אין דער גרויסער שטאט, ווי א דעלעגאט צו א פארזאמלונג פון קאלאניסטן.

אויך דער גאסט האט זיך שוין געגרייט צו פארן אהיים. האבן דעם פעטערס קינדער לכבוד איר געמאכט אן אסארא און נאכדעם — אויך א באל.

ייי האבן קוים געפועלט אז סענדער זאל אויך קומען און באשיי־נען דעם באל. ער האט אויך צוגעזאגט מיטצונעמען זיין מאנדאלינא און זיך צו באטייליקן צוזאמען מיט די היימישע שפילער.

דער גאסט איז געווען אויסגעפוצט אין א קלייד פון איידעלן באר־טיסט, מיט וואלאנען פון אויבן ביז אראפ. אויפן הויכן העלדזל און ארום בלאנדן קעפל, האבן געהאנגען קרעלעלעך פון ווייס־בלויע קווייטלעך. זי איז געווען לייכט, שוועבנדיק, די העלע זשעדנע אויגן האבן געשמייכלט און די צו לאנגע, איידעלע הענטלעך, האבן זיך גע־וויקלט ארום האלדז פון איר טאנצנדיקן פארטנער.

די טאנצנדיקע פארלעך האבן געווארפן צו איר די בליקן, עפעם

לאַקנדיקס איז געווען אין אירע באַוועגונגען. דאָס נאַכטיקע ווינטל האָט געשוויבערט די שליארעס פון איר קלייד און דאָס בלאַנדע טשור־פּרינקעלע. זי איז געווען דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

נאָר איין סענדער איז געבליבן ווי פּאַסיוו. ער האָט גראָד באַמערקט וואָס אַזוינס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אַרום איר. אָבער ער האָט מיטן גאַנצן האַרצן זיך איבערגעגעבן דעם שפּילן. ער איז געזעסן אויפן גראָז, אַן אַרומגערינגלטער פון אַ גרופּע מיטשפּילער. איבער זיי האָט פון אַ צווייַג אַראָפּגעהאַנגען אַ גרויסער בענזין־לאָמפּ. זיין פּנים איז געווען טונקל, פול מיט זיכערקייט און מיט ענערגיע. די טונקעלע אויגן — רואיקע, קלוגע און ערלעכע.

די נאַכט איז געוואָרן בלויער, איבער די תבואה־פעלדער האָט געגרוט אַ לבנה ווי אַ טעפּל פון בורשטין און דאָס קרייען פון די הענער איז געוואָרן אַלץ נאַכטיקער.

זי, מירל, וואָס איז געזעסן לעבן דער שוויגער האָט זיך אָנגערופן:

— שוויגער, אפשר וואָלט איר שוין געפאָרן אַ היים?

— ניין, מירן צוואַרטן, מירעלע, ביז סענדערל וועט אויך פאָרן מיט אונדז.

אַרום זיי האָט זיך געשאַפן אַ קרייַז פון מיידלעך און ווייַבער. ס'איז אַוועק אַ שושקערייַ און אַ חוזקן זיך:

— די מויד שרפהט ווי אַ פייַער...

— זי פליט ממש ביז צו די וואָלקנס.

— אָבער מ ײַ ן סענדערל וועט זי ניט נעמען אויף דער העצקע... — האָט די אַלטע געשמייכלט און ברייטלעך צונויפגעצויגן די שפּיצן פון דער יום־טובדיקער פאַטשיילע.

דערווייַל איז אידעלע מיט איר פּאַרטנער ווי פאַרבייַגעפלויגן איינעם צעוויגטן מאַנצן, און כאַפּנדיק, אַ גלעט געטאָן דער אַלטער און זיך אַוועקגעשיפּט ווייַטער.

— אַ נאַרישער פלאַטער־קאָפּ — האָט די אַלטע געשמייכלט, און איר נאָכגעקוקט מיט חוזק. צו מייַן סענדערלען וואָגט זי פונדעסטוועגן ניט צו פליען, אָבער מיט אַמאָל האָט זיך דער גאַסט אויסגעדרייט פון איר פּאַרטנערס אָרעמס, זיך קוים דורכגעבראָכן אַ וועג צו די שפּילער און, אַז צו רעדן אַ וואָרט, אָנגעכאַפּט סענדערס צוויי שטאַרקע מענערישע הענט און האָט אים שווייַגנדיק, אָבער מיטן שמייכל פון די אויגן, אייַנגעלאַדן צום טאַנץ.

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם אינסטרומענט, זיך אויפגעהויבן, זי האָט פאַרוואָרפן די הענטלעך אַרום זייַן האַלדז, ער האָט אַרויפגעלייגט

זײַנע הענט אויף אירע צעװיגטע קלובעס און מען איז אװעק אין א טאנץ.

װען די מוזיק האט ענדלעך אויפגעהערט און דער װאלץ שטויב ארום די טאנצנדיקע האט זיך אנגעהויבן אראפצוזעצן, דאן האט, מירל, די ערשטע דערזען, אז דער שװאגער סענדערל מיטן גאסט, זײַנען ער־געץ פארשװוּנדן...

נאך דעם טאנצעניש, איז סענדערל שוין ניט געפארן װי א דעלע־גאט אין שטאט אריין און זי איז אויך פארבליבן בײַם פעטער. אלע פארנאכט האט ער זיך אויסגעפוצט אין זײַן טראכט פון א גאטש און איז געפארן צו איר. ער האט זי געלערנט רײַטן און װי אומצוגיין מיט א פערד און מיט בהמות. ער האט זי אויך אנגעהויבן צו ברענגען אהיים, צו טאטע־מאמע אין שטוב. זי איז געװען ליבנסװירדיק, צוגער לאזט, האט אפילו געװאלט צוהעלפן דער אלטער בײַם קאכן, באקן און בײַם אפװארעמען די קעזן. די אלטע האט געשװיגן, אבער אין איינעם אז אויפדערנאכט, װען דער זון האט זיך אויסגעפוצט און זיך געגרייט צו פארן, האט זי אים געזאגט:

— סענדערל טאטע, די נארישע, שטאטישע קאזע איז ניט פאר דיר!... דו ביסט אן ערד־ארבעטער און זי װעט דיך ארויסרײַסן פון דאנען!

ער האט געשמייכלט און געשװיגן.

אורי, זײַן צװילינג־ברודער, װאס איז שוין געװען א טאטע פון דרײַ זין, האט זיך דעמאלט ארײַנגעמישט:

— בײַ איר, מײַן איך, סענדער, איז עס ניט מער װי א קאפריז... זי װיל זיך דא פארמעסטן מיט די באשײדענע קאלאניסטישע טעכטער...

— װאס גייט עס דיר אן, אורי?...

— סענדערל טאטע! — איז די אלטע צוגעשטאנען — מיר האבן גארניט צו דעם מײדל, פארקערט. זי דארף נעמען א שטאטישן, א רײַכן!...

— לאז אים, מאמע, אירע װײַסע הענטלעך האבן מער כח װי די הערצער פון אונדזערע מײדלעך װאס לעכצן נאך אים!...

און שוין מער האט מען אין שטוב ניט גערעדט װעגן דעם. זי איז צוריקגעפארן און ער האט געקראנקט אלע טאג א בריװ. ער האט געװארט אויף די בריװ װי א בלינדער װארט אויף דער ליכטיקער שײַן. עס האט ניט לאנג געדויערט און ער איז איר נאכגעפארן. אין דרײַ חדשים ארום זײַנען שוין אנגעקומען אײַנלאדונגען אויף זײער חתונה.

בשעת מירל האט געטראכט, איז דערװײַל די שװעגערן ארײַנגע־

געלאָפן. מירל האָט מיט די פיס איינגעהאַלטן די צעוויגטע שטול און האָט אָנגעשטעלט אויף איר די בליקן; אפשר וועלן מיר צוהעלפן דער שיקסע איבערצוואַשן? זי פּאַטשקעט דאָ צופיל.

איידל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און באַלד געענטפערט:

— סערכיאַ האָט פיינע שערסטקע הענט... מען באַדאַרף זיין אַ פרוי און ניט מער!....

— איך פאַרשטיי דיך ניט, איידעלע!

— אַדעלינאַ! — האָט זי אויסגערופן פאַרדריסלעך און מיט די בליקן געוויזן אויף דער שוואַרצער מיט די אַלץ־ווייסנדיקע אייגעלעך.

— מען מוז געבוירן ווערן מיט אַ ביסעלע דיפּלאָמאַטיע — האָט זי צופרידן געשמייכלט און פאַרענדיקט מיט אַ קוועטש פון אויגן־ווינקל:

— ווען דו בלייבסט דאָ אַ לענגערע צייט, מאַריאַ קערידאַ וואָלסו דיך אויסגעלערנט ווי אַזוי מען באַדאַרף לעבן...

— וואָס, איידעלע, הייסט בא דיר לעבן? — האָט דער גאַסט רויק געפרעגט.

— מען באַדאַרף זיך אויסטויגן, מען באַדאַרף זיין אַ גוט ווייב, דאַן, מירל, קענסטו שטעלן אויף די קניען אפילו דעם קליגסטן מאַן...

מירל האָט אויפגעהויבן צו איר די טיפע צוויי אויגן, פולע מיט אומפאַרשטענדלעכקייט, עפעס קינדערישס האָט זיך געטיקט אין זיי און אַזאַ מילדע נאַכגיביקייט פאַר וועלכע די שוועגערין האָט מיט אַמאָל געקראָגן אַפּשיי. אַרום זיי האָט זיך אָפּגעזעצט אַ שטילקייט. מירל האָט געוואָרט אַז די שוויגער זאָל איר ענדלעך אַרויסזאָגן וועגן די פלענער וואָס מען האָט דאָ צוגעגרייט פאַר אירעטוועגן. זי האָט באַמערקט אַז דער שוועגערינס בליקן לויערן איבער אירע הענט, און זי האָט אויך, ווי קעגן איר ווילן, און זייער פאַמעלעך, איבערגעטראָגן די בליקן צו אירע צעשונדענע נעגל. אַ ווײַלע האָט זי זיך ווי פאַרשעמט פאַר זיך אַליין צוליבן פאַרנאַכלעסיקן איר ווייבערישע אויסערלעכקייט. אירע הענט זענען שוין געווען צוגעפּאַסעוועט פון צופיל שיילן קאַרטאָפל מיט בוריקעס, פון שייערן טעפּ קענדלעך, דייזשקעס מיט מולטערס. איצט, ווי באַווירקט פון דער שוועגערינס פרעגנדיקן חוזק־בליק, האָט מירל דורכויס געזוכט מיט עפעס צו פאַרגיטיקן איר באַליידיקטן ווייבערישן שמאָליץ. זי האָט אין געדאַנק זיך אָנגעהויבן צו טרייסטן: איר אורי, וואָלט זי נישט געקענט ליב האָבן און אויך נישט שעצן, ווען ער דערפילט אין איר

קליינלעכע, עגאָיסטישע אויסרעכענונגען... דערצו וואָלט זי אַליין באַגרענעצט אין זיך די פאַרגיביקייט און אַזאַ אויפריכטיקייט צו וועלכער מען מוז געבוירן ווערן.

ווי עס זעט אויס, ווייסט ניט, די אידעלע וואָס אַזוינס עס איז אַפּערוויליקייט... דאָס גרויסע גליק פון ליבשאַפט צום מאַן, צום טאַטן פון די געראָטענע קינדער. ווער זוכט עפּעס צו געווינען ביים טאַטן פון די קינדער, האַ?... ביידע מוזן אַ לעבן לאַנג גיין אויף איין אויסגעטראָטענעם וועג. סיידן ווען אַ פרוי האָט חלילה פיינט דעם מאַן. דעמאָלט וויל אוודאי נישט אַן ערלעכע פרוי געניסן פון זיינע לייסטונגען... לויט דעם גראַדן שכל און דער ערלעכקייט, וואָלט מען זיכער געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו דעם שקר מיט דער אויסרעכענונג. עס מוז דאָך זיין שרעקלעך צו טיילן דאָס לעבן — גאַנצע פופציק אָדער זעכציק יאָר — מיט אַ מענטשן וועלכן מען האָט נישט ליב... מעג ער אַפילו געבן דעם ווייב גילדענע פייגל. און קינדער? — האָט עס אין איר אַ ציטער געטאָן. וואָס קאָן ווערן פון קינדער, ווען די היים איז אַ צעבראָכענע? ביידע מוזן זיי איינגיין אויף קאָמפּראָמיסן, אָדער ווי אַנשטענדיקע מענטשן זיך פונאַנדערגיין און זאָרגן פאַר די קינדער, אָדער, פרייוויליק זיך אָפּגעבן ווי אַ קרבן און זיך שטעלן צופרידן מיטן גליק פון די קינדער. אָבער דאָס זוכן צו שטעלן דעם מאַן אויף די קניען, — כדי אַרויסצוציען ביי אים נאָך אַ טויזנטער צום קויפן שמאַכטעס, שמינקעס, אָדער כדי צו האָבן וואָס מער קניפּלעך צום קאָרטן־שפּיל — דאָס איז אָרעם ווי אַן אַרומגעפליקטער פויגל, אָרעם און געמיין...

בשעת די שווענגערין האָט זיך ווידער פאַרנומען מיטן אויפליינען פאַרשיידענע שופלעדלעך דאָס איבערגעווישטע זילבער, האָט מירל זיך אויפגעהויבן, און אַ באַהערשטע פון אירע געדאַנקען, זיך געלאָזט גיין אַ קוק טאָן צי דער שוואָגער איז נאָך דאָ. זי האָט דורכויס געוואָלט וויסן וואָס ער האָט איר צו זאָגן.

זי האָט אים געטראָפן זיצן ביים שרייבטיש, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אינעם פאַרענטש פון בענקל, און די הענט אָנגעלייגט אויף אַ פּאַק מיט דאָקומענטן. ער האָט געשנאָרכט, די אָדערן ביי די נאַקעטע שלייפן האָבן געאַרבעט גיך, פון קאָפּ און פון פּנים האָבן גערינזלט ריטשקעלעך שווייס. איצט האָט ער אין אירע אויגן אויסגעזען גאָר מיד.

זי איז אויף די שפּיץ פינגער, כדי אים נישט אויפצוּוועקן, צוגעגאַנגען צום דיוואַן, זיך פאַרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט און געפּרוּווט דרימלען.

דאָ איז געווען דושנע. דער דיקער געבלימטער פאַרהאַנג איי־

בערן אײַנציקן ושמאָלן פענצטער איז געווען אַראָפּגעלאָזט און אָנ־געהיצט פון דער זון. די שווערע טיר פון דער אַלטער פײַער־קאַסע, איז געווען צעפּראַלט און איז אַש־בעכער האָט זיך נאָך געראויכערט אַ שטיקל פּאַפּיראָס. עס זענען אַוועק אייניקע מינוט, סענדער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איז אויפגעשפּרונגען, האָט אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע דאָס טיכל און אָנגעהויבן ווישן דעם שווייס פון פּנים.

באַלד זענען די רויטע, נישט־אויסגעשלאָפענע אויגן צוגעפאַלן צו דער שוועגערין. אויך זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— אַ גוטער אויפשטיין, סענדערל, האָסט קיין עין הרע ניט, געכאַפּט אַ געשמאַקן דרימל.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגער און אויסגערופן אַ וואַ! איך האָב שוין באַלד פאַרשפּעטיקט! ער האָט אײַלנדיק צו־נויפגענומען אַלע דאָקומענטן און האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין זײַן טעקע. זי האָט דערווײַל געבעטן:

— בלײַב נאָך אַ קאַפּעטשקע, סענדערל און איך וועל מאַכן אַ מאַטע.

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט און זיך געלאָזט צו דער טיר. זי האָט אויסגערופן:

— סענדערל, דו האָסט מיר גאָר נישט וואָס צו זאָגן?...

— יאָ, אײנער שעכט איצט דעם אַנדערן, מירעלע! — האָט ער שטייענדיק שוין אויף דער שוועל געענטפערט. נעכטיקע גרויסע שי־סער זענען די געשאָסענע פון היינט און פון מאָרגן... די סאַמע גרעסטע ושוחטים, מירעלע, זענען גראָד די, וואָס האַלטן דאָס האַרץ פון לאַנד אין זייערע הענט...

— אָבער אַ טייל פון די פּשוטע, ערלעכע מענטשן האָבן זיי שוין אומגעבראַכט... זיי שפּילן זיך מיט פײַער — געדענק, מירל, וואָס איך זאָג דיר!...

ער האָט ווידער אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט און איז אַוועק.

# 5

הינטער אים איז געבליבן א מאָדנע שטילקייט און עפּעס נישט דערזאָגטס וואָס האָט מירלען צעטומלט. זי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אינעם אָנלען פון שטול און געפּרוּווט דרימלען, אָבער די אומרו אין איר איז געוואָרן מער עקשנותדיק. דערצו איז די בײַטאָגיקע זון הינטערן צו דיקן פאָרהאַנג, געוואָרן אַזוי צעגליט, אַז דאָס זאַלעכל איז ממש געוואָרן ווי אַן אָנגעהיצטער אויוון. מירל האָט געאָטעמט שווער, ס'האָט איר איצט אויסגעפעלט די ריינע, דאָרפישע לופט. זי האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים, און איר האָט ביסלעכווײַז אויפגעפלאַמט א באַגער איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך צו דערוויסן ווי אַזוי עס גייען איצטער דעם שוואָגערס געשעפטן... מיט איר גאַנצן ערלעכן גלויבן צו אים, האָט זי פּלוצים און דווקא אין די עטלעכע שעה פון זײַן דאָ דער גאַסט, אָנגעהויבן מער צו פאַרשטיין און טיילווײַז אויך מורא צו האָבן פאַר דעם מאַנס וואָרענונג, וועלכע זי האָט לעצטנס נישט געוואָלט און נישט געקענט נעמען צו ערנסט... די וואָרענונג איז איצטער אינאיינעם מיט אוּרין, אומגעגאַנגען איבערן אָנגעהיצטן זאַלעכל און ווידער געטענהט, אַזוי שטיל און באַזאַכט ווי מען טענהט צו א ברעקל קינד:

— איך וויל נישט, מירל, קיין עשירות און נישט די קראַנקהאַפטע יאָגעניש כדי איבערצויאָגן דעם חבר און צו מאַכן מער געלט פון אים. דיך ציט עס צו דער גרויסער שטאָט, מײַן ברודער סענדערלס שמוּב, די באַקוועמלעכקייטן, וואָס ער גיט אײדעלען — זיי לאָזן דיך נישט לעבן דאָ רואיק. אָבער איך האָב גראָד מורא פאַר זייער אויפגעבלאָזנקייט... איך בין געווען דרײַ טעג בײַ זיי און איך בין אַנטלאָפן, אַוועק, מירל, ווי פון א פּאַפּירענער שיף... סענדערל, האָב איך אַרויסגעפילט פון זײַנע קורצע געשפּרעכן מיט מיר, איז אין דער נשמה געבליבן אַן ערדאַרבעטער... זײַנע לופטשיפן דרייען מיט אים ווי מיט א ווינטמיל...

מיר, מירל, זענען שוין נישט קיין גאָר יונגע מענטשן, און וואָס וואָלט געווען ווען מיר האָבן שוין עטלעכע מיליאָנען, האַ?... דיר וועט נישט פּאַסטן נאָכצומאַכן אַלע אויפגעבלאָזענע „חנען" פון די אויפגעקומענע גבירנטעס... און אויב אפילו יאָ — וועסטו מאַכן פון דיר חוזק... איך און אונדזערע קינדער וועלן אָנווערן פאַר דיר דעם אָפּשיי... דו וועסט דיך פילן אַליין, איינזאַם מיט דײַנע

געפּאַסטע הויזנס, אַדער אַנדערע שמאַכטעס... געדענק, מירעלע, מיַינע רייד...

אויף מירלס פּנים האָט זיך אויסגעלייגט אַ צופרידענער שמייכל. ס'האָט איר גראָד געטאָן הנאה וואָס דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט אין אירע הענט אַריינגעלייגט זייער גורל... דאָס מיינט אַז מען קען זיך אויף איר פאַרלאָזן... זי וועט דאָ באַנוצן איר גאַנצן שכל, איר פּאַראַזיכטיקייט, טאַקט און מער פון אַלץ — גרויס אחריות...

זי האָט זיך געדאַנק צוגעגליַיכט אורין צו זיין ברודער סענדער־לען. זיי זענען דאָך ביידע געבוירן אין איינע פינף מינוט... אָבער איר אורי איז נאָך הויך און פעסט ווי אַ דעמב. עס שפּרודלט פון אים מיט לעבנס־פריַיד, מיט דאַרפישער רוּאיקייט מיט געזאַנג פון דער פּרוכטיקער ערד, וואָס ער אַליין האָט נאָך נישט אויפגעהערט צו באַאַרבעטן און זי פּפלעגן. אורי קען ריַיטן און שווימען נישט ווינציקער און נים שוואַכער ווי דער בעסטער פון זיינע געראָטענע קינדער. אורי איז גליקלעך! און דער אַ, סענדערל?... צי האָט ער דען אַ ביסל מנוחה אין זיין האַרצן?... צי האָט ער דען צייט צו געניסן פון זיין רײַכקייט? צי זעט ער דען אַז זיין טעכטערל מיטן גוטן קעפּל, איז אין אירע, מירלס אויגן, וואָס?... אַ פּאַראַזיט... אַז אויסנוצעריין און נישט מער!..

דערווייל איז אַרייַנגעקומען די שוועגערין און האָט איר דער־לאַנגט אַ מאַטע. מירל האָט באַמערקט אַז איין בעקל איז איר געווען פאַרפלאַמט און דאָס אַנדערע בלייך. זי האָט געברענט:

— האָסט נישט געמאַכט קיין סיעסטאַ?

— איך האָב וואָס צו טאָן, מאַריאַ קערידאַ. היינט איז מיין טורנע!...

זי האָט געמאַכט אַ זויערע מינע און בשעת די שוועגערין האָט געזופּט די מאַטע און געהאַלטן אויף איר די ברייטע בליקן, האָט זיך איידל אויסגערעדט:

— זי וועט מוזן צוזוכן אַ ליַימישע שיקסע וואָס זאָל צוהעלפן דער טשינאַ ביים פּוצן די דילן און די טרעפ פונעם וועסטיבול. אַהער קומען אַנגעזעענע מענטשן, אַפילו אַ פּרעזידענט פון אַ גרויסער יידישער אינסטיטוציע און פון אַ באַנק. מען קען נישט אין זייערע אויגן אויסזען ווי ציגיַינער...

— קומסטו אַמאָל צוהעלפן סענדערלען?...

— ניין! — האָט זי גלײַכגילטיק געהויבן די שמאָלע אַקסלען, ער האָט פּיַינט מענערישע וויַיבער... ביי אים, אַ שערסקע הענטל איז ווי אַ פלוי וואָס בייַסט... ווען ער זעט נאָר אַ ברעקעלע ראַצעלע אויף

מײַן הענטל, באַקומט אים שוין נישט דאָס לעבן! — האָט זי פֿאַר־ענדיקט מיט אַ קליין געלעכטערל.

מירל האָט איר דערלאַנגט די אויסגעלײַדיקטע מאַטעניצע, זי האָט שווערלעך אויסגעצויגן די פֿיס אין די צוויי ברייטע, צעשנורעװעטע שיך און געקוקט אויף איידלען און געוואָלט פֿאַרשטיין ווי אַזוי אַ פֿרוי קען זײַן צופֿרידן מיט איר פּוסטקייט. איידל האָט מיטן טיכעלע ליַיכט אַראָפּגענומען די טראָפּנדלעך שווייס פֿון פּנים און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— דו וואָלסט באַדאַרפֿט אויסציִען דײַנע ברעמען, זיי זענען צו ברייט... דאַרפֿסט אויך אונטערפֿירן אַ שטיקעלע בלויע פֿאַרב אַרום די אויגן... עס איז נישט שיין, מאַריאַ קערידאַ, צו זײַן אַזוי דאָרפֿיש... צו מיר קומען מענטשן פֿון דער העכערער געזעלשאַפֿט...

מירל האָט געשוויגן און מיט נײַגער אויסגעהערט דער שווע־גערינס באַרימערײַען: זיי זענען אַ גרופּע פֿון צוואַנציק. ממש ווי אַ הייליקער בונד וואָלט זיי שוין יאָרנלאַנג געהאַלטן צוזאַמען. אַלע טאָג אַרום פֿינף אַזייגער, קומט מען זיך צונויף בײַ אַן אַנדערער אין שטוב. מען פֿאַרווײַלט זיך ווי עס געהער צו זײַן. און קיין נײַע מיט־שפּילער לאָזט מען שוין נישט אַרײַן אין דער גרופּע. זאָל זיך מירל אויספּוצן, זי איז גאָר נישט קיין מיאוסע פֿרוי, איר פּנים איז פֿריש און פֿאַרביק, אָבער זי האָט נאָר אַ שלעכטן געשמאַק בײַם אָנטאָן זיך.

מירל האָט זיך אויפֿגעהויבן און מיט אַ פּעסט געניגעלע און גלײַכגילטיק צו דער שטאָטישער שוועגערינס רייד, איז זי דערווײַל געגאַנגען אין באָד־צימער צו אירע צוויי קוישן מיט אַלעם גוטן. צוריקגעקומען אויסגעפּוצט אין אַ געפּאַסט קליידל פֿון בלויען ברין, מיט ווײַסע קוויטלעך און מיט צו גרויסע קנעפּ פֿון אויבן ביז אַראָפּ. איידל איז שוין געווען אויסגעפּוצט אין אַ קליידל פֿון אַ פֿײַנעם געוועב, שוין געהאַט גרייט דאָס קוישעלע מיט „פּיטשעס" און זיי גע־האַלטן אין איין איבערמישן און די בליקן אירע, זענען ווי צוויי הונגעריקע פֿייגל, געהאַנגען איבער דער טיר.

— טשינאַ, וואו ביזטו מיר ווידער אַהינגעקומען, קאַראַמבאַ?!

אויף איר געשריי איז טאַקע דאָס שטוב־מיידל געקומען צולויפֿן

— וואָס, באַלעבאָסטעלע, באַדאַרף איך איצט טאָן? — האָט זי הכנעהדיק געפֿרעגט.

— וואָס, דו ווייסט גאָר נישט, טשינאַ, אַז מען באַדאַרף צוגרייטן דעם טיש? דו ביזט בײַ מיר אַ נײַער מענטש?!

דאָס מיידל האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק טאָן איר אַר־בעט. איידל איז איר נאָכגעגאַנגען, נאָר דער גאַסט איז געבליבן אין

קיך און האָט זיך צוגעגרייט אַ פֿרישע מאַטע. זי האָט געטראַכט, מירל: אַ גאָטס עבֿירה צו פּטרן אַזוי פֿיל ציַיט. דערצו קאָסט עס דעם בידנעם שוואָגער, סענדערלען, געגנוג רבי־געלט... ער האָט פֿיַינט שערסקע הענטלעך, דער געוועזענער אידעאַליסט, אַז אַך און אַז ווײ!...

אין דעם האָט זיך די שוועגערין אַריינגעשטעלט אין דער טיר און אַ צעפּלאַמטע, אַ גליקלעכע איבערגעריסן די שטילקייט:

— קום, דו פֿונדעטשקע, און וועסט זען צי איך קען צוגרייטן אַ טיש. קום און לערן דיך אויס ווי צו לעבן צווישן מענטשן.

מירל האָט זופֿנדיק די מאַטע זיך געלאָזט צו דער שוועגערין און זי באַגלייט ביז צו דער טיר פֿון זאַל. איצט האָט דאָרטן געהערשט אַ מאָדנע פֿייערלעכקייט. דער לאַנגער טיש איז געווען באַשטעלט מיט אַלעם גוטן. די ווינקל־לאָמפּן, אונטער ראָזעווע אַבאַזשורן, האָבן געוואָרפֿן אַ מילדע, אַנגענעמע שיַין אויף די גרויסע קונסט־בילדער און אויף די שווערע פֿאָרהאַנגען פֿון איידעלן וואָל.

דער גאַסט האָט מיט די נייגעריקע בליקן געציילט די פֿלעשער מיט ביר, די טעצלעך מיט סאַנדוויטשן, די ניס, טאָרטן און פֿאַרשידענע פֿרוכטן מיט זיסוואַרג. זי האָט אויך באַמערקט איידעלעם צייאַכמערטקייט און די טראַפּנדלעך שווייס אַרום פּיַנכן, בלויען טשורפּינקעלע.

איידעלע האָט געטאָן אַ קוק אויף איר האַנט־זייגערל און באַלד צום נאַכט, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער שוועל און אין געדאַנק גערחשבונט וויפֿל עס וועט היַינט אָפּקאָסטן דעם שוואָגער סענ־ערל, זיַין וויַיבס פֿאַרגעניגן.

— טשע, פֿונדיטשקע, האָסט אַפֿילו נישט קיין ברעקל אָנערקענונג פֿאַר מיין עלעגאַנטן טיש?! אָדער עס געפֿעלט דיר נישט מיַין געשמאַק? — האָט זי נישט געוואַרט אויף איר ענטפֿער.

— וואָס הייסט איך האָב נישט קיין אָנערקענונג?... נאָ דיר גאָר אַזאַ חשד אויף מיר! — האָט מירל פֿאַרשעמט געענטפֿערט און איז געווען צופֿרידן וואָס די שוועגערין האָט איר צוגעוואָרפֿן אַ בליק פֿון באַליידיקונג און איז איַילנדיק אַוועק אין קליינעם זאַלכל צו רעדן דאָרטן אין טעלעפֿאָן.

דערווייַל האָט זיך צעליאַרעמט די טיר־קנאַפּקע און דאָס שטובמיידל, וואָס איז געשטאַנען דינסט־גרייט, אין סאַמע אויבן־אָן, ביים טיש, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום קאָרידאָר און אויך איידעלע איז ווי אַ צעוויגט ביימל, אַריין אין זאַל און איז געלאָפֿן אויפֿמאַכן. צוריק איז זי געקומען מיט דער ערשטער שוואַלב, אַ הויכע, בלאָנדע פֿרוי מיט אַ זאָרגלאָז, צו גרויס, פֿריש מאַסאַזשירטן פּנים. איר פֿריזור איז געווען שטיַיף, איז אויף איר קאָפּ געשטאַנען ווי אַ קיַילעכיק קעסעלע.

— מאַריאַ קערידאָ, באַקען דיך. דאָס איז נאַטאַליאַ, מײַן חברטע נאָך פֿון די יוגנט־יאָרן.

מירל האָט נאַטאַליאַ דערלאַנגט די האַנט און זיך פֿאַרגעשטעלט... אין דעם איז צוריקגעקומען דאָס שטוב־מיידל און נאָך איר האָבן זיך צו צוויי און צו דרײַ אַרײַנגעשטעלט די דערוואַרטעטע געסט. איידל האָט זיי מיט די צעפּלאַמטע בליקן אָנגעוויזן אויפֿן גאַסט און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז מײַן שוועגערין, די פֿונדיטשקע. מירל האָט באַטראַכט די געסט. אין אירע אויגן זענען זיי געווען זייער ענלעך איינער אויפֿן אַנדערן, סײַ צוליב דעם פּאַרקעמעכטס און קעסעלעד אויף די קעפּ, און סײַ צוליב דער שרײַענדיקער שמינקע. דערצו האָבן זיי אַלע געטראָגן פֿון צוואַנציק ביז דרײַסיק גאָלדענע רעמעליך אויף די הענט. מירל האָט געפֿילט אויף זיך זייערע בליקן, גלײַכגילטיקע און פֿרעמדע, און טיילווײַז אומצופֿרידענע. ביים באַקענען זיך, האָבן זיי איינע נאָך דער אַנדערער איר דערלאַנגט נישט מער ווי די שפּיצן פֿון די פֿינגער מיט די פֿריש־געפֿאַרבטע נעגעלעך. דערבײַ האָט איינע און אַ צווייטע, געפּרוּווט זייז העפֿלעך און נאָך טאָן אַ שמייכל און אַרויסגעזייעט צווישן די ליפּן דעם אַזוי מאָדנעם פֿאַמיליען־נאָמען:

— פּיפּאַטשניק...

— פּערדאַטשיק...

— שפּולער...

איניקע האָבן צו איר געטאָן אַ שאָקל מיטן קאָפּ און באַלד, ווי אויסגעלייזטע פֿון אַ בייזער אָנשיקעניש, האָבן זיי אַרומגערינגלט די צעשמייכלטע איידעלע.

דער רעש איז געוואָרן גרעסער, טומלדיקער. אַלע האָבן גערעדט מיט אַמאָל, איינע האָט איבערגעשריען די אַנדערע. מען האָט זיך באַקוקט די פֿריזורן, די האַנט־בײַטלען, די שפּילקעס, אַלץ איז פֿאַר זיי געווען ווי נײַ און איינע, ווידער, האָט געזוכט איבערצושטײַגן די צווייטע.

מירל האָט זיך דאָ דערפֿילט אַ פֿרעמדע און טאַקע ווי איינע וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דעם ווײַבערישן גן עדן און וויל אים נישט זען און נישט פֿאַרשטיין... זי האָט זיך זײַטיק אַרויסגערוקט פֿון דאָרטן, איז אַוועק אין קיך און זיך געמאַכט אַ פֿרישע מאַטע.

זי איז געווען ווי פֿאַרשעמט. זי האָט נאָך אַלץ געפֿילט אויף זיך

די בליקן פון דער שוועגעריןס געסט, וואס האבן איז זיך געשמייכלט פון איר, מירלס, דארפישער הלבשה.

און קיך איז איצט געווען אנגעווארפן פרוכט און שאקאלאד־פא־פירלעך. דאס שטוב־מיידל איז געלאפן אהין און צוריק, געבראכט לייִדיקע טעלער און זיי ווידער אנגעפולט. מירל האט איר נאכגעקוקט, אבער דאס מיידל איז אויך געווען אזוי ווי צעחושט, ארײַנגעטאן אין דער שטוביקער בהלה.

מירל האט זיך פלוצים דערזען אויף דער סולקי, פארנדיק אין שטעטל ארײַן. אורי זיצט האַרט לעבן איר, ער ציט די לייצעס פון איינציקן גרויסן פערד און ער טענהט רק, דער אורי, און לאזט זי נישט טראכטן וועגן אירע אייגענע פלענער:

— מילא, אז דו האסט שוין יא אויסגעפירט דאס דײַניקע, זאלסטו כאטש זיין ווי א קאלטער גזלן און בלײַבן דארטן עטלעכע וואכן... פריער געוווין זיך צו, מירעלע, צום שטאטישן טשאד... גע־וווין זיך צו צו די נערוועז־לויפנדיקע מענטשן... און איך מיט די קינדער וועלן דא הערווייל אליין ליקווידירן... דאס איז, מירל, א זאך נישט אויף איין וואך! דער עיקר זאלסטו גוט אינזינען האבן אז די מאמע מוז האבן אויף די אלטע יארן, א רואיק ווינקעלע!... אויב, מירעלע, דו וועסט דארטן נישט געפינען דײַן אויסגעבענקטן חלום, זאלסטו האבן דעם געהעריקן מוט און זאלסט נישט זוכן אפצונארן דײַנע געפילן און אויך נישט מײַנע... זאלסט קויפן אלאמבערע, קויפן פון די בעסטע און מיר וועלן ארומצוימען די קאראלן...

מירל האט זיך ארומגעקוקט און איז געווען צופרידן וואס זי איז ענדלעך ווידער געבליבן מיט זיך אליין. דערווײַל איז די שוועגערין וויכערדיק ארײַנגעלאפן, זי גענומען אונטערן ארעם און ברוגזלעך געמורמלט:

— קאראמבא, פאר וואס האסטו זיך ארויסגערוקט?... מײַנע חברטעס מיינען אז דו האסט אינגאנצן נישט קיין צונג.

— איך וויל טרינקען א מאטע.

— קום, קום, איך וויל גאר נישט אז דו זאלסט ארײַנפאלן צו זיי אין די מײַלעכלעך...

— מיך ארט גאר נישט אויב איך, אדער מײַן קליידל, וועט ניט אויסנעמען בײַ זיי...

— מיך ארט עס יא!... זיי שושקען זיך שוין... אביסל לייִדיק־גייערינס!... קום!

מירל האט אוועקגעשטעלט די מאטע און איז אומניחאדיק נאכ־געגאנגען דער שוועגערין. איידל האט איר געמאכט א פלאץ פונקט

אנטקעגן זיך און דער טומל, דער מויל־געוויטער איז מירלען געוועזן אומדערטרעגלעך.

דער רעש אין זאל האט ווי כוואליעס אינעם צעבראכענעם ים זיך א הייב־געטאן, ווען ס׳האט זיך באוויזן איידלס מאמע און א פלימעניצע. די געסט האבן געגומען פאטשן בראוואַ און, פון פרייד, זיך אונטערגעהויבן און צוריק אראפגעלאזט. מירל איז געבליבן רו־איק. זי האט דערוויל באטראכט פון ווייטנס די שווער־לייביקע ייִדע־נע מיטן הויכן בוזים און מיט די גרויסע זון־פלעקן אויפן פולן פליישיקן פנים, מיט די ברייטע פאלדן. די אלטע איז מיט שווערע טריט צוגעגאנגען צום גאסט, זי ארומגענומען און געקושט. נאכדעם האט זי אומגעדרייט דאס פנים צום אייניקל וואס איז שוין געזעסן אויבן־אן און געמישט קארטן:

— טשע, פאטשיטא, קום אהער און גיב א קוש דער מיא!

די קליינע האט מיט די שפיצן פון די פינגער זיך צורעכט גע־מאכט דאס ערשט־געקארבטע קעסעלע אויפן קליינעם קעפל געמאכט א מינע פון אומצופרידנקייט און איז צוגעקומען. מירל האט איר געטאן א קוש אין שטערן און זיך באלד געווענדעט צו דער אלטער, וואס האט נאך אלץ געהאלטן אויף איר די מידע צוויי אויגן. די קליינע רופט מען דאכט זיך, סעריקעלע...

— פאטשיטא!... האט דאס קינד פארצויגן די שמאלע, רויט־געפארבטע ליפעלעך און געטאן א פיר מיט די פלינקע בליקן צו אלע געסט וואס האבן, מישנדיק די קארטן, אויך געכאפט א קוק צו מירלען מיט דער אלטער.

די אלטע האט אפגעאטעמט שווער און געווישט פון זיך די בריי־טע רימשקעס שוויים וואס האבן געריזלט צווישן די קארבן פון פנים און ביז העט אראפ צום האלדז און נאקן. זי האט זיך געווענדעט צום גאסט:

— וואס זאגסטו, מאריא קערידא אויף דער הייגטיקער יוגנט?... שוין א פאלנער מענטש, מיין פאטשיטא, הא?...

— יא, מחותנעסטע!...

דאס קינד האט זיך פארנויגט און זיך א דריי געטאן אויף די הויכע קנעפעלעך, זיך אויסגעדרייט און איז אוועק צו איר פריערדיקן פלאץ. די באבע האט איר גוטמוטיק נאכגעשריען:

— נחת מיינער, פארבייטן מיר נאר נישט מיינע קארטן... און באלד ווידער צו דער דערשטוינטער מירלען:

— מיין פאטשיטעלע, האט, קיין בייז אויג זאל איר נישט שאטן, א גאלדן קעפעלע. זי איז פון די בעסטע שילערינס אין איר שול.

— האָסט שוין אָנגעהויבן ?... האָט זיך דאָס אייניקל קינדיש באַרוגזט און פאַרלייגט איין ליפּל איבערן אַנדערן. די אַלטע האָט מיט אַ האַנט זי געוואָרנט און זיך געבייזערט:

— משע, מאַך מיר נאָר נישט אַזאַ פרומע צורה. דו ביזט, פּאַטשי, נשקשה פון אַ טראַמאַפּאַסאַ!

די ווייַבער האָבן זיך איבערגעוואָונקען און געוואָרפן צו מירלען צווייטיידיגטיקע בליקן. זי האָט זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק. זי האָט אָבער נאָך שטאַרקער ווי פריער, זיך דערפילט דאָרט ווי אַ פרעמד־ע, אַן איבעריקע.

— די אַלטע האָט דערוויילע און איז גרויס איילעניש, אָנגע־הויבן אויסצופרעגן מירלען וועגן איר הויזגעזינד און צום סוף אויס־געדופן מיט חוזק:

— ווי לאַנג, מאַריאַ קערידאַ, טראַכטן אייערע לייט צו בלייבן אין דער וויסטעניש, דאָרטן וואו עס איז נישטאָ קיין פונק פון אַמאָ־ליקער יידישקייט? ווי לעבט מען אָפּ אַלע יאָרן דאָרטן, צווישן די האַלב־ווילדע פונדיקעס?!

— זיי זענען גאָר נישט אַזוי ווילד, מחותנתטע! — האָט איר מירל איבערגעשלאָגן. וואָס אַנבאַלאַנגט פריינטשאַפט, קריגט מען זי צווישן די פונדיקעס אַ סך מער, ווי צווישן די שטאָטישע...

די אַלטע האָט זיך אַרומגעקוקט, צעפירט מיט די הענט און נאָכדעם ווידער אָנגעהויבן ווי אין אַ טאָן פון באַשולדיקונג:

— מילאַ, דיין שוויגער, מאַריאַ קערידאַ, איז שוין ווי אַן אַלט אייזל. מיט איר איז נישטאָ וואָס צו טענהן וועגן אַ שיין לעבן. דערצו דאַכט זיך איר אַז זי איז די איינציקע וואָס האָט די דעה... און אַז זי וועט מיט זיך אַפילו מיטנעמען אין קבר אריין אירע קינדערס פאַרמעגן...

— די שוויגער איז ווי אַ שטיק פון איר נחלה. זי איז קיינמאָל נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט!...

— אַ שיינעם דאַנק איר! — האָט די אַלטע געחוזקט — זאָג מיר נאָר, מאַריאַ קערידאַ, וואָס נאָך אַ פּאָר באַגערן האָט זי געהאַט?

— זייט אַזוי גוט מחותנתטע און פּאַרט צו אין קאַלאָניע, און רעדט אייך צונויף מיט דער שוויגער.

די אַלטע איז געוואָרן אַלץ מער האָפערדיק, זי האָט איר איבער־געשלאָגן די רייד, און דערווייַל געכאַפּט אַ קוק צום אייניקל, וואָס האָט איילנדיק געהאַלטן איז איין איבערטאַשן די קאָרטן.

— איך מאַריאַ קערידאַ, האָב שוין אַמאָל גערעדט צו איר, אָבער זי האָט מיך אָנגעקוקט און געשמייכלט...

— וואס דען האט זי באדארפט צו טאן ?....

— זי וואלט באדארפט מאכן א סוף צו איר מאנדרעווען ! זי מעג שוין אויפבינדן די הענט פון אירע קינדער... ווײַבער, ואין איך עלטער, באדארפן שוין זיין אין מושב זקנים, וואס מיינט זי, די אלטע, אז מירן זיך אלץ לאזן פירן פון אירע קאפריזן ? !....

איידל, וואס האט פונדערווייטנס געווארפן די פלינקע, צעשראקענע בליקן צו דער מאמען, האט געטאן א געשריי:

— פערא, מאמא !...

ערשט איצט איז די אלטע געקומען צו זיך. זי האט ארויסגעלאזט הארטע ווינטלעך דורך די צעפאכעטע נאזלעכער, געווישט די ריטשקעס שוויים פון צעפלאמטן פנים און געפרוווט שמייכלען. אבער אירע ווייַיס געווארענע ליפן האבן זיך אלץ געווארפן ווי אין קדחת.

ארום טיש האט זיך אפגעזעצט א מאדנע אנגעצויגנקייט. איידל האט געהאלטן א שטרענגן בליק אויף דער מאמען. די אלטע האט איר צוגעווארפן א צווייַדייַטיקן שמייכל און געזאגט ווי צו זיך אליין:

— שא, שא, וועמען האב איך דא באליידיקט, חלילה ? איך האב נאר פיַינט א דארפיש איינגעשפארט אייזל, און באסטא !...

— נעמט זיך ניט צום הארצן, מחותנתטע, — האט זיך מירל אנגערופן. — עס קען אייך חלילה שאדטן צום בלוט־דרוק.

ארום טיש איז געווארן א געלעכטער. אין דעם האט זיך איידל ראפטום אויפגעהויבן. געגומען די מאמע אונטערן ארעם, און זי געפירט צו איר פלאץ אין סאמע אויבנאן, לעבן געראטענעם אייניקל.

מירל האט מיטן געדאנק, מיטן הארצן זיך פלוצים איבערגעטראגן א היים: פאראכטאגן אין דער צייט, נאכן אפעסן די שבת'־דיקע מאכלים, איז די שוויגער אוועק שלאפן און די קינדער זיינען אוועקגערייטן אין שטעטל, צו חברים. זי מיט אורין האבן אפגערוט אונטערן אלטן אמבו. די לערכעס האבן געזונגען אינעם צעווייעטן גראז, געזונגען אזוי איינטאניק און נאכטיק, ווי זיי אליין וואלטן אין דעם געזאנג געוואלט זיך פארוויגן. דער הימל האט ווי א בלויער געקנייטשטער טוך געהאנגען גאר נידעריק איבער די זאנגען פון פעלד. אורים טונקעלע אויגן האבן געדרימט אין איר. אויף זיין שווארץ־גרויען קאפ איז פון דער זילבער־בלאסער לבנה געפאלן א פאס שייַן, און אים אפגעגאסן מיט דעם בלייכן ליכט.

— מירל, — האט ער איבערגעריסן די שטילקייט — מיר איז גוט צו זיצן דא, זיצן און האלטן דיינע הענט אין מיינע און פילן אז אונדזער לעבן איז ווי איין גאלדענע קייט... די ערד, מירעלע, נעמט

אונדז אַרום, אַ טייל פֿון אונדזער לעבן איז שוין אין איר. צווישן אונדז מיט דער נאַטור, שטייט נאָר אַ דין וועגטעלע און ניט מער.

— אורי, רייד מיט מיר וועגן דער צוקונפֿט פֿון אונדזערע געראָטענע קינדער. רייד וועגן דער פֿרייד וואָס זיי האָבן אונדז פֿאַרשאַפֿט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיינע בליקן, האָט זי באַמערקט, זענען געוואָרן טיפֿער און סודותדיקער. זי איז מיטגעריסן געוואָרן פֿון מאַנס שטימונג. איצט האָט זי, אינאיינעם מיט אים, אויפֿגענומען דעם סוד פֿונעם ערדישן לשון. אַרום, און איבער די פֿולע, קערנדיקע זאַנגען, האָט געקרוט די שבתדיקע מנוחה. דאָס זומערדיקע ווינטל האָט געשוויבערט די הויכע גראָזן, וואָס אַרום דעם אַמבו, און אויך דעם מאַנס געדיכטע האָר.

ער האָט ווידער איבערגעריסן די שטילקייט:

— די דאָזיקע ערד, מירעלע, איז דורכגעקנאָטן מיט ייִדישן בטחון און מיט ליבשאַפֿט. אַז מיר וועלן זי איבערלאָזן, וועט זי אויף איר ערדישן, אייביקן לשון, וויינען, קלאָגן ווי יענע מאַמעס, וואָס שיקן אַוועק זייערע קינדער ערגעץ אין ווייטע מקומות און זיי ווייסן, די מאַמעס, אַז די קינדער וועלן שוין מער ניט צוריקקומען.

— פֿאַר וואָס, אורי, זאָלסטו ניט טראַכטן וועגן דעם גליק פֿון אונדזערע געראָטענע קינדער?

— טאַקע וועגן זיי, מירעלע, הער איך ניט אויף צו טראַכטן. אונדזערע קינדער האָבן ליב דעם קאַמף, דערצו זענען זיי געבענטשט מיט אַ סאָלידקייט. זיי זענען ניט געלטגייציק, און דאָס איז, לויט מיין מיינונג — גליק!

זי האָט געשוויגן. אָבער טיף אין האַרצן האָט זי ניט געקענט איינשטימען מיט זיינע מיינונגען. זי האָט פֿאַר זיך אַליין ניט געוואָלט צוגעבן, אַז אַלע אירע יאָרן ווערט זי פֿאַרפֿאָלגט פֿון אַ באַהאַלטענער אייפֿערזוכט צו דער איידעלעס ברייטן, גרויסשטאָטישן לעבן. נאָך יעדן וויזיט ביי דער שוועגערן האָט זיך אין איר געשטאַרקט דאָס געפֿיל פֿון קומען אַהער און אויך אַרויספֿירן אויף אַ וועג — סיי דעם מאַן, וואָס איז פֿאַרבליבן אַן אידעאַליסט, און סיי די קינדער.

זי האָט אים געלאָזט רעדן און פֿילאָזאָפֿירן, אָבער אין זיך — האָט זי אויך געלאָזט פֿריי אירע אַרגומענטן צו פֿאָרן אין דער גרויסער שטאָט: זי וויל ניט אַז אירע קינדער און אייניקלעך זאָלן בלייבן אויפֿן קאַמף, און אים אויך באַאַרבעטן... די קינדער האָבן פֿעיִקייטן צו לערנען, צו מוזיק, אַגראָנאָמיע און אינזשעניעריע. דער קאַמף

וועט ניט אנטלויפן.... זאלן נאר די קינדער פרווון א לענגערע צייט צו לעבן אין דער גרויסער שטאט און נאכדעם וועלן זיי אליין באַשטימען... טאטע־מאמע מוזן עס פארשטיין...

איצט האט מירל א טראכט געטאן, מוז זי גאר צופארן צום שוואגער סענדערל אין פאבריק... זי מוז פריער פון אלץ ווידער א קוק טאן וואס עס טוט זיך דארטן... עס איז גארניט אזא לייכטער ענין... זי האט ווייטער געטראכט:

דער אורי איז פארזיכטיק, נאך אלעמען איז ער דאך אן אידעאַלער טאטע און מאן... אפשר איז זיין פארזיכטיקייט גאר א געזונטער און גליקלעכער געשאנק פאר זייערע קינדערס וועגן!...

מירל האט זיך אויפגעהויבן און געוואלט פארלאזן דעם זאל, אבער אין דער מינוט האט זיך צעליארעמט די טיר־קנאפקע און די טשינא איז געלאפן אויפמאכן, קומענדיק צוריק אין דער באגלייטונג פון צוויי מענער. איינער, א מיטלוועקסיקער, מיט שיטערלעכע האר און א ברייטן, ערנסט פנים מיט בלויע אויגן. דער צווייטער א דיקלעכער, א הויכער, א פעסטער מיט א צוריקגעהאלטענעם שמייכל און מיט שווארצע, קלוגע אויגן.

די געסט האבן איינער נאכן אנדערן זיך העפלעך פארנויגט געגריסט די ווייבער און באלד זיך אליין פארגעשטעלט פארן גאסט. איידל האט זיך נאר אנגערופן:

— מאריא קערידא, דאס זיינען זייער פיינע מענטשן. איינער איז א וויצע־פרעזידענט און דער צווייטער — סעקרעטאר פון די גרעסטע אינסטיטוציעס.

די קעסעלעד האבן זיך אויסגעצויגן צו איר און די אלטע האט פון פרייד געטאן א פאטש מיט די צוויי שווערע, דיקע הענט.

— נישקשה, מירעלע, דיין שוויגער האט זיך טאקע געמעגט ווארפן מיט מיין טייער קינד!...

דאס איינִיקל האט פארצויגן די ליפעלער:

— פערא באבע!...

— שווייג שטיל, שלעכטע דערצויגענע! — האט איר די אלטע געטאן א קניפ אין גראבן פלייש.

ארום טיש איז געווארן א געמורמל. די צוויי נייע געסט האבן זיך זייטיק צוגערוקט צו זייערע רעזערווירטע פלעצער און די באלעבאסטע מיט דער טשינא האבן גיך אפגעראמט דעם טיש. אין א מינוט ארום האט שוין דער מיט די שיטערלעכע האר אויסגעטיילט קארטן. זיינע ווייסע, א ביסל ווייבערישע הענט, זיינען דערביי געווען אומרויק. ער האט געטאן א גנבישן קוק צו מירלען, וואס איז גראד

געווען פאַרטאָן אין באַטראַכטן די שוועגערין. אירע שמאָלע, איידעלע הענט, האָבן זיך ווי ווײַסע שנורן געשאַרט איבערן טיש, באַלד אַרײַנ־ גענומען ווי אין אַ גומענעם בייגל די קאָרטן, די פּיטשעס, מיטן גע־ ווינענעם געלט. דערבײַ האָבן די מוסקולן פון איר פאַרפלאַמט פּנימל, געהאַלטן אין איין וויברירן און זי האָט באַלד ווידער אַרויס־ געצויגן זשמיטלעך געלט, פון די צוויי טיפע, נידעריקע קעשענעס פונעם פאַרטעך. די אַלטע און אויך דאָס אייניקל, האָבן מיט קנאה געקוקט צו איר. די קליינע, אַ פאַרפלאַמטע, אַ צעטראָגענע, האָט בגנבה אַרײַנגעוואָרפן אַן אייגל אין דער באָבעס קאָרטן.

— דו טראַמפּאַסאַ! — האָט איר די אַלטע געטאָן אַ פּעטשל איבערן הענטל — מער וועסטו שוין ניט זײַן מײַן „האַנט". די קליינע האָט מיט אַ דין, הייזעריק קולכל אָפּגעענטפערט:

— דוווילסט תמיד נאָר געווינען! די אַלטע לײַט זיינען אַלע קאַפּריזנע!...

— טשע, זײַ ניט אַזוי חוצפּהדיק, שלעכט־דערצויגענע, האָב דרך ארץ פאַר אַ באָבע!

און באַלד צו מירלען, טאַקע אַ בייזע דערצו:

— וואָס זאָגסטו עפּעס צו דער „נײַער כוואַליע"?...

די קעסעלעך אַרום טיש האָבן געשמייכלט צו די צוויי קאַוואַ־ ליערן, וואָס האָבן זיך דווקא געהאַלטן בכבודיק, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן דעה־זאָגער: זיי האָבן זיך געמאַכט ניט־ווּיסנדיק און פאַר־ גענעצט דאָס שפּילן.

די לופט אַרום איר איז געוואָרן שטיקנדיק, פול מיט ריחות פון שוויס, פּודער, ציגאַרן, פּערפיום און אַלערליי געטראַנקען און געבעקסן. ווען די פּיטשעס און קאָרטן האָבן אָנגעהויבן ווערן שווער אויף אירע נערוון, האָט מירל זיך אויפגעהויבן און אומבאַ־ מערקט פון קיינעם, זיך אַרויסגערוקט...

— 6 —

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק. פון די רויטע סטעזשקעס אין ריזיקן פּאַרק האָט נאָך געשלאָגן אַ היץ. אַרום אַ ביוסט פון פּראָסער סאַרמיענטאָ, זיינען די רויטע און ווײַסע מאַלוואַ־ בלומען געווען באַפּערלט מיט פרישע טראָפּנס וואַסער. אין מיטן פון פּאַרק איז געשטאַנען דער אַלטער גערטנער און פון אַ לאַנגער

קישקע געשפריצט וואסער אויף די בענק און אויף די אפגעחלשטע בלומען.

ס'איז געווארן שפעט, מירל איז געשטאנען ביים זוים פון פארק און געווארט אויף אן אמניבוס כדי צו פארן צום שוואגער אין פאבריק. פון פארק האט געשלאגן אויף איר מיט ריחות פון איבערשרפהמע בלעטער און טרוקענער שטויב. זי האט צענויפגעצויגן די שלייפן פון דער פאטשיילע אויפן קאפ און האט געפילט ווי דער שווייס האט איצט געריזלט איבערן רוקן און געמאכט נאס איר געבלימלט קליידל.

דערווייל האט זיך פארבייגעטראגן אן אמניבוס און נאך איינער, זיי זיינען געווען פול געפאקטע און אויף איר צייכן מיט דער האנט זיך נישט אפגעשטעלט. ס'איז אוועק א ווארטעניש, אן אומגעדולד און א חרטה אויף דעם קומען אהער... זי האט נאך אלץ געפילט אויף זיך די בליקן פון דער שווערנס געסט און האט געהערט די אמפערניש פון דער אלטער מיטן פופצניאריקן אייניקל.

זי האט געווארט א האלבע שעה און נאך א האלבע. אין פארק האבן זיך אנגעהויבן צו יאווען עלטערע מענטשן און אויך דינסט־מיידלעך מיט קינדערלעך אין האנטוועגעלעך אויף צוויי הויכע רעדער. זי האט געטאן א קוק אויף איר האנט־זייגערל, עס איז שוין געווען צען מינוט צו זיבן. איצט איז זי געווען זיכער, אז איר פארן אין צענטער וועט זיין אומזיסט. דער שוואגער האט שוין זיכער פארלאסן די פאבריק. זי האט אבער נית געוואלט גיין צוריק אין שטוב. זי האט אין יענע מינוטן פיינט געהאט די שטוב און אויך די מענטשן אין איר.

די לופט ארום איר איז געווארן שיטערער און אויפן הימל האבן זיך באוויזן ראזעווע כמארעלעך ווי איבערגעברענטע וואטע. דער גערטנער, וואס האט נאכגעשלעפט די וואסערקישקע, איז צוגעקומען צו איר. ארום איר האבן צווישן אונטערגעהויבענע בערגלעך, גענומען ריזלען קילע וואסער־שטראמעלעך און ס'האט זיך פארשפרייט א מיחיהדיקער דופט.

דערווייל איז ווידער אנגעלאפן אן אמניבוס און דאס מאל האט ער זיך אפגעשטעלט און עטלעכע ארבעטער זיינען אויסגעשטיגן. מירל האט אויסגענוצט די דאזיקע רגע און האט זיך קוים אריינגעשטופט אין דעם פול־געפאקטן אמניבוס. באצאלט פארן בילעט און מיט ביידע הענט זיך אנגעכאפט אין א קײלעכיקן רינג וואס האט אראפגעהאנגען און אזוי שטייענדיקערהייט ווי אן איינגעפרעסטע

צווישן דעם שווייסיקן, שווייגנדיקן און כמורנעם עולם, האָט זי זיך געלאָזט אין צענטער אַרײַן.

אירע חושים זײַנען געווען וואַך און אויך אָנגעשפּיצט. זי האָט געהאַלטן אין איין אָנבייגן דעם קאָפּ כּדי צו קענען זען די גאַסן. זי האָט מיט דאָרפישער באַוווּנדערונג געשלונגען מיט די בליקן די שטאָטישע רעשעדיקייט, נאָך וועלכער זי האָלט אין איין בענקען. דערצו האָבן מיט פײַערדיקע אותיות אַראָפּגעשריען צו איר די רעקלאַמעשילדן, איבער ריזיקע קראָמען מיט לוקסוס־אַרטיקלען אויסגעשטעלט אין די שויפענצטער. זי האָט דערבליקט די רעסטאָראַנען, קאָנפיטעריעס און פּיצעריעס פולע מיט קונים. אויך די טראָטואַרן אַרום זיי זײַנען געווען פול־באַזעצטע, אַרום קליינע טישלעך. זי האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט פילן דאָס שטיקעניש אין אָמניבוס וואָס איז געוואָרן אַלץ פולער און ענגער, ממש ניט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

מירל איז געווען ווי אײַנגעטונקען אין שווייס, זי האָט אַלע ווײַלע זיך געהוידעט אינאיינעם מיטן אײַנגעפּרעסטן עולם, אַרויסגעלאָזט אַן „אוי", אָבער זי האָט זיך באַלד אויסגעגלײַכט און האָט אין געדאַנק זיך געפרעגט:

פאַרוואָס האָט דער אורי אירער אַזוי פײַנט די גרויסע שטאָט און לייקנט גאָר ניט אַז ער האָט פאַר איר אויך מורא? ער ווייסט דען ניט אַז דאָ לעבן מיליאָנען מענטשן און קיין איינער פון זיי — אַזוי מיינט זי — וואָלט זי ניט איבערגעלאָזט כּדי זיך צו באַזעצן אין אַ קאָלאָניע.

די קינדער וואָלטן דאָ אויפגעלעבט. כאָטש זיי האָבן גראָד פּונקט ווי זייער טאַטע, ליב דאָס דאָרפישע לעבן. מען טאָר ניט דער יוגנט אונטערהאַקן אירע פליגל, זאָל זי פליען, זאָל זי זיך אַליין אָנשלאָגן אין די שוועריקייטן — האָט מירל זיך אַליין געענטפערט.

אַזוי אַ, אַ פאַרגאַפטע און אַ פאַרטועטע אין זיך, האָט זי גאָר ניט באַמערקט ווען דער אָמניבוס איז אָנגעקומען אין צענטער פון אָנסע. דער שאָפער האָט דערמאָנט עמיצן וואָס האָט דאָרטן באַדאַרפט אויסשטײַגן און מירל האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ חלום. זי האָט זיך אויף געוואַלד אַרויסגעריסן פונעם געדרענג און איז אויסגעשטיגן.

זי איז געבליבן שטיין אויפן ראָג פון לאַוואַזשע און פּאַסאָ. זי איז געווען צעטומלט און כאָטש זי האָט געדענקט, פון אירע פריערדיקע באַזוכן, ווו עס געפינט זיך דעם שוואַנגערס פאַבריק, האָט זי מיט איר נאַטירלעכער, דאָרפישער ניט־איבערגעאײַלטקייט, זיך עט־

לעבע מאָל אַרומגעקוקט, כּדי צו זײַן זיכער אַז זי האָט ניט געמאַכט קיין טעות.

זי האָט אָפּגעאָטעמט פרײַער ווײַל דאָ איז געווען רויִקער. די מעטאַלענע שטאַרן איבער די ברייטע טירן און פענצטער זענען שוין געווען אָראָפּגעלאָזטע. אין איינציקע אויבערשטע פענצטער האָט זיך שוין געלויכטן. די שטיינער זיינען נאָך אַלץ געווען אָנגעגליט. אָבער איר האָט זיך געדוכט אַז ס'האָט געשלאָגן פון זיי אַ מידקייט.

מירל האָט געקרייצט די גאַס טוקומאַן, וויאַמאָנטע און פון דאָרטן שוין מער זיכער אַוועק צו דער ברייטער גאַס קאָרדאָבאַ. זי האָט דאָרטן געטראָפן הויכע, נײַע מויערן, נײַע קליטן, צווישן וועלכע עס איז ווי אַ נעבעכל, געווען אַרײַנגעקוועטשט דעם שוואָגערס צו אַלטע שמוב.

די ברייטע, שווערע קאָרידאָר־טיר איז געווען אַביסל אָפן, מירל האָט זיך אַרײַנגערוקט אין טיר און איז אַרײַן אין דעם ברייטן, טונקעלן קאָרידאָר מיט די גרויע, אָפּגעשיילטע ווענט און מיטן גריבערדיקן דיל. אויך דער לאַנגער, טונקעלער הויף איז געווען גריבערדיק, ווי אַ שמאָל פון בהמות. די פענצטער פון די צימערן זיינען געווען אַראָפּגעזונקען. די לאָדנדלעך צעפלויגן, און הינטער אַ פענצטער איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַסטן מיט אָפּשניצלעך פון לעדער.

מירל האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ צימער און האָט דאָרטן קיינעם ניט געזען. איבער אַ שוואַרצן, פון מילבן צעפרעסענעם שרײַב־טיש מיט פּאַפּירן און שטיקער לעדער — האָט אונטער אַ בלעכענעם אַבאַזשורל, ווי אַן אַלטער מעלער, זיך געפּלעמלט אַ קליין עלעקטריש לעמפּל. אונטערן טיש און אין די ראַמען זיינען געלעגן אָן אַ שיער ווײַבערישע האַנט־בײַטלען, פּאָרטפעלן און וואַליזן. מירל האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם: ווײַ, ווײַ, אַלץ וויינט דאָ!.... אַך, ווען זי איז מיט איינציקע יאָר צוריק, געקומען מיט אוריין צוגאַסט, ביים שטעלן אַ מצבה דעם שווער, וואָס איז געשטאָרבן אין יידישן שפּיטאָל, האָט דעמאָלט סענדערלס פאַבריק אויסגעזען פיל אַנדערש... און אפשר האָט ער שוין געביטן דאָס פּלאַץ פון דער פאַבריק?... זי האָט טאַקע באַדאַרפט פריער אַ פרעג טאָן ביי דער שוועגערן און ניט זיך אויפהויבן און פאָרן!...

זי איז ווי אַ פרעמדע און ניט דרייסטע אַוועק לענגאויס דעם לאַנגן הויף מיט אַן אַ צאָל צימערלעך. אויף די נידעריקע, צעלעכצטע טירלעך, האָבן געהאַנגען שלעסלעך און גאָר הינטן שוין לעבן די דרײַ פּאַרעיפּושטע אָפּטריטן, איז איז אַ האַלב ליכטיקן קאָמעדאָר, געווען פאַרטאָן אין אַרבעט איר שוואָגער סענדערל. ער איז אַ פאַר־

טיפּטער אין טראַכטן געשטאַנען הינטער אַ לאַנגן טיש און מיט אַ רויט שטיק קרייד, געצייכנט מאָדעלן אויף אַ שטיק ברוינער לעדער פון שלאַנגען - פעל.

די שיין פון אונטערן אַבאַזשורל איז געפאַלן אויף זיין פּנים, וואָס איז איצט געווען מיד און באַגאָסן מיט שווייס. מירל האָט אים געוואָלט מאַכן אַן איבעראַשונג און איז אויף די שפּיץ-פינגער אַריינגעגאַנגען און געבליבן שטיין אַנטקעגן אים. ער האָט אויפגעהויבן די בליקן און אויסגערופן פאַרוווּנדערט:

— מירעלע, דו ?!

זי האָט זיך שווערלעך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ריזיקן שטוים מיט פרישער לעדער, אָפּגעאָטעמט פרייער, צעבינדן די שלייפן פון דער פאַטשיילע און זי אַראָפּגענומען פון קאָפּ. זי האָט געווישט דעם שווייס פון פּנים און פון האַלדז און עפּעס ווי ניט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט.

דער שוואָגער האָט איילנדיק אַרויסגענומען אַ פלאַש מיט קאַלטער וואַסער וואָס איז געשטאַנען אין אַ קעסל מיטן לעצטן ביסל צעגאַנגען אייז. אָנגעפילט אַ גלאָז און עס איר צוגעטראָגן:

— טרינק, מירעלע, און וועסט דיך אָפּקילן אַ ביסל.

זי האָט זיך ניט געלאָזט בעטן און אויסגעליידיקט דאָס גלאָז.

— גיב נאָך איינס, סענדערל, ווייל איך ווער פאַרשרפהט. נאָכן אויסליידיקן דאָס צווייטע גלאָז, האָט זי זיך באַרויקט און שמייכלענדיק אויסגערופן:

— ווי, מען קען דאָך דאָ ווערן דערשטיקט, סענדערל. די שטאָט, די מענטשן, זעען אויס כמורנע... סענדערל, וואָס קומט דאָ פאָר ?...

אַנשטאָט איר צו ענטפערן, האָט ער זי אַריינגענומען אין זיינע בליקן און איר געזאָגט:

— וואָס האָסטו מורא צו האָבן, מירעלע, פאַר דער-שטאָט און פאַר די מענטשן ?... פון דיר שמעקט מיט דאָרפישער פרישקייט און מיט אַ כוח וואָס קען ביישטיין אַלע שוועריקייטן, אַלע שטרויכלונגען.

זי האָט געקוקט אויף אים און געמיינט אַז דאָס איז ניט איר שוואָגער סענדערל, יענער רויקער מאַרקסיסט, וואָס האָט מיט זיין וואָרט מיטגעריסן אַזויפיל דער סביבה פון דער קאָלאָניסטישער יוגנט. ער האָט צוגעגעבן:

— די שטאָט, מירעלע, די פּירעכצן פון די מענטשן, זיינען ניט אַזוי פּוסט און זינלאָז ווי מיין טאַטע האָט געמיינט און אורי, מיין ברודער, מיינט עס, דאַכט זיך, ביזן היינטיקן טאָג ?...

— נו, דו מוזט אבער, סענדערל, פארשטיין דיין ברודער!...

— עט — האט ער א מאך געטאן מיט א האנט — אויך איך האב אמאל געמיינט אז נאר די ערדארבעט איז דער פונאמענט פון דער מענטשלעכער ווירדע, פון איר לעבנספרייד...

ער איז אנטשוויגן געווארן, צוריקגעשטעלט אינעם קעסל די האלב-לײדיקע פלאש און פון אויבן דאס גלאז. מירל האט זיצנ־דיקערהייט אויפגעהויבן א שווארצן פארטפעל וואס האט אויף א קופע מיט בײטלען זיך געוואלגערט. מיטן טיכל אים געטריי ארומגע־ווישט, אפגעריבן דעם פארגעלטן שלאס וואס האט אנגעהויבן צו שײנען. זי האט דעם פארטפעל אנגעשטאפט מיט פאפיר און ווי א מוסטער אים אװעקגעשטעלט אויפן טיש.

— טו א קוק סענדערל, ווי דער פארטפעל זעט איצטער אויס.

זי האט אויך אויפגעהויבן א גרויסן, ווײבערשן בײטל, אים ארומגעקוקט, אויסגעגלײכט די קנייטשן און נאכדעם אים אפגעפוצט און אװעקגעשטעלט לעבן פארטפעל.

— א גאטס עבירה, סענדערל, אזא גאלדענע סחורה זאל זיך וואלגערן צווישן בראק...

— דו, מירעלע, וואלסט אין אײניקע טעג איבערגעדרייט דא די גאנצע מאשינעריע... דא פעלט אויס א געטרײע, ווײבערישע האנט.

— מײנסט, סענדערל, ווען איך בלײב דא עטלעכע וואכן, טו איך עס נישט פארדײנעמוועגן!... — איז מירל געווארן געדירט פון זײן צוטרוילעכן טאן. זי האט דערווײל ריין געמאכט נאך א בײטל און אים שוין געשטעלט מיט דעם אפגעריבענעם שלאס צו דער טיר, ווי זי וואלט געוואַרט אַז דער ערשטער אַרײנגעקומענער קונה זאל זען די טײַערע סחורה...

ער האט מיט א פוס אַוועקגערוקט דעם שטוים מיט אפענע פודלעס און האט זיך אנגערופן:

— דא וואלגערט זיך טאקע אַ שטיק פארמעגן, קענסט דאס דיר קוים פארשטעלן.

מירל האט געשוויגן און איז געטרײַ אנגעגאַנגען מיט איר אַר־בעט. ער האט ווידער געמאכט צייכנונגען. די טונקלקייט הינטער די פארמאכטע פענצטער איז געווארן געדיכטער. מירל האט געוואַרט דער שוואגער זאל איר עפעס זאגן, אָבער ער איז געווען ערנסט ווי עפעס אין אים וואלט מיט אמאל אנגעהויבן צו וואָרענען ער זאל ניט זײַן צו איבערגעאײַלט.

מירל האט געטראַכט: ווען איר אורי האט שוין זײַן אײגענע פאבריק, וואלט ער ניט געווען אזוי אַליין... דא וואלט זיך אזא בלו־

טיקע האָרעוואַניע ניט געוואָלגערט... זי אַליין וואָלט זיך נאָר אַרויס־געבאַפּט אין גאַס זיך צו זען מיט די מינאָריסטן... אסור צי עמיצן וואָלט איינגעפאַלן, אַז זי איז אַ דאָרפּישער מענטש. גראַד איר גלייַכער צוגאַנג צום סוחר, איר אמתדיקייט וואָלט, מיינט זי, געהאָלפן צו דער פּרנסה. ווען זי שעמט זיך ניט פאַר סענדערלען, נעמט זי די דאָזיקע סחורה און שטעלט זיך אַוועק אין די פּעריעס... מען לאָזט אַ ביסל ביליקער און מען ליידיקט אָפּ דאָס פּלאַץ און מען פּילט דאָס אָן מיט נייַער, מיט בעסערער סחורה...

זי האָט אויפגעהויבן צו אים די בליקן און געפרעגט:

— אַלע טאָג, סענדערל, בלייַבסטו דאָ אַזוי שפּעט?

— ווי אַמאָל. גראַד לעצטנס איז דאָ אַלץ ווי ערב אַ קאַטאַס־טראָפע. — האָט ער זיך באַקלאָגט. איך מוז דאָ לאַנג וואַרטן אויף אַ מענטשן, און אַ סך מאָל — וואַרט איך גאָר אומזיסט...

— וואָס־זשע, אַלע שטאָטישע זייַנען עס אַזעלכע לייַכטזיניקע? וואָס הייסט מען זאָגט צו און מען האַלט ניט קיין וואָרט?...

ער האָט געשמייכלט און זי אָפּגעגאָסן מיט אַ ים וואַרעמקייט און אָפּשיי. עס זייַנען אַוועק איייניקע מינוט, דער אַלטער זייגער אויפן שרייַבטיש איז שוין געווען נאָך אַכט. סענדער האָט אַראָפּגע־שאַרט די אַרבל פון העמד, פאַרשפּיליעט דעם קאָלנער און זיך אָפּ־געוואַשן מיטן וואַסער פון קעסל, אָפּגעווישט דאָס פּנים און נאָכ־דעם האָט ער אַרויסגענומען פון שופלאָד זייַן טעקע מיט די וועקס־לען און זי דערלאַנגט דער שוועגערן.

— הער שוין אויף צו אַרבעטן!... האָט ער זיך גוטמוטיק גע־בייזערט, דו מאַכסט מיך פאַרדינען אַ צענערל און די גאַס וועט ביי מיר צונעמען הונדערטער טויזנטער פּעזעס!... דאָס לעבן, דאָס רעכן נעמט זי ביי מיר אַוועק!...

אין דעם האָט זיך אַהין אַרייַנגעשטעלט אַ מיטלוווקסיקער ייִד, מיט אַ ברייט, געקאַרבט פּנים און מיט אַ מידקייט אין די אומעטיקע אויגן. ער האָט אַראָפּגעשטעלט זייַנע צוויי וואַליזעס מיט בייַטלען און זיך ווי אַ קלאָץ אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בונט מיט לעדער. ער האָט אויסגעצויגן די צוויי שווערע געשוואָלענע פיס און אָן אויפהער, נישט רעדנדיק קיין וואָרט, געהאַלטן אין אייןווישן דעם שוויים פון פּנים און פון האַלדז.

מירל האָט מיט רחמנות געקוקט אויף אים און באַלד אויף דעם שוואָגער, וואָס איז געוואָרן אומרואיק, בלייך און דערשראָקן...

דער ייִד האָט זיך ווי עס איז באַרואיקט, אומווילִיק אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ קאָנווערט מיט וועקסלען און אים דערלאַנגט סענדערן.

סענדער האָט גיך אַרויסגענומען די וועקסלען און זיי כמעט נישט אָנגעקוקט רעכט, האָט ער זיי אין איינעם מיטן קאָנווערט, אַ וואָרף געטאָן אויפן שרײַבטיש און אויסגעשריען נישט מיט זײַן קול:

— דו ביסט אַ טשאַמבאַן און נישט קיין פּאַרקויפער!... די אַלע שמאַטעס האָבן שוין אויף זיך זעקס חתימות!... זיי קענען שוין מער נישט גיין אַהין און צוריק, פאַרשטאַנען, דאָן כאַקאַבאַ?...

מירל האָט צום ערשטן מאָל זינט זי האָט אים געדענקט, אים געזען אַזאַ אויפגערעגטן און פאַרצווייפלטן. דער אויסזען זײַנער האָט איר געשראָקן. דער פאַרקויפער האָט צענומען די הענט און זיך געגרייט אויפצוווײַזן, מסתמא, אַז די וועקסלען וועלן מיט דער צײַט געסילוקט ווערן און דאָן סערכיאַ מוז האָבן אַביסל געדולד און נישט אײַנרײַסן מיט זײַנע געשווירענע קליענטן. סענדער האָט אים אָבער נישט גע־לאָזט קומען צום וואָרט: — איר וועט מיך טרײַבן צו באַנקראָט!... נישט געדאַרפט אָפּזעצן אַזויפיל סחורה!... איך האָב אײַך פריער געוואָרנט, רב יעקב!...

דעם ייִדנס אויגן האָבן זיך צעטאַנצט ווי זיי וואָלטן פאַר בושה געזוכט צו אַנטרינען ערגעץ. איצט איז ביי אים דער שווייס אויפן פּנים געפאַלן אַזוי האַסטיק, גלײַך ער וואָלט ערשט אַרויס פון אַ שוויצבאָד. ער האָט צענומען די הענט און זיך געווענדעט צו מירלען, וואָס האָט דערווײַל, כדי נישט צוצוזען דעם ייִדנס אומבאַהאָלפנ־קייט, ווידער געריניקט דעם שלאָס פון אַ פּאָרטפעל — אין גאַס, סעניאָרא, איז אַ שריפה... — האָט ער זיך באַקלאָגט, איין מענטש געטרויט נישט דעם צווייטן. אַ סך פאַבריקן זענען שוין געשלאָסן, אָבער איך גלויב פאָרט אינעם גוטן ווילן פון די ערלעכע מענטשן.

— איך האָב שוין גענוג באַצאָלט פאַר מײַנע גלויביקײַשן! האָט סענדער זיך געקאָכט. איך וועל מער קיינעם קיין 5 סענט נישט גע־טרויען! איר הערט כאַקאַבאַ? אויך מײַנע קרעדיטן זענען איינגע־שרומפּן!...

— צאָלט מיט וועקסלען!..

— וואָאָס?... — האָט סענדער געטאָן אַ קוויטש און מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ. די וועקסלען אײַערע קענט איר לייגן אויפן פײַער!....

דעם ייִדנס לויזע זעקעלעך אונטער די אָנגעצונדענע אויגן, זע־נען מיט אַמאָל געוואָרן מער אויפגעבלאָזן. אויף זײַן פּנים האָבן זיך געמיניעט דינע, פאַרשעמטע שמייכעלעך. סענדער האָט געכאַפּט דאָס רעקל פון הענגער, עס גיך אַרויפגעצויגן אויף זיך און אַרויס פון פאַ־בריק. מירל האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. נאָר דער ייִד האָט זיך

שווער און קרעכצנדיק אויפגעהויבן, זיך אַ ווײַלע געשושקעט און באַלד נאָכגעגאַנגען סענדערן און אַרײַנגערעדט אין דער טונקלקייט פון הויף:

— דאָן סערכיאַ, האָט נאָך אַ ביסעלע געדולד, איך האָב איצטער געמאַכט דרײַ גוטע קליענטן און נישט מער ווי אויף נײַנציק טעג!...

— אַפילו אויף קיין נײַנציק מינוט אויך ניט! גענוג, איר און אײַערע קאַלעגן וועלן מיך טרײַבן אין קבר אַרײַן!...

ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרען ביים שלעסל, פאַרגעסנדיק אפּנים, אַז די שוועגערן איז געבליבן אינעווייניק. זי האָט זיך דערנענטערט, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף סענדערלס אַקסל און שווײַגנדיק אים באַזײַטיקט פון דער טיר. דער ייִד האָט זיך ווידער אָנגערופן.

— דאָן סערכיאַ, שוין אַכצן יאָר, אַז איך אַרבעט בײַ אײַך. נו, האָב איך אַמאָל זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט?... אַ קליענטעלע האָב איך אײַך געמאַכט לוימער אַכצענער גאָלד!...

סענדער האָט פאַרשלאָסן דאָס שלעסל אויף די רינגעלעך פון די פאַרהאַקטע צוויי טירלעך און איז האַסטיק אַרויסגעלאָפן. מירל איז אים נאָכגעגאַנגען. נאָר רב יאַנקל איז געבליבן אין הויף.

סענדער האָט אַרײַנגעשריען צו אים:

— דאָן כאַקאַבאַ, וואָס מאַכט איר מיר סצענעס?... אַרבאַ נעמט מײַנע וועקסלען און לײַט מיר ערגעץ געלט אויף זיי! איך וועל אײַך צאָלן פינף פּראָצענט!...

דער ייִד איז אַרויסגעקומען, ער איז געווען ווי אַראָפּגעזעצט און אויך רעזיגנירט. סענדער האָט פאַרשלאָסן, אַרײַנגעוואָרפן דעם בינט שליסלען צו זיך אין קעשענע פון רעקל, גענומען מירלען אונטערן אָרעם און איז גיך געלאָפן מיט איר צום ראָג, וווּ עס איז געשטאַנען זײַן אויטאָמאָביל. ער האָט דערבײַ געערדט אין איין אָטעם:

— ווו, מירעלע, וועל איך נעמען צו צאָלן אין די קורטיעמברעס?... און וואָס זאָל איך מאָרגן זאָגן דעם מאַזשאָריסט, האַ? סײַדן זיי זאָלן זיך נעמען די פּאַרטיקע סחורה!... האָט ער ניט געוואָרט אויף איר ענטפער.

— 7 —

פארנדיק אהיים, האט סענדער געפרואווט אויפקלערן דער שוועגערן אז די לאגע וואלט ניט געווען אזוי שווער, ווען ער האט לעבן זיך געטרייע, אייגענע מענטשן!... אורי איז אן אויסטויגער, דער סוחר האט ליב אזא טיפ מענטש, זיין ערלעכקייט, זיין קארעקטקייט וועט אים קיין שאדן ניט ברענגען. די דריי זין וועלן אויך ווערן פארקויפער, וויאכאנטעס... און די מיידלעך וועלן זיך אפגעבן מיט איינצל־פארקויף. זיינע שיקסעס, די אנגעשטעלטע און די פאבריקארבעטערינס, פירן דא דאס רעדל און ער איז פארטאן אין אומלויפן אין די בענק, אין די קרעדיט־קאאפעראטיוון און צו קליענטן וואס צאלן און צאלן ניט... אווראי איז שווער ביז מען קומט צו עפעס... אבער דער אלטער הויף האט זעקס צימערן, מען וועט אים גוט רעמאנטירן און מירל וועט האבן א פיינע וווינונג. וואלט די איידעלע זיינע ניט געוואלט נאכשפרינגען אירע חברטעס, וואלט מען איצט זיך ניט געדארפט שרעקן אזוי פיל... דער נייער דעפארטאמענט, דאס מעבל און אלע אנדערע שמאכטעס, האבן אים אפגעקאסט א פארמעגן...

— איצט, מירעלע, איז שווער צו זיין אן ערלעכער מענטש און דערצו נאך — א סוחר... פון אלע זייטן ווי דו ווענדעסט נאר דיין בליק, לויערן אויף דיר פיפיקע שווינדלערס און איין פאלשער שריט, איין שוואכקייט דיינע, און דו ביסט א פארטיקער. ווי רויב־פייגל ווארפן זיי זיך אויף דיר, מע רייסט פון דיר לעבעדיקע שטיקער, פארלירסט דיין ווערט, דיין שיינעם נאמען. אבער ווען איר זאלט אהער קומען — וואלט די לאגע געווען גאר אן אנדערע.

דעם קאמף קען מען דערוויל פארדינגען און אויך לייען אויף אים א געוויסע סומע, כדי צו פארגרעסערן דאס געשעפט. די מאמע וועט קענען זיין ביי אים, סענדערן. איידל איז א גוטע נשמה. דורכויס פרוי און מאמע. מען דארף נאר, מירעלע, האבן צו איר א ביסעלע געדולד. זי קומט טאקע ניט ארויס פון אזא דור ווי מירל און ניט ווי ער, סענדער און זיינע שוועסטער און ברידער. זי איז א גרויס־שטאטישע אבער מען קען מיט איר לייכט אויסקומען.

אזוי רייִדנדיק האט ער, און ניט מירל, געפילט ווי די מינוטן זיינען גיך אריבער. ערשט ווען ער איז צוגעקומען נאענט פון זיין שטוב, האט ער אביסל פארהאלטן דאס רעדל פונעם אויטאמאביל און אנגעשטעלט אויף מירלען זיינע בליקן. זי האט ארויפגעלייגט איר האנט אויף זיינער און זיך אנגערופן:

— ווי עס זעט אויס, סענדערל, מאַכסטו איצט דורך אַ שווערע צײַט! איך האָב עס מיר ניט פאַרגעשטעלט...

— ניט נאָר איך, מירעלע נאָר דער גאַנצער מיטלקלאַס, דער קלײנבירגער און די מערהייט פון פאָלק, ווערן איצטער צעריבן צווישן די אײַזערנע ציינער פון דער רעאַקציע... אָבער זיי אַליין וועלן שפּײַען מיט בלוט!... געדענק וואָס איך זאָג דיר!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַראָפּגעדרייט די שויב פון פענצ־טערל און אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. דער פּאַרק, האָט ער געזען, איז געווען פול מיט מענטשן. איבער אים האָט גערוט אַ גרויער הימל מיט כמאַרעס מיטן קאָליר פון צעשרפהטן קופּער. אַ רויטע לבנה, ווי אַ פײַערדיקע קויל, האָט זיך אָנגעהויבן צו ווײַזן אויפן מזרח־האָ־ריזאָנט. ער האָט אומגעדרייט דאָס פּנים צום גאַסט און איבערגעריסן די שטילקייט:

— די גרויסע שטאָט, מירעלע, גיט דעם מענטשן אַ סך, אָבער מען מוז אויך זײַן ווי אַ רויב־חיה... דו הערסט מירל, צי נײן?... ווען איך זאָל וועלן ווערן אַן אָנזעצער, וואָלט איך אויסגעמיטן אַלע מײַנע ערגערנישן... און אויב מײַנע קליענטן וועלן מיר ווידער שטי־קן, דעמאָלט, מירעלע!...

עפּעס האָט זיך ווי פאַרהאַקט ביי אים אין האַלדז.

ער האָט צעפּראַלט דאָס טירל, אָנגענומען מירלס האַנט און איר געהאָלפן אויסשטײַגן, ער האָט פאַרשלאָסן דאָס טירל פון אויטאָמאָ־ביל און אַרויפגעפירט מירלען ביזן וועסטיבול. ער האָט געמאַכט ליכ־טיק און פון דאָרטן האָט ער דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר זי אַרײַנגעפירט אין זײַן זאַלכל, געמאַכט ליכטיק און איז אַוועק אין באָד־צימער זיך מאַכן אַ קאַלטן טוש. מירל האָט גענומען דערווײַל פון טיש די אָוונט־צײַטונג, דורכגעקוקט די ערשטע קעפּלעך און באַלד אָנגעהויבן צו זוכן צווישן די נײַעסן. זי האָט גלײַך דערזען די מעלדונגען וועגן אַ צאָל ייִדישע און ניט ייִדישע סוחרים וואָס האָבן זיך דערקלערט אין באַנקראָט אויף שווערע מיליאָנען.

זי האָט זיך צונויפגעלייגט די צײַטונג און זי באַהאַלטן אונטערן קישן, כדי דער אויפגערעגטער שוואָגער זאָל ניט לייענען וועגן די באַנקראָטן. זי האָט אין הארצן געבעטן גאָט, אַז סענדער, זאָל מיט איר מער ניט רעדן וועגן זײַן לאַגע און ניט וועגן די בריוו, וואָס ער מיט זײַן איידעלן, האָבן לעצטנס געהאַלטן אין פּאַטשעווען צו איר און נאָך מער, צו דעם ניט נאָכגיביקן אורי.

מירל איז געווען ווי אין אַ קלעם. זי האָט זיך אַלץ ניט געקענט אָפּזונדערן פונעם שוואָגערס צאָרן צום איבערפאַרקויפער. דער שווע־

דער אײַנדרוק האָט ווי אַ שאַרפֿער ווייטיק געפּרעסן איר געמיט און זי ניט געלאָזט רוען. אַזוי, אַט־אָ, אַ פּאַרטיפּמע אין זיך, האָט זי ניט געהערט ווען דער שוואָגער איז אין לײַכטע שטעק־שיך אויף די באָרוועסע פֿיס, געקומען צוריק. פֿון די גרויע שלייפֿן האָבן נאָך אַראָפּגעריזלט טראָפּנדלעך וואַסער. זיי האָבן זיך אַרײַנגעגליטשט אין אַ נעם אָפּענעם קאָלנער פֿון גרויען באָדמאַנטל. סענדער האָט געטאָן אַ קלינג מיטן טיר גלעקל און מירל האָט אַ צעשטרײַטע אויפֿגעהויבן צו אים די האַלב פֿאַרשלאָפֿענע בליקן:

— איצט, סענדערל, זעסטו אויס רואיקער, דאַנקען גאָט!... רואיקער און היימישער!...

אין דער רגע איז דאָס שטוב מיידל, אינעם שטײַפֿן, ווייסן פֿאַרטוך, צוגעלאָפֿן צו דער טיר, זיך פֿאַרנייגט און מער מיט די אַלץ־וויסנדיקע־אויגעלעך, ווי מיטן מײַלכל, געפֿרעגט:

— וואָס וויל דער הער פּאַטראָנסיטאָ?

— ברענג מיר טשינאַ עטלעכע פֿרישע סאַנדוויטשן פֿון קעז מיט באַמאָן, אַ פֿלאַש מיט שוואַרצן ביר און צוויי גלעזער — האָט סענדער געענטפֿערט.

ווען זי איז אַוועק, האָט ער אין אַ טאָן פֿון דערלײַכטערונג זיך געווענדעט צו דער שוועגערן וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אויף אים די בליקן:

— דו זעסט אויס מיד, מירעלע, אפֿשר זאָלסטו דיר פֿריער געמאַכט אַ קאַלטן טוש?

זי האָט אָפּגעאָטעמט שווער און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן דיוואַן, אַרײַנגענומען אירע הענט אין זײַנע און צופֿרידן, אָן שום אָנשטעל, זיך ווידער אָנגערופֿן:

— סוחרים און פֿאַבריקאַנטן, מירעלע זענען איצטער ווי שטדיקל־ציער. איין איבעריקן ריס און דו ביסט אַ פּאַרטיקער... מען שווימט, מירל, ווי פֿליגן אין אַ גלאָז וואַסער — האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ דינעם חוזק־שמייכעלע.

זי האָט געשוויגן און געהאַפּט צו הערן פֿון אים עפּעס אַזוינס וואָס זאָל ווידער שטאַרקן אין איר דעם גלויבן אַז די גרויסע שטאָט וועט זי, מירלען, מיטן הויזגעזינד הערפֿרייען, זיי געבן אַ נײַ לעבן טאַקע אַ לעבן פֿון האָרעוואַניע, אָבער צווישן ייִדן, גיין אויף ייִדישע יום־טובים, קולטור־אַקטן און די קינדער זאָלן קענען פֿאַרווירקלעכן די שטרעבונגען — לערנען!

אין דעם איז שוין די טשינאַ געקומען צוריק, אַוועקגעשטעלט

אויפֿן שרײַבטיש אַ טעצל מיט די באַשטעלטע זאַכן און שווײַגנדיק געקוקט צום באַלעבאָס.

זי האָט געוואַרט אויף זײַנעם אַ באַפֿעל.

סענדער האָט אויפֿגעמאַכט די פֿלאַש און האָט אָנגעגאָסן ביר אין די גלעזער. ער האָט דערלאַנגט דער שוועגערן אַ פֿולע גלאָז און האָט געטרונקען צו איר לחיים.

מירל האָט געזופּט פּאַוואָלינקע און מיט אַ באַוועגונג פֿון אַ האַנט, געהייסן דער טשינאַ גיין פֿונוואַנען זי איז געקומען, נאָכדעם איז אַוועק אַ גערעדעריי וועגן אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין די קאָלאָניעס, און וועגן דעם איצטיקן נײַעם דור, וואָס איז ווי איבערגעשפּאָלטן, און נאָר גע־ציילטע זענען געבליבן אין קאָלאָניע און זיי גייען אין די אַמאָליקע דרכים פֿון טאַטע־מאַמע.

סענדער האָט איר דערלאַנגט אַ סאַנדוויטש און אויך גענומען איינעם פֿאַר זיך. מירל האָט באַמערקט זײַן אומרואיקייט און אויך ז י איז געוואָרן אומרואיק, וואָס מער זיי האָבן גערעדט, אַלץ קלאָרער איז איר געוואָרן אַז דער שוואָגער וואַרט אויף איר באַשטימונג, אַז ער וויל ניט נעמען אויף זיך די גאַנצע אחריות, מיטן פֿאַרקויפֿן דעם קאַמפּ אַראָפּברייענגען אַהער דעם ברודער, מיטן איבעריקן הויזגעזינד.

מירלען איז געוואָרן היים, עס איז איר אויך געווען שווער אַראָפּ־צושלינגען דעם ביסן. אירע בליקן זענען געוואָרן ברייט און מאָנענדיק. זיי האָבן געהאָנגען אויפֿן שוואָגער און געוואַרט אויף זײַן באַשטימונג. מיט אַמאָל און גאָר אומגעריכט האָט אויף איר אַ שלאָג געטאָן דער ריח פֿון פֿריש־צעאַקערטער ערד, פֿון גרינעם גערשטן מיט ווייץ, וואָס כוואַליעט זיך איצט אונטער דער ברענענדיקער זון. פֿון צווישן די זאַנגען האָט זיך ווי צעַרויסגעהויבן די באַטיכלטע שוויגער, וואָס האָט דאָרטן אויסגעקליבן די פֿריש געלייגטע אייער פֿון די הינער נעסטן און האָט דערווייל גערעדט צו איר, מירלען:

— דו ווייסט, מײַן קינד, אַז דער כח פֿון שלעכטס ברענגט אום די וואָס שאַפֿן אים!

— איך ווייס עס, שוויגער, אָבער דער כוח פֿון שלעכטס איז ווי אַ ווירוס, ער צעשטערט, צעפֿרעסט, ניט נאָר דעם גוף פֿון זײַן קרבן, נאָר אָפּטמאָל אויך זיין נשמה.

— יוויס איך ! — האָט די אַלטע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַרײַנגעלייגט עטלעכע אייער צו זיך אינעם אויפֿגעהויבענעם פֿאַר־טוך. — אַט, מירעלע, שטייט לעבן דיר אַן אַלטע ייִדענע, וואָס האָט שוין, דאַנק גאָט, איבערגעלעבט אַ סך שלעכטע הערשער מיט זייער גאַנצן קלאַפּער־געצײַג... דער בידנער מענטש, מירעלע, איז ניט מער ווי אַ נסיון. איין שלעכטער טראָט — און אַלץ איז ווידער אויף דער

וואגשאל. מאל דיר, אז ניט איין מאל האט דאס צינגל פון דער וואג־שאל אויסגעלאכט די קליגסטע און אפילו די זיכערסטע און זייערע קענטעניש, צעבראכענע כלים, מײַן קינד, קאן מען ווי עס איז פאלא־דיען, אבער קיינמאל ניט מאכן צוריק גאנץ.

— יא, שוויגער, איר זענט גערעכט. קיינער צווייפלט ניט אין אײַערע גוטע כוונות אבער איך ווייס, אז די שעדלעכקייט איז אפטמאל ווי דער 'פולגאן", ער קריכט אין דער נידער און ער צעפרעסט די תבואה בײַז צו די ווארצלען. מירל האט הערפילט אויף זיך דעם שווא־גערס א בליק און זי האט זיך אנגערופן:

— איך טראכט איצט, סענדערל, וועגן דער מאמע... איך האב זי ערשט ממש געזען, און געהערט רעדן...

— די מאמע? האט ער קײַענדיק אויסגערופן. מײַנסט עס טאקע ערנסט, מירעלע?

— וואס איז דא פאראן צו זײַן ניט ערנסט? וואס איז דען — מען מוז דווקא נעמען פון דעם אויער אויף קאפויער? איך מײַן, אז סענדערל, אז מיר האבן נאך געווג צו לערנען פון דער מאמען — האט זי צוגעגעבן מיט ליבשאפט. אין איר גאנצן כאראקטער איז ביי איר פאראנען א פונק פון דבורה הנביאה. דער מאמעס פעסטקייט, איר גלויבן אז דאס גוטע וועט בײַקומען דאס שלעכטע, דאס שעדלעכע — איז ממש ווי א שטיק פון איר אליין.

— ווי אזוי מירעלע, האט אויף איר געווירקט דער פסיכאז פון די היגע נאצים? זי ווייסט וואס עס קומט דא פאר, אדער זי איז שוין פארטון אין צופיל טראכטן וועגן איר עלטער?

— זי ווייסט, סענדערל, און דאס וואס זי באנעמט ניט מיטן גראדן שכל, דערפילט זי מיטן חוש... און איר חוש, וויל איך דיר זאגן, איז געזונט.

— מיינסטו צו זאגן אז די מאמע, זאל געזונט זײַן, נעמט טאקע ערנסט די אלע פינצטערנישן וואס בושעווען אין אונדזער לאנד?

— ניין האט מירל געענטפערט און האט געטון א זיפ פונעם ביר. אין דעם זינען איז די מאמע פול מיט גלויבן אז אלדאס בייז וועט גיך פארבײַ. איר חוש איז אזוי גוט ווי אונדזער וועגווײַזער...

— וואס זאגט מײַן ברודער וועגן דער איצטיקער לאגע? — האט ער איר איבערגעשלאגן.

— און וואס, סענדערל, איז דײַן מיינונג? — דו ביזט דאך עפעס פון די אלצווייסער.

— יעדער פארזוי, מירל, א גוטער צי א שלעכטער, וועט מיט דער צײַט ברענגען זײַנע פרוכטן. דא ווערן באגאנגען אזעלכע אכזריותן וואס וועלן מיט דער צײַט ווירקן אויף דער באציונג צו די פירער פונעם

לאַנד. זיי, און נאָר זיי, מוזן מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן די געוויקסער פון סם...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אויסגעטרונקען דאָס לעצטע ביסל ביר און מיט רוגזע אַוועקגעשטעלט דאָס ליידיקע גלאָז.

מירל האָט אומניחאדיק געקנײַעט און מיטן געדאַנק זיך ווידער אי־בערגעטראָגן אַהיים: זי ווייסט אַז אורי מיט די קינדער זענען גראָד ניט זייער איבעראַשט פונעם נאַציִשן עיפּוש, וואָס דרינגט ביסלעכווײַז אַרײַן אין די הערצער פון די פּרימיטיווע, ערלעכע קרעאָלן. זיי ווייסן שוין הײַנט, ווער עס איז אַ ייִד און ווער — אַן אויסלענדער פון זעל־ביקן גלויבן וואָס זיי... זי, ווידער, איז חוזקא יאָ אומרויִק. דערצו פאַר־דריסט עס איר וואָס גראָד די נאָענטע שכנים, די וועלכע מען האָט אַמ־מערסטן געהאָלפן און ליב געהאַט — אַז אויך זיי לאָזן זיך פאַרפירן. זי דערקענט עס פון זייער אַנגעצויגענער העפלעכקייט און פון דער שטומענדיש מיטן דינעם שמייכעלע אַרום מויל. זיי האָבן, ווי עס זעט אויס, טאַקע פאַרגעסן איז דעם גוטס וואָס ייִדן האָבן זיי אַהערגע־בראַכט. אַ גאָב פון קענטעניש, פון לערע, ווי אַזוי ליב צו האָבן די אַרבעט און טאַקע שעצן די ערד, אויף וועלכער מען לעבט.

סענדער, וואָס האָט דערוויַיל געהאַלטן אין איין שרײַבן און מעקן די ציפערן אין זײַן נאָטיץ־ביכל, האָט אויפעהויבן צו איר די בליקן און היימיש און ליב, געשמייכלט. ער האָט אויך באַמערקט די טיפע קניי־טשן אויף איר שטערן און אַרום דעם פאַרשטעלטן מויל. ער האָט אַרויסגעפילט אירע זאָרגן, אירע מאַקלענישן, און האָט געזוכט זי צו טרייסטן. נאָך אַ לענגערן טראַכטן, האָט ער איבערגעריסן די שטילקייט:

— איך בין זיכער, מירעלע, אַז מײַן ברודער אורי און די קינדער זענען ניט קיין שוואַכלינגען. זיי וועלן גיבן צוריק, אויב עס וועט נאָר זײַן נויטיק! — האָט ער אויסגערופן מיט פאַרדרוס. קיינער, מירעלע, איז דאָך ניט שטאַרקער און פאַרביסענער, ווי עס איז געווען דער סטעפּ, און מיר האָבן די ווילדקייט געבויגן, געצוימט. מיר האָבן פון פאַר־וואָרלאָזטער רויערד, נאָך לאַנגע יאַנגלענישן, געמאַכט בלומען־גערט־נער און געבראַכט שפע פאַרן גאַנצן לאַנד.

— וועגן אורין איז גאָר ניטאָ קיין ספק! — האָט זי אויסגערופן מיט שטאָלץ. און זײַן ליבשאַפט צום קרעאָל האָט זיך גאָרניט געביטן צום ערגערן. פאַרקערט, עו זוכט נאָר זיי אויפצוקלערן דעם גאַנצן פאַסקודנעם ענין. נאָר איך, סענדערל, איך בין די איינציקע וואָס האָב אַנגעוווירן דעם צוטרוי... דער גרויסער אומגליק פון אונדזערע ברידער אין אייראָפּע, זייער פאַרטיליקט ווערן — האָט מיך אויפגעטרייסלט פון מײַן גלויבן!... פאַרגעס ניט, סענדערל, אַז די וועלט האָט עס צו־געקוקט און געשוויגן און אפשר זיך נאָך געפרייט דערבײַ...

— די וועלט, מירעלע, וועט דאָך אַמאָל געהערן צו די מענטשן פון גוטן ווילן. — האָט ער זי געטרייסט. אין אַלע צײַטן זענען געווען און עס זענען אויך הײַנט פאַראַנען, אַ היפּשע צאָל ערלעכע מענטשן וואָס האָבן גערעטעוועט דעם נאָמען מענטש. פאַרגעס ניט אַז די קריפּלען זענען אייפּערזיכטיק אויף אונדזערע פעיקייטן, אויף אונדזער אונטערנעמונגס-גײַסט — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ געוויסן שטאָלץ.

זי האָט זיך צעהוידעט און זייער שטיל איבערגעחזרט עטלעכע מאָל:

— נו, זאָלן זיי, סענדערל, האָרעווען אַזוי ווי מיר האָבן געפּראַצעוועט און טוען עס נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג. יעדער זעמדל אין קאָלאָניע, איז ממש דורכגעווייקט מיט אונדזער שוויים, מיטן בלוט און מיט די טרערן.

— אָט אין דעם, מירעלע, גייט עס דאָך! ניט ז יי ווילן אַרבעטן און ניט זיי ווילן אַז מיר זאָלן זיין אַזעלכע גרויסע מבינים אויף זיי. אונדזער אויסדויער און בריהשקייט, איז דעם שונא ישראל פון אַלע צײַטן געווען ווי אַ דאָרן אין אויג. דערצו מוזטו וויסן אַז די היגע כוליגאַנעס, ווערן געפירט פונעם נאַציישן אַפּאַל, וואָס האָט זיך גערעטעוועט און ווי מײַז פון אַ זינקנדיקער שיף, זיך אײַנגעפּעסטיקט אין אונדזער לאַנד. צוגעהאָלפן אין דעם האָבן דווקא יענע לײַט וואָס האַלטן זיך פאַר די ריינסטע און די איינציקע פּאַטריאָטן...

— יאָ, אמת, דאָס נאַצישע איבערבלײַבעכץ געפינט נאָך גענוג אָנהיינגער ביי אונדז אין לאַנד! — האָט זי ביטער געשמייכלט.

— „נישטאָ קיין שלעכטס וואָס זאָל דויערן הונדערט יאָר" — האָט ער מיטן אַרגענטינישן פאָלקס-ווערטל, געזוכט זי צו טרייסטן.

זי האָט ווידער פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער צוקונפט פון אירע קינדער, אָבער דער שוואָגער איז געווען מיד, ער האָט אַלע מאָל געטאָן אַ דרימל, זיך אויפגעכאַפּט מיט אַן או וואַ, מירל, וועסט מיר מוחל זײַן. צום סוף האָט ער פאַרצויגן די אויגנדעקלעך, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, און ווי אַן אַלטער, אויסגעשעפּטער מאַן, אָנגעהויבן שנאָרכען. מירל איז געבליבן שטיל און מיט אַ בליק פון באַדויערן, געקוקט אויף זײַנע גרויע, שיטערע האָר און אויף די צעפּאָכעטע נאָזלעכער. זי האָט אין געדאַנק געפּרווט פאַרגלײַכן דעם שוואָגער צו זײַן צווילינג-ברודער, איר מאַן. אורי איז קיין בייז אויג, יונגליש, און פעסט ווי אַ יונגע פּאַלמע. אורי זינגט און שפּילט נאָך אויף זײַן גיטאַרע מיט דער מאַנדאָלינע. ער גייט אפילו מיט די קינדער אויף די בעלער, וווּהין זיי זיינען תמיד אײַנגעלאַדן. מוידן און יונגע ווײַבלעך האָבן ליב צו טאַנצן מיט אים. צי וואָלט דער שוואָגער, סענדערל, נאָך געהאַט מוט אָפּצוהאָרעווען אַ גאַנצע וואָך אויפן קאַמפּ און נאָך

דעם זיך אויסצופּוצן, און ווי אַ יונגער בחור, אַוועקרײַטן אין שטעטל אַרײַן, כּדי זיך דורכצושמועסן מיט ייִדן וואָס קומען פון דער גרויסער שטאָט?

דערווײַל האָט דער שוואָגער זיך ווידער אויפגעכאַפּט, ראַפּטום אויפגעהויבן דעם קאָפּ און די צוויי רויט־געוואָרענע אויגן, פולע מיט שלאָף און מיט צעמישונג, זײַנען צוגעפאַלן צו איר ווי ער וואָלט מיט די חושים דערשנאַפּט וועגן וואָס דער גאַסט האָט איצטער געטראַכט. ער האָט זיך אויסגעניסט, אָפּגעאָטעמט גאָר טיף, און נאָכדעם אויסגערופן:

— מען טאָר ניט, מירעלע, איבערטרײַבן צופיל. צופיל מעסטן און וועגן האַמעוועט אונדזערע טריט. די צײַט איז איצטער אַ שווערע, קיינער לייקנט עס ניט, אָבער אונדזער לאַנד האָט אַ פּרוכטיקע ערד, אַ ערד וואָס איז געבענטשט פון גאָט. זי וועט, דורך דער אַרבעט פון טויזנטער פלײַסיקע הענט, באַווײַזן ווונדער און ראַטעווען די מאָראַל, דעם גוטן נאָמען, וועלכן אַ סך „פּאַטריאָטן" האָבן מיט זייער אויפפירונג שוין גענוג פאַרטונקלט...

— דאָס לאַנד, האָט ער אויסגערופן מיט פּאַטאָס, — און צעפירט דערבײַ מיט די הענט ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו געבן אַ לעקציע, — דאָס לאַנד, מירעלע, האָט נאָך גענוג ערלעכע אַרגענטינער, מענטשן מיט קלאָרן זינען, און וואַרעמע הערצער, פולע מיט ליבשאַפט צו דער אַרגענטינער מדינה און צום פאָלק — וועלן מיר, אינאיינעם מיט זיי, אַוועקגעבן אונדזערע כּוחות און ווידער אויפהייבן דאָס פאַרשעמטע און אָפּגענאַרטע פאָטערלאַנד!...

אין די רגעס פון זײַן פּאַטאָס, האָט מירל ווידער דערזען דעם אַמאָליקן דאָרפישן סענדערל, דעם אידעאַליסט. זי האָט אים איבערגעשלאָגן:

— ווי מיינסטו, סענדערל, אויך א ו נ ד ז ע ר בײַטראָג, וועט אַמאָל באַלוינט ווערן? אָדער מיר וועלן תּמיד זײַן ווי אַ זאַפּטיקע פּרוכט וואָס מען נאָגט אויס און מען וואַרפט נאָכדעם אַוועק די שאָלעכץ מיט די קערלעך? ביז וואַן, שוואָגער לעבן, וועלן מיר מוזן אָפּקומען פאַר פרעמדע זינד, האַ?

— איך, שוועגערן, האָב קיינמאָל ניט געצווייפלט אַז דער כּח פון שלעכטס וועט פאַרטיליקט ווערן פון זײַן אייגענעם סם!

— סענדערל, דער כּח פון שלעכטס איז אַ סך געפערלעכער ווי דו שמעלסט זיך דאָס פאַר. — האָט מירל אויסגערופן מיט ווייטיק און זיך יתומדיק צעהווידעט.

אין דעם איז גאָר אומגעריכט און וויכערדיק אַרײַנגעלאָפן איידעלע. איר צעשמייכלט פּנימל איז געווען יוגנטלעך פאַרפלאַמט און באַדעקט

מיט טראַפּנדלעך שוויים. זי האָט פאַרוואָרפן די הענטלעך אַרום מאַנס האַלדז: מיט איין בעקל געהאַלטן אין איין גלעטן זײַן קאָפּ און דאָס פּנים, דערבײַ האָבן די פלינקע צוויי אויגן זיגעריש און קעציש גע־לויכטן און געשוביילט.

— אַמאַרסיטאַ דע מי קאָראַסאָן — האָט זי געהאַלטן אין איין איבערחזרן — קערידאַ סערכיסיטאַ!... — ער האָט געשמייכלט, האָט אַרײַנגענומען איר קעפּל אין זײַנע גרויסע, מענערישע הענט, און גוט־מוטיק אויסגערופן:

— שעמסט דיך גאָרניט פאַר דײַן שווער ?... ביז ווען וועסטו בלײַבן ווי אַ קינד, אַדעלינאַ ?

— וואַמאָס, וואַמאָס, אַמאַרסיטאַ! — האָט זי אַ צעפּיעשטשעטע אים איבערגעשלאָגן און דערבײַ געמאַכט אַ ברוגזע מינעלע. — ווען דאָס ווײַב איז קאַריניאָסאַ, באַדאַרף מען איר זאָגן אַ דאַנק און דער־נאָכדעם איר געבן אַ בעסיטאַ...

ער האָט געשמייכלט און אומגערן זיך געווענדעט צום גאַסט, וואָס האָט אַ פאַרגאַפטע געקוקט צו דער צעשמייכלטער איידעלע.

— זעסט, מירעלע, מײַן ווײַבל איז נאָך צלין אַ פאַרליבטע. נו, מיינסטו אַז דאָס איז גאָר ניט ווערט, האַ ?

איידל האָט באַקומען אַ סך ווייכע, זיגערישע שטריכן אינעם שמייכלדיקן פּנימל און זי האָט זיך אָנגערופן:

— זײַ ניט ברגז, מאַריאַ קערידאַ, וואָס איך בין איצט ניט אַרײַנ־געקומען. איך האָב אָנגעזאָגט דער טשינאַ זי זאָל דיך און מײַן סער־כיסיטאַ אַטענדירן. ווען איך וועל ווערן פרײַ, וועלן מיר ווידער פאַר־ברענגען. דערוויַילע וועסטו מיר מוזן אַנטשולדיקן. מײַן טײַערע.

— באַסטאַ, באַסטאַ!... — האָט דער מאַן איר איבערגעשלאָגן און ברגזלעך טראַכגענומען פון זיך אירע הענטלעך — באַסטאַ, איידל...

— אַדעלינאַ!... — האָט זי אויסגערופן און קאָקעטיש אונטערגע־טענצלט אויף איין פיסל.

ווען סענדער איז ווידער געבליבן אַליין מיט דער שווערן, האָט ער יינגליש און נאָכגיביק געשמייכלט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט זײַן ווײַבס צו לײַכטער האַלטונג. נאָך אַ ווײַלע קווענקלעניש, האָט ער צעפירט מיט די הענט און האָט זיך אָנגערופן:

— מײַן איידעלע איז געבליבן די פאַרליבטע פון אַמאָל און ניט מער ווי אַ פרוי... גלויב מיר, מירעלע, עס איז זי מקנא צו זײַן. איך וויים, זי קען מיר ניט אַנטקעגן קומען מיט קיין שום אַנדערע זאַכן.

מירל האָט אין דער רגע טאַקע געזען איידעלעס זאָרגלאָזן לעבן. זי האָט זיך באַמיט צו בלײַבן גלײַכגילטיק און האָט אַרונטערגעלאָזט די אַלצוויסנדיקע אויגן, זאָגנדיק ווי צו זיך אַליין:

— אין קאָלאָניע איז דאָס לעבן קיינמאָל ניט גרינג, קיינמאָל...
ער האָט זי אַרײַנגענומען אין די וואַרעמע בליקן, זיך שווערלעך אויפֿ־געהויבן און איז געגאַנגען אין באָד־צימער. מירל האָט אים נאָכגע־קוקט און דערפֿילט אַ מאָדנע אייפֿערזוכט צו דער שוועגערן. איר דורכ־זיכטיק קליידל פֿון איידעלן באַטיסט, די רויטע שטעק־שיכלעך אויף די ווײַסע, באָרוועסע פֿיסלעך, איר טױעבן ווי אין אַ פֿאַנטאַסטיש וועלטל, האָבן מירלען דערמאָנט אַז ווען אַלץ און אַלעמען האָט זי אַלע יאָרן געטראַכט — נאָר ניט ענגן איר ווײַבערישן אויסזען. אין די שטאַרק־סטע היצן און אויך אין קעלטן און שטורעמס, פֿלעגט זי אַפֿילו אין די נעכט זײַן מיט אורין אין פֿעלד. ביידע האָבן געקוקט צו די כמאַרעס און געוואַרט אַז עס זאָל רעגענען. חדשים־לאַנג האָט מען געוואַרט און געצאַפּלט פֿון שרעק, טאָמער וועט דער שניט ווידער פֿאַרלוירן. האָט יאָ געררעגנט, איז ווידער געווען ביי וואָס צו אַרבעטן, ווײַל וויפֿל דער געדונגענער אַרבעטער טוט אויך, מוז ער אָבער האָבן אונטער זיך דאָס אויג און די געטרײַע האַנט פֿונעם באַלעבאָס. נו, האָט זי דען געקענט לאָזן אורין האָרעווען ווי אַ פֿערד און זי אַליין זאָל אָפּהיטן די הויט פֿון פּנים און די הענט? איצטער לעבט מען אַ ביסל גרינ־גער, די קינדער זאָלן געזונט זײַן, העלפֿן שוין צו. אָבער איר פּנים איז צערינצלט און די דלאָניעס, די פֿינגער — צעשינדן.

מירל האָט זיך דערפֿילט גאָר פֿרעמד אינעם שוואָגערס רחבותדי־קער שטוב. זי האָט געבענקט נאָך איר היימישער ווצרעמקייט, אַפֿילו די שוויגער, מיט איר צופּיל וואָרעניש און רעדן וועגן אַמאָליקע, גוטע צײַטן, ווען ייִדן זיינען געווען סאַמע כשרע נשמות — אַפֿילו זי — איז מירלען געוואָרן צענפּאַכיק ליב און טײַער. מירל האָט פֿאַרמאַכט די אויגן־דעקלעך כדי צו דרימלען אַ ביסל, אָבער די באַטיכלטע שוויגער מיטן קוישעלע אייער אינעם אויפֿגעהויבענעם פֿאַרטעך, האָט זיך ווידער באַ־וויזן אינאיינעם מיטן צעבוואַליעטן ווייצענעם פֿעלד.

—פּאָר, מירעלע, און זײַ מצליח — האָט די שוויגער געזאָגט. ערשט דאָרטן ווסטו, מיטן אויבערשטנס הילף, דיך טאַקע באַרעכענען... די איידעלע זאָל איבערלעבן מײַנע ביינער, אָבער זי איז דאָך פּאָרט גע־בליבן ניט מער ווי אַ שטאָטישער פֿלאַטער־קאָפּ... זי וועט טאַקע טענצ־לען אַרום דיר, אָבער זי וועט קוקן אויף דיר ווי אויף אַ פֿאַרגרעבטער פּויערטע... דיר וועלן ניט פּאַסן קיין רויטע שיכעלעך און ניט קיין פּאַ־טשערקעס. געדענק עס גוט.

— קענען וואָס, שוויגער, זײַנען די אַלע טענות? איך וויל צופֿאָרן אַהין און מיך דערוויסן וואָס זיי טראַכטן דאָרטן וועגן אונדזער קאַמף...
פּאָר, פּאָר! — האָט איר די שוויגער איבערגעשלאָגן און זוניק געשמיי־כלט. — דו, מירל, ביזט אַ דאָרפֿישער מענטש, דערצו אויך אַן איבער־

געגעבן ווײַב. דו וועסט דאַרטן מוזן האָרעווען שווער און וועסט ניט האָבן קיין פֿרייד און ניט די מנוחה וואָס דו האָסט דאָ. דערצו וועט אײדעלע דיך האַלטן פֿון ווײַטנס, זי וועט דיך ניט פֿאַרשטיין...

מירל האָט אויפֿגעמאַכט די אויגנדעקלעך און האָט אַ פֿאַרחידושטע זיך אַרומגעקוקט. זי איז געווען ווי אונטערן אײַנדרוק אַז די שוויגער איז דאָ נאָענט און זי וועט טאַקע באַלד אַרײַנקומען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז גאָר אַרײַנגעקומען דער שוואָגער. ער איז שוין געווען אָנגעטון. ער האָט גענומען פֿון טיש זײַן פֿולע טעקע, אײַלנדיק געכאַפּט אַ קוק אויף זײַן גאָלדענעם האַנטזייגער, און האָט אויסגערופֿן מיט שרעק:

— אוי, וויי! ס'איז שוין באַלד צען, איך טאָר ניט פֿאַרשפּעטיקן. וועסט מיר מוחל זײַן, מירעלע. — האָט ער זיך געווענדעט צו איר — איך מוז שוין צופֿאָרן אין מײַן קאָאָפּעראַטיווע. הײַנט איז דאָ אַ זיצונג און איך וועל דאָרטן טרעפֿן אַלע קאַרפּן־קעפּ אויך.

ער האָט אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם די פֿולע טעקע, געטאָן אַ קוש מירלס שטערן, געזאָגט „ביז שפּעטער" און איז גיך אַרויס. הינטער אים איז געבליבן אַ פּוסטקייט. מירל האָט זיך דערפֿילט אַליין, אײנזאַם. פֿון דער נאַכטיקער בלויקייט האָט זיך דערטראָגן צו איר דאָס צווישטשערן פֿון לערכן און אַן אומעטיק געוויין פֿון עפּעס אַ נאַכט־פֿויגל.

זי האָט זיך אַבלדיק אַ טרייסל געטאָן, אַזוי ווי אויפֿגעשוידערט, באַלד אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אירע דלאָניעס, און מיטן גאַנצן האַרצן זיך געוואָלט צוהערן וואָס צווינס אין איר טוט זיך. זי האָט עפּעס ווי ניט באַנומען איר קומען אַהער און נאָך ווינציקער — דעם שוואָגערס מיט דער שוועגערנס האַלטונג.

גאָר אומגעריכט האָט זי ווי דערזען דעם אומבאַהאָלפֿענעם דאָן כאַקאַבאָ, מיט די צוויי שווערע וואַליזן. זי האָט געהערט זײַן געבעט:

— דאָן סערכיאָ, גאָט איז מיט אײַך!... איך האָב דאָך אײַך געדינט קאַרגע צוואַנציק יאָר. איך האָב אײַך געמאַכט אַ קליענטעלע, דאָן סערכיאָ!...

ביי וואָס איז דער ייִד געבליבן, האַ?... ווער וועט אים איצטער גיבן סחורה?... ער האָט מסתמא אַ ווײַב מיט קינדער, וואָס ער דאַרף אויסהאַלטן. ער איז, ווײַזט אויס, אַ קלײנער אויסטויגער.. און איר אורי מיט די דרײַ געראָטענע זין, די געזונטע דאַרפֿס־מענטשן — זיי וועלן זיך דען יאָ אויסטויגן צו גאַסן־האַנדל? זיי ווייסן דאָך אַוודאי ניט פֿון די סוהרישע דריידלעך און שפּיצלעך. אויך זיי וועלן אומגיין מיט פֿולע וואַליזעס און מען וועט זיי אָפּשינדן, ווי מען שינדט אַרום פּעטע, גוט אויסגעהאָדעוועטע גענדז. סענדערל וועט שרײַען:

— טויגעניכטס, פּויערים, איר וועט מיך טרײַבן צו באַנקראָט!...

מירל האָט מער ניט געוואָלט טראַכטן. זי האָט געוואַרט צו דער

שוואַגער זאָל זיך צוריקקערן און דעמאָלט וועט אַלץ מוזן ווערן באַ־שטימט. זי האָט זיך אויפגעהויבן און האָט גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק. ביסלעכווייז און ממש ווי איר אויף צולהכעיס — איז דאָס צי־מער געוואָרן ווי אָנגעפילט מיט; שוואַגערס קולות. דערצו האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָן כאַקאַבאַ און אורי מיט די קינדער, זענען געזעסן אויף די פּולע, פאַרשטויבטע צוריקגעבראַכטע וואַליזן און פאַרומערטע געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פון די פּנימער און פון האַלדז. זיי האָבן פאַרחושכטע און אומבאַהאָלפענע, אויסגעמיטן צו קוקן צום צע־רייצטן סענדערל, וואָס האָט אַרויכגעקוקט צו זיי פון הינטער אַ שטוים לעדער און יסורימדיק זיך געבראָכן די פינגער פון די הענט און געוואַל־דעוועט:

— טויגעניש, פּויערים, איר וועט מיך טרײַבן צו באַנקראָט...

זי האָט אָבגעטאָטעמט שווער און אין געדאַנק זיך געזאָגט: עס זאָל נאָר אויסגיין צום גוטן, ליבער גאָט אין הימל!

זי האָט גענומען אַ פּעכערל וואָס איז געלעגן אויפן שרײַבטיש און האָט אָנגעהויבן צו פאָכען נאָענט פון איר פאַרפלאַמט, אָנגעהיצט פּנים. אָבער די רויִקייט איז ניט געקומען. איר האָט זיך אָנגעהויבן צו דאַכטן אַז איר אורי איז געשטאַנען צווישן די קווייטן פון דער „נאַכט־דאַמע", הינטערן אָפענעם פענצטער, און ער האָט שטיל און שכּלדיק גערעדט צו איר:

— נו, מירעלע, דו ווילסט טאַקע ווערן אַ שטאָטישע, גוט, וועל איך דיר נאָכגעבן... אָבער געדענק אַז מיר, דאָ, האָבן ווינציקער מורא פאַר די שווערע צײַטן ווי זיי, די שטאָטישע... אונדזער ערד איז פּרוכטיק און גוטווייליק. זי איז ווי אַ גוטע, געטרײַע מאַמע. וויפל דו זאָלסט איר ווייטאָן, וועט די מאַמע, אין שווערע צײַטן, דיך ניט פאַרלאָזן... און אויב, מירעלע, מיר וועלן אַמאָל יאָ באַשטימען אַרויסצורײַסן זיך פון איר, וועט דאָס זיכער ניט זײַן אויף צו ווערן גרויסשטאָטישע פאַר־קויפער, גאַסן־טרעגער...

זי איז געוואָרן נאָך מער צעטומלט און די צו גרויס געוואַ־רענע בליקן האָבן געלויערט אויף די פונעם ווינטל צעוויגטע קווייטן. זי האָט אָפּגעאָטעמט שווער און געטראַכט:

— ווען זי זאָל זײַן איבערגלויבעריש, וואָלט זי אפילו געקענט שווערן אַז איר אורי ווייסט איצט וועגן אירע טראַכטענישן מיט דער אומבאַשטימטקייט.און אַז ער האָט דורכן געפיל געשיקט צו איר די דאָזיקע שוין ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען און וואָרענישן.

וואָלט ניט געוועזן אַזוי שפּעט, וואָלט זי גאָר געדאַרפט צופאָרן צו אורים אַן עלטערן ברודער, וואָס וואוינט אין אַ בײַשטעטל. אָבער זי איז מיד און דערצו פּאַסט עס ניט פאַר דעם בידנעם סענדערל דעם געבער,

אומשטיינסגעזאָגט. אָבער ער וועט זי היינט ניט אַפּלאָזן פון אויג. ער וועט באַלד קומען צוריק און עס וועט זיכער אַוועק אַ שמועס וועגן תכלית... און זי מוז אַצינד זיין וואַך און אויסהאַלטן. צי האָט זי דען אַ רעכט צו טראַכטן, נאָר וועגן זיך אַליין און זיך שפּילן מיט די לעבנס פון גאַנצן הויזגעזינד? ווי עס זעט אויס הענגט איצט דעם שוואָגער סענדערלס רייכקייט ווי אויף אַ האָר... ער אַליין האָט עס איר דורך האַלבע ווערטער פון ביטערניש, שוין אַרויסגעזאָגט איר טוט עס לייד. זייער שטאַרק לייד. זי הייבט גאָר ניט אָן צו פאַרשטיין ווי אַזוי די איידעלע רייסט פון אים לעבעדיקע שטיקער און מאַכט זיך צום נאַר... יאָ, די קאָרטן, דאָס לייכטע לעבן און די שמאָכטעס, שטייען ביי איר העכער פון דאגות פרנסה און פון מאַנס ברעכן זיך דעם מוח.

ביי די ראָזיקע געדאַנקען איז מירל געוואָרן גאָר נייגעריג, די פיס האָבן זי צוגעפירט ביז צו דער טיר פון זאַל. זי איז געבליבן שטיין צווישן די פאָרהאַנגען פון איידעלן וואָל מיט זייד און פון ווייטנס זיך צוגעקוקט צום שפּיל. אויף איר האָט געפלייצט אַ שרייענדיקע ליכטיקייט, סיי פון די הויכע ווינקל־לאָמפּן, און סיי פון אַ רייך־געמייסטערטן לייכטער מיט עטלעכע לעמפּעלעך, וואָס האָט געהאָנגען גאָר נידעריק, איבערן טיש. דערצו האָט זי דערפילט דעם שווערן ריח פון פודער, ציגאַרן און אַנדערע ריחות, וואָס האָבן געוועקט אין איר איבל, ווי צום ברעכן. זי האָט זיך צעכראַסטעט דעם קאָלנער פון קאָפּטל און דורך די נאָז־לעכער, אַרויסגעלאָזט שווערע זיפצעלעך און דורך די געשמאַקע, צענויפגעצויגענע ליפּן, אייניקע מאָל אַרויסגעבלעזלט: פו... פו...

מירל האָט זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. זי איז געווען צופרידן וואָס די איידעלע האָט זי ניט באַמערקט. זי איז געווען ווי פאַרכשופט, די אויגן זיינען געווען איבערגעצויגן מיט אַ מאָדנעם, זשעדנעם גלאַנץ. אירע לאַנגע הענטלעך זיינען געוואָרן אָך שמעלער און אומרויק. זיי האָבן געהאַלטן אין איין צענויפשאַרן די „פּיטשעס" מיט די קופּקעלעך פּאַפּיר געלט, וואָס זי האָט געווונען, באַלד נאָך דעם האָט זי געשיקט אָנגעהויבן איבערצוטאַשן די קאָרטן און צעשטרייט געשלעפּט פון אירע טיפע קעשענעס אַלערליי קלענערע און גרעסערע באַנקנאָטן, מיט אַ מינע פון אַ געניטן שפּילער זיי געוואָרפן צו דער פרישער באַנק, אינעם זילבערנעם טעצל.

מירל האָט זיך געחידושט וואָס קיין איינע פון די שפּילערנס האָט ניט באַמערקט, אַז מען קוקט אויף זיי. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט צו זיך אַליין:

— זיי זענען דאָ ווי היפּנאָטיזירטע, אָדער ווי נאָך אַ שריפה, צי נאָר חלילה אַן איבערפאַל פון דער „טאַקוואַרא", צי אַן אַנדער אומגליק,

וואָס קומט פּלוצים, וואָלט זיי אפשר געקענט צוריקברענגען צום זינען, און זיי אָפּרײַסן פון דעם דאָזיקן פאַרגעניגן...

אַ רגע שפּעטער, ווען זי האָט זיך דערפילט ווי אַן איבעריקע, איז מירל געגאַנגען צוריק. זי האָט זיך אומווילק אַוועקגעזעצט בײַם שרײַב־טיש, אָנגעשפּאַרט דאָס פּנים אויף די הענט, אַראָפּגעלאָזט די אויגנדע־קלעך און אזוי, אַ פאַרטוענע אין אירע טראַכטעניש, זיך אָנגענומען מיט דאָרפישער רואיקייט און געוואַרט דער שוואָגער זאָל וואָס גיכער קומען, און עס זאָל אַ סוף נעמען צו איר אומבאַשטימטקייט. עס זענען אַוועק עטלעכע מינוטן, זי האָט דערהערט עמיצנס טריט הינטער דער טיר און האָט געעפנט די אויגן. אַרײַנגעקומען איז אָבער איזאַבעל, איידעלעס מאַמע.

מירל האָט גלײַך באַמערקט איר פאַרענדערטן אויסזען, צווישן די הארטע קארבן פונעם פּנים און פון האַלדז, האָבן געריזלט ריטשקעלעך שוויים מיט דער אָפּגעשוויינקטער שמינקע. דאָס בלאָנד־געפאַרבטע קע־סעלע אויפן קאָפּ, איז שוין געווען צעפּאַטלט. אַ ווײַלע האָט מירל גע־קוקט אין דער אַלטערס אויגן. ס'האָט אויסגעזען, אַז ביידע האָבן ניט געהאַט קיין חשק צו זײַן די ערשטע איבערצורײַסן די אָנגעצויגענע שטיל־קייט. די אַלטע האָט זיך צעהוידעט, געשמייכלט און נאָכדעם זיך אָנגע־רופן:

— וועסט מיר מוחל זײַן, מאַריאַ קערידאַ, וואָס מיר האָבן דיך גע־לאָזט איינע אַליין. איך האָב שוין געזאָגט מײַן אַדעלינאַ, אַז מיר האָבן שלעכט אויסגערעכנט, מיר האָבן פריער באַדאַרפט צוגרייטן אַ צווייטע האַנט פאַר דיינעטוועגן.

— אַ שיינעם דאַנק אײַך, מחותנתטע!... איך האָב וועגן וואָס צו טראַכטן... די אַלטע האָט אַרויסגעצויגן אַ טיכל פון דער קעשענע מיט די פּיטשעס און ווישנדיק דעם שוויים פון האַלדז, האָט זי איר געענט־פערט:

— דאַנק מיר ניט, מאַריאַ קערידאַ, איך און מײַן אַדעלינאַ האָבן דער־ווײַלע נאָך גאָרניט געטאָן פאַר דײַנעטוועגן.

— וואָס, מחותנתטע, דענקט איר טאַקע צו טאָן פאַר מיר? האָט איר מירל איבערגעשלאָגן.

— דאָס וועסטו שוין זען, אַז דו וועסט מיט גאָטס הילף ווערן אַ שטאָטישע. — האָט די אַלטע זיך ברייטלעך צעהוידעט און מיט אַ מאָד־נער פרייד פאַרענדיקט: מיר, מאַריאַ קערידאַ, וועלן דיך אַרײַננעמען אין אונדזער קרײַז... דו וועסט ווערן אַ נײַער מענטש, ערשט דעמאָלט וועסטו האָבן פאַרוואָס צו דאַנקען...

— זייער שיין פון אײַך. ס'איז מיר, דאָניאַ איטעלע, ממש גע־וואָרן ליכטיק אין די אויגן.

— איזאַבעל — האָט די אַלטע איר איבערגעשלאָגן. ווער האַלט זיך הײַנטיקע צײַטן מיט אַ נאָמען פון אַמאָל?...

— נו, זאָל זײַן איזאַבעל, מחותנתטע געטרײַע...

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן דיוואַן און האָט אַרויפגעשאַרט די רינגען אויף די לויזע, באַקלייענטע הענט, נאָכדעם האָט זי זיך ווידער געווענדעט צום גאַסט, וואָס האָט געהאַלטן אויף איר אַנגעשטעלט די טיפע, גלײַכגילטיקע בליקן:

— אַ מאָדערנע פרוי, מאַריאַ קערידאַ, מוז וויסן ווי אַזוי זיך אויפצופירן ווען זי קומט צווישן מענטשן. נעם דיר נאָר אַ בײַשפּיל פון מײַן אַדעלינאַ, קיין בייז אויג זאָל איר ניט שאַטן...

— יאָ, מחותנתטע, איך האָב שוין געזען...

— האָסט נאָך גאָר ניט געזען, מאַריאַ, דו ביזט דערווײַל אונטערן אײַנדרוק פון דײַן דאָרפישן לעבן, פון די שוואַרצע פּונדיקעס, און ניט מער.

מירל האָט געשוויגן, אָבער אין געדאַנק האָט זי אָנגעהויבן צו פאַר־גלײַכן די דאָזיקע ייִדענע צו אורים פרומער מאַמע. מירל האָט דערפילט אַ בענקשאַפט נאָך איר און אויך אַ גרענעצלאָזן רחמנות אויף איר איז דערוועקט געוואָרן אין איר האַרצן, ווײַל מען וויל זי מיט געוואַלד אַרויס־רײַסן פון איר אײַנגעוואָרצלטן לעבן. די שוויגער איז אויך „נשמה"דיק צוגעבונדן צום אַלטן ייִדישן בית עולם, וווּ עס רוען, ניט נאָר אירע לאַנדס־לײַט, געוועזענע קאָלאָניסטן, וואָס די פּרימיטיווע האַלב־ווילדע אַרגענ־טינער האָבן געשאָכטן, נאָר עס רוען אויך דער אַלטערס צוויי קינדער.

מירל האָט זיך פאַרטראַכט און איז געוואָרן אומעטיק. די אַלטע האָט צוגעוואָרפן אַ פלינקן בליק צו דער טיר פון זאַל און האָט פאַר־געזעצט:

— איר אַלע, מאַריאַ קערידאַ, וועט דאָ ווערן ווי נײַ־געבוירן... ס'איז נאָר אַ זאַך פון ווילן פאַרשטיין, פון האָבן אַ ביסל ליבשאַפט צום לעבן.

— מײַן שוויגער מחותנתטע געטרײַע, איז ממש צום באַוווּנדערן.

— אָט אין דעם גייט עס דאָך! — האָט זיך די אַלטע צעהוידעט און אײַנגעגראָבן אין איר די אויגן: ווער, מאַריאַ קערידאַ, מיינט עס חלילה שלעכטס צו טאָן דײַן שוויגער? פאַרקערט, מיר ווילן זי זען אַ גליקלעכע, מירן זי אַרײַנגעבן אין מושב זקנים... מענגסט פאַר אַ בעלן צופאָרן און זען ווי גליקלעך עס פילן זיך דאָרטן די אַלטע לײַט. ממש אַ גן עדן, האָט מען דאָך געמאַכט פאַר זייערטוועגן.

בשעת זי האָט זיך אַזוי צעוואַרעמט, פון אירע אייגענע טענות, האָט מירל אָפּגעאָטעמט שווער, און ביטער געשמייכלט. די אַלטע האָט זיך ווי אָנגעכאַפּט אין מירלס שווײַגן, און האָט פאַרגעזעצט אין אַ טאָן פון אַ שטאָטפאַרזאָרגערן:

— ס'איז דאָרטן דאָ אַ שיל צום דאַוונען, פּונקט ווי אין דער אַל־

טער היים... און ווײַבער, וואָס בענטשן ליכט, און פּראַוועון בכבוד אַלע יידישע ימים טובים... מירלס בליקן זיינען געוואָרן ברייטער און פולע מיט ווידערווילן   זי האָט אומרויִק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איבערגעשלאָגן :

— די שוויגער, זאָל געזונט זײַן, האָט זיך איר אייגענעם קוק אויפן לעבן...

די אַלטע האָט זיך צעשמייכלט, אָוועקגעלייגט די שווערע הענט אויפן פאַ־עליק און איר איבערגעשלאָגן :

— וואָס ווייסט זי דאָרטן, די פויערטע... מיר דאָ מיינען עס טאָקע פאַר איר טובה וועגן, וואָס מאַריאַ, וועט זי נעבעך טון אַ גאַנצן טאָג צווישן מאָדערנעשע מענטשן... די נײַע כוואַליע איז אַ נערוועזע, אָבער אַז די אַלטע וועט זײַן דאָרטן, וועלן מיר, מיט גאָטס הילף, אַלע זונטיק צופאָרן צו איר. מירן זי אַמאָל אויך ברענגען אַהער אויף אַ שבת, אָדער אַ יום טוב. פאַר וואָס, מאַריאַ קערידאַ, זאָל אַזאַ יידענע אומבלאָנקען דאָ און אויף די עלטערע יאָרן זיך פילן עלנט ?...

מירל האָט פון אומרויִקייט זיך האַסטיק אויפגעהויבן און באַלד זיך ווידער אַראָפּגעזעצט, נאָכדעם האָט זי זיך אָנגערופן :

— די שוויגער ווײנט אויף איר אייגענער נחלה, זי איז די באַלע־באָסטע, זי וועט גאָר ניט לאָזן, מען זאָל זי, ווי אַ בהמה, אַרויסרײַסן פון דאָרטן... זי וואָלט אויסגעגאַנגען פון אומעט און באַליידיקונגען...

— וואַמאָס, וואַמאָס ! — האָט איר די אַלטע איבערגעהאַקט אין מיטן די רייד — דײַן שוויגער איז שוין קרוב צו די צַבציק איר געדאַנק איז שוין ניט קלאָר... זי מוז שוין זײַן צווישן אַלטע פרומע לײַט און — באַסטאַ !

מירל איז אויפגעשטאַנען און גענומען אַרומשפּאַנען אַהין און צוריק. די אַלטע האָט ווײַטער גערעדט:

— מײַן אַדעלינאַ, מוזטו וויסן, איז אַ מאָדערנישע און דערצו אַ גוט־דערצויגענע. זי איז אַ טײַערע נשמה, אָבער זייער אַ נערוועזע, און די הײַנטיקע דינסטן, ווייסטו גאָרניט, מאַריאַ קערידאַ, וויפל מען לײַדט זיך אָן פון זיי...

—יאָ, די שוויגער, מחותנתטע, ווייסט אַלצדינג — האָט מירל איר איבערגעשלאָגן און געבליבן שטיין אַנטקעגן איר.

— אָבער וועגן דעם גליק פון אירע קינדער און די אייניקלעך, טראַכט זי אַמאָל, די פאַרעקשנטע פויערטע ? אָדער זי מיינט, דאָס ברעקלע, אַז מען וועט איר אַלץ מיטגעבן אין קבר אַרײַן ?...

איר טאָן איז געווען אַזאַ לײַכטער און מיט אַזוי פיל ביטול, אַז מירל האָט זי גאָר ניט פאַרשטאַנען. צום ערשטן מאָל האָט די יידענע זיך באַוויזן אין איר גאַנצער אָרעמער נאַקעטקייט. און נאָר צוליב דעם,

וואָס זי פילט זיך שוין צופיל זיכער — האָט מירל אַ פאַרבליפטע, ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, זי האָט אומניחאדיק געשמייכלט און ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן. זי איז פון דער נאַטור געווען פון די קליינע רעדערנס, אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ערנסטע ענינים, און ווען די מיטשמועסער זיינען געווען ערלעכע און אויפריכטיקע, דעמאָלט איז מירל ניט אַפּגעשטאַנען, נאָר גאָר פאַרקערט, זי האָט אָפּנהערציק און פשוט אַרויסגעבראַכט אירע געדאַנקען און איז כמעט שטענדיק אנערקענט געוואָרן.

איצטער, בעת דעם שמועס מיט דער אַלטער, האָט זי זיך געפילט אומבאַהאָלפן און ווי באַהערשט פון אַ שטאַרקן ווידערגעפיל ביז עקל. זי האָט פאַרשעמט געשמייכלט און האָט איינפאַך ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן.

די אַלטע האָט געקוקט אויף מירלען מיט אַ מאָדנער מאָנונג און בייזקייט. ס'האָט פון איר אַרויסגעצישעט:

— מיין סערכיאָ איז חלילה ניט קיין ממזר און ניט קיין הפקר־מענטש, ער האָט, דאַנקען גאָט, ווער עס זאָל זיך איינשטעלן פאַר אים... מיר ווייסן וויפל יאָרן ער האָט נעבעך געהאָרעוועט אויפן קאַמפּ... וואָס פאַרא דאַנק האָט מען אים, מאַריאַ קערידאַ, שפּעטער געגעבן, האַ?

זי האָט נאָך גערעדט מיט גוטן און מיט בייזן און איז ווידער און אָבער אַמאָל אַרוים מיט די זעלביקע טענות.

— סערכיאָ איז באַעוולט געוואָרן... ס'איז די העכסטע צייט אַז מען זאָל אים אַרויסצאָלן זיין חלק...

מירל, ווידער, איז געבליבן שטום און פאַרזיכטיק. זי האָט איצטער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַז די דאָזיקע און אַנדערע טענות צו דער שוויגער און טאַקע צו איר מיט איר אורין, זיינען אין שוואָגערס שטוב ניט קיין נייע... און די אַלטע, מיט די פּופּציק רינגען אויף די באַקלייענטע הענט — זי איז עס ווי דער הייץ־קעסל. און אַז עס וואָלט געווען גלייכער וואָס שנעלער זיך אָפּצוטראָגן פונדאַנען און זי איבערלאָזן ווי אַן אויסגעלאָכטע. מירל איז צוגעגאַנגען נענטער און האָט איר אַריינגערעדט אין צעפלאָמטן פּנים, מיט די לויזע, נאָכהענגנדיקע באַקן:

— די שוויגער, זאָל לעבן, ווייסט ניט פון קיין צווייידייטיקע און האַלבע ווערטער. לויט מיין מיינונג, סעניאָראַ איזאַבעל, וואָלט איר באַדאַרפט צופאָרן אין קאָלאָניע און רעדן מיט דער שוויגער, איר זאָגן אָפן און קלאָר, דאָס אַלץ וואָס איר האָט מיר ערשט אַרויסגעזאָגט. דעמאָלט וועט די שוויגער אַליין אַלץ באַשטימען און איך מיט מיין אורין, וועלן אוודאי זיך צוהערן צו איר. . .

— דיין שוויגער, מאַריאַ קערידאַ, איז שוין עובר־בטל!... — האָט די אַלטע אויסגערופן מיט חוזק. דו, מירל, און דיין מאַן, איר אַלע מאַנ־

דערוועט איבער איר, און באַסטאַ! איר, און ניט קיין אַנדערע, וועט שוין זען צו דערגרייכן, אַז מײַן סערכיאָס ירושה זאָל בלײַבן צווישן די רעדער!... מיך און מײַן אַדעלינאַ, וועט איר ניט אָפּנאַרן!...

— נו, זאָל סענדערל קומען און אַרבעטן מיט אונדז!... ער וואָלט דאַרטן געקומען צו זיך!... די גרויסע שטאָט, געטרײַע, די געשעפטן, די וועקסלען, מיט די טשעקן — וועלן אים חלילה וואַרפן פון די פיס — און איר זעט עס גאָר ניט...

— וואָסאָס, וואָסאָס — האָט די אַלטע איבערגעשלאָגן און פון צאָרן ניט געקענט אײַנזיצן רויק. — וואָס מיינסטו, מירל, אַז מײַן אַדעלינאַ וועט ווערן אַ פויערטע? זי איז, אַ דאַנק גאָט, אַ הײַנטוועלטיקע, אַ מאָדערנעשע! זעסט דען ניט, יוּאָס פּאַראַ שטוב זי פירט?!

מירל האָט איר אָפּגעענטפערט:

— און איך בין גליקלעך מיטצוהעלפן מײַן מאַן אין אַלע זײַנע זאָרגן... איך בין זײַן לעבנס-באַגלייטערן און ניט קיין געזעצלעכע מעטרעסע: אַזוי פיל קריג איך — אַזוי פיל ביזטו ווערט!...

— ע ע ע... האָט די אַלטע אַרויסגעבורטשעט און גלײַך צוגעגעבן:

— דו האָסט געקראָגן אַזאַ לאַנגע צונג, מאַריאַ, און עס איז ניט שיין.

— נו, וועל איך איצטער וויסן אַז מײַן אורי מיט אונדזערע געראָטענע קינדער דאַרפן זיך צוהערן, ווער ווייסט צו וועמעס עצות... און ווען זיי וועלן דאָ ווערן צעשטויבט און צעריבן צווישן די אײַזערנע ציינער פון דער גרויסער שטאָט — וועל איך שטיין אין אַ זײַט און ווי אַ קאַלב, ניט וויסן וואָס צו טאָן פון זייערטעגן...

די אַלטע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר דער קליגסטער אין איר הויזגעזינד, איז מיט אַמאָל געוואָרן ווי אַן אַראָפּגעזעצטע און ס'איז קיין סימן ניט געבליבן ביי איר, פון דער פריערדיקער זיכערקייט. זי האָט זיך אָבער געגרייט צו זאָגן דעם גאַסט אַז זי מאַכט אַ גריילעכן טעות אין אירע חשבונות, מחמת דאָ גרייט מען זיך צו טאָן נאָר גוטס פאַר איר מיטן גאַנצן הויזגעזינד. דערצו האָט דער סערכיאָ אַמאָל געקראָגן אַ גוטן נדן. ניט אַזוי גרינג ווערט מען אַ פאַבריקאַנט... און זײַן ווײַב איז צוליב דעם אויך אַ שותפטע צום קאַמף... ער וועט אויף זײַן אייגענער רעכענונג גאָרניט קאָנען אויפטון... דאָרפישע מענטשן מוזן זיך אויסלערנען צו טראַכטן. קומען צום גרייטן קאָן דאָך יעדער איינער... מען מוז פריער מאַכן אָרדענונג, אַלטע פאַפירן, שמירעכצער, האָבן הײַנטיקע צײַטן אַ קנאַפּן ווערט... ווער עס וועט געגוג האָרעווען און האָבן גענוג אויסדויער, וועט מען מיט גאָטס הילף אויך אַרײַן אין די פעדערן און מען וועט ניט דאַרפן מקנא זײַן קיינעם...

דער גאַסט האָט זיך מיט דער טיפער שטול צוגערוקט נענטער צום

שרײַבטיש און האָט שווײַגנדיק אָנגעהויבן צו בלעטערן די פּרעסע. צווישן איר מיט דער אַלטער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעזעצט אַ געצווימטע שטילקייט. נאָר דער רולעט איבער אַ טייל פֿונעם אָפֿענעם פענצטער, האָט פון לײַכטן ווינטל צײַלע מאָל געטאָן אַ קלאַפּ, און איבערגעריסן די שטילקייט.

די אַלטע האָט זיך ווי עס איז געשטאַרקט און געפּרוווט שמייכלען. זי האָט זיך אויפגעהויבן און זײַענדיק שוין פון יענער זײַט טיר, האָט זי זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים צום גאַסט און ברגזלעך אַרויסגע־זייעט צווישן די צענויפגעצויגענע, צו גראָבע, רויט געפאַרבטע ליפּן:

— דו, מאַריאַ קערידאַ, וועסט מיך פאַרשטיין בעסער ווען דו וועסט זיך באַזעצן אין שטאָט. מײַן נימע, מײַן טײַערע, אַז דאָ פאַלן טאַקע מאַרצעפּאַנעס פונעם הימל... אוי, האָבן מיר אין די גאָר יונגע יאָרן גע־האָרעוועט!... אוי, האָבן מיר געטאַפּט אַ וואַנט, ניט הײַנט געדאַכט... איך מיט מײַן אַדעליגאָ ווילן זיך צענויפרעדן מיט דיר, רעדן ווי צו אַ פרײַנט, רעדן פון האַרץ צו האַרץ...

— ווו איז אײדל?

— וואַרט אַ ווײַלענקע, אַרום עלף אַזייגער וועלן די געסט ענדיקן די שפּיל — האָט די אַלטע געענטפערט, זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק פאַרנעמען איר אָרט צווישן די געסט.

ווען מירל איז געבליבן אַליין, האָט זי אָפּגעאָטעמט פרײַער. זי האָט אויך דערפילט אַ מוראדיקע בענקעניש אַהיים, אַהיים צו דער ייִדישער שטילער קאָלאָניע וואָס איז פעסט פאַרוואָרצלט אין דער פרוכטיקער מאַמע־ערד און אין איר גלויבן אַז ניט אַלץ, וואָס די אַלטע לײַט האָבן דאָ איבערגעלאָזט, איז שוין פאַרלוירן... טרערן האָבן אָנגעהויבן ריזלען פון אירע אויגן, ווי שנירעלעך זיך געצויגן איבער די ראָזעווע באַקן און געפאַלן אויפן שרײַבטיש. זי איז געווען דאַנקבאַר דער „געטרײַער", „קלוגער" מחותנתטע, וואָס איז ניט ווילנדיק אַרוים מיט אָפענע טענות, מיי־נענדיק אַז דער נצחון ליגט שוין אין אירע הענט. וואָס מער מירל האָט געטראַכט און זיך געגרייט צום לעצטן שפּרונג, אַלץ שטאַרקער און ממש אומדערטרעגלעך איז געוואָרן אין איר די מורא און די וואָרנונג, ווי זי וואָלט פּלוצים זיך דערזען ביים ראַנד פון אַן אָפּגרונט.

ערשט איצטער איז איר געוואָרן קלאָר פאַרוואָס דער שוואָגער מיטן ווײַבל האָבן איר קיין איין מאָל ניט דערמאָנט וועגן זייערע דרינגלעכע בריוו צו איר מיט איר אורי.

— זי האָט מיט איר גאַנצער דאָרפישער ערלעכקייט און תמימות, זיך גאָר דערפילט נאָך מער אומבאַהאָלפן ווי פריער. אין די מינוטן פון אומבאַשטימטן וואַרטן, האָט זי, פּונקט ווי איר מאַן, מורא געקראָגן פאַר דער גרויסער שטאָט, מיט אירע מענטשן. זי האָט אין געדאַנק זיך גע־

פּרוווט ווערן קעגן דעם דאָזיקן שונא, וואָס, ווי אַ ווירוס, צעשטערט ער אַלע אירע אילוזיעס. זי האָט פּרובירט מיטן גאַנצן האַרצן אַראָפּצוניידערן און אַרײַנצודרינגען טיפער צווישן יענע ייִדישע מענטשן, נאָך וועלכע זי בענקט שוין יאָרנלאַנג. אפילו דער פּאַרעקשנטער אורי מיט די קינדער — באַוווּנדערן די גרויסע אײַפטועך פון יענע מענטשן. זיי זיינען פאַראַן אין די מויזנטער, זיי בויען שולן און קולטור־צענטערס, זיי זיינען ווי דער רוקנביין פון אַלע גײַסטיקע ווערטן אין דער נײַער היים. זיי וועבן די ייִדישע שיינקייט, ווי אַ שנור פון זײַדענע פעדים, און וויקלען זי אַרום דער נשמה פון ייִדישן שאַפן און קיום.

וואָס מער זי האָט געטראַכט, געוווּיגן, געמאָסטן, אַלץ שטאַרקער האָט עס אין איר אָנגעהויבן צו מאָנען, צו וואָרענען.

יאָ, די אַלטע איז גערעכט. דאָ פאַלן ניט קיין מאַרצעפּאַנעם פונעם הימל, איר וועט האָרעווען ווי די אייזלען, זיך צופּאַסן צו אַלערליי דערנידערונגען, און מאַכן געלט, אָבער איר מוזט אויף אייביק זיך אָפּגעזעגענען מיט יענער נשמה־ריינקייט און דערהויבונג, מיט וועלכע די יסורים און פריידן פונעם דאָרפישן לעבן, האָבן אײַך ביז איצטער באַפליגלט... דערצו, און ווי אַ מאָדנע אָנשיקעניש, האָט זיך דאָ ווידער ווי באַוויזן די באַמיכלטע שוויגער, מיטן קוישל אייער אינעם אויפגעהויבענעם פאַרטוך. זי האָט געשמייכלט און געוואָרנט:

— מירעלע, מיט וואָס פאַר אַ רעכט וואָלט איר מיך באַגראָבן אַ לעבעדיקע? מירעלע, אַ מענטש לעבט ניט אייביק, טאָ צו וואָס דאָס יאָגעניש און אײַנרײַסן וועלטן? לעבט אײַך, קינדער, בכבודיק אין דעם דאָזיקן ווינקל. מיט בלוט און מיט טרערן האָבן מיר עס גערייניקט און געמאַכט ווי אַ גאָרטן פאַר אײַערטוועגן...

נאָר אינעם לאַנד פון אונדזערע אבות, וועל איך אפשר יאָ גיין מיט אײַך, מיטן תנאי אַז איר זאָלט מיר צושווערן צו בלײַבן דאָרטן ערדאַרבעטער...מירעלען האָט באַשלאָגן אַ היץ און באַלד אַ קעלט. אָט די דאָזיקע רייד, דער אַלטערס, זענען איר ניט געווען פרעמד. אפילו די קינדער ווייסן שוין אויף אויסנווייניק דער באָבעס אייביקע טענות און וואָרענישן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן, ווי זי וואָלט געווען זיכער אַז די אַלטע האָט זיך טאַקע פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל און וואַרט און וויל הערן מיט וואָס מירלס קומען אַהער, וועט זיך ענדיקן.

אינעם גערויש פון די צווײַגן און בלעטער הינטערן אָפענעם פענצטער, האָט זי ווידער, און נאָך מאָנענדיקער ווי פריער, דערהערט דער אַלטערס טענות, דאָס מאָל באַגלייט פון טרערן:

—מירל, מירעלע, שפּילסט דיך מיט פײַער... נעם ניט אויף דײַן געוויסן אזא ריזיקן בראָך, העלף ניט צו אַרויסצורײַסן מיטן וואָרצל —

דרײַ דורות ייִדישע ערדאַרבעטער... דרײַ דורות האָפענונגען, ווי עס איז געוועבט געוואָרן אַ גאָלדענער חלום!...

זי האָט זיך ראַפּטום אויפגעהויבן און געשפּאַנט אַהין און צוריק. אָבער זי האָט אַלץ געפילט אויף זיך דער שוויגערס מאָנענדיקע בליקן. עס זײַנען אַוועק עטלעכע מינוט. דער גרויסער זייגער אין פּאַרק האָט געקלונגען עלף. איצט האָט מירל מורא געקראָגן פאַר דער אַלטער מיט דער שוועגערן, וואָס וועלן באַלד ווערן פרײַ פון די שפּילער און קומען אַהער, און מיט זייערע טענות און אַרגומענטן זוכן אַרויסצורײַסן בײַ איר אַ צושטימונג. די פיס האָבן זי צוגעפירט צום שרײַבטיש, זי האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אין דער שטול, האָט אַרויסגעריסן אַ בלעטל פון שוואָגערס נאָטיץ־ביכל, גענומען די פעדער און פּאַמעלעך, מיט דאָרפי־שער איבערגעלייגטקייט, אָנגעהויבן צו שרײַבן. זי האָט געוואָלט אַרויס־ברענגען פון זיך דעם אינהאַלט פון אַלץ, וואָס זי האָט דאָ געזען, געהערט און איבערגעלעבט. אָבער די צײַט איז געווען צו קורץ, דערצו האָט זי אויך ניט געקענט צוזאַמענמען די אומרויִקע געדאַנקען.

אַלץ אין איר האָט זיך ווי אָנגעהאָנגען אין דער אַלטער: יאָ, די שוויגער זאָל געזונט זײַן, איז קלוג ווי דער טאָג. ווי האָט זי, מירל, גאָר געוואָגט צו קומען אַהער און אַלץ נעמען אויף איר אייגענעם חשבון?... וואָס איז געווען דאָס אײַלעניש? וואָס, איר אורי מיט די קינדער וועלן קומען אַהער לעקן האָניק? דער קלוגער מלך שלמה האָט דאָך שוין געזאָגט: „וואָס עס ברענגט די צײַט, ברענגט ניט דער שכל", און אַז מען וועט חלילה יאָ מוזן בײַטן דאָס אָרט, וועט מען זיך באַזעצן אין אַ קיבוץ. די קינדער זענען געבוירענע ערדאַרבעטער! זי האָט צעריסן דאָס בלעטל און גענומען שרײַבן אויף אַ צווייטן: „אורי, זײַ וויסן אַז מאָרגן וועל איך צופאָרן אין צענטער און קויפן אַלאַמבערע. איך וועל אויך פאָרן זען אַלע אונדזערע משפּחה־מיטגלידער. דאָס איבעריקע וועל איך דיר דערציילן ווען איך וועל מיט עטלעכע טעג שפּעטער, זײַן אין דער היים. איך נעם אַרום אײַך אַלע. דײַן מירל".

זי איז אויגנבליקלעך געוואָרן רויִק, געזונט. אַ מאָדנע פרייד האָט אָנגעהויבן צו ריזלען אין איר. די פרייד האָט אַראָפּגעשײַנט פונעם פּנים און זיך אָפּגעשפּיגלט אין די צעשמייכלטע, ערנסטע אויגן. זי האָט פּאַמעלעך צונויפגעלייגט דאָס בריוול, עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע פון כאַלאַט און זיך אויפגעהויבן. באַלד האָט זי דערהערט איידעלעם לײַכטע טריט און דער אַלטערס שושקערײַ. זי האָט געוואַרט. די באַ־שטימונג האָט איר געגעבן סך רויִקייט, און סך אַזאַ מענטשלעכע ווירדע, וואָס קיין שום כוח און טענות — וועלן ניט קענען ברעכן...

(סוף)

## פון דער זעלבער מחברן:

צווישן קראַנקע (שפּיטאָל רעפּאָרטאַזשן)
וואָס מײַן פרײַנט האָט דערציילט (דערציילונגען)
בעסאַראַביע 1918 (ראָמאַן)
מײַן שטעטל יעדינעץ (ראָמאַן אין צוויי בענד)
צווישן בערג (דערציילונגען)
מלחמה־יאָרן 1918־1914 (ראָמאַן)
די מוטער רחל (ראָמאַן אין צוויי בענד)
אונטער די בלויע אַרגענטינער הימלען (ראָמאַן אין 2 בענד)
דאָס לעבן פון אַ פרוי (נאָוועלע)
אויפן שייד־וועג (ראָמאַן)
פון דאָס נײַ (שפּיטאָל־דערציילונגען)

## אין שפּאַניש:

**Pascua Sangrienta**

**Dina** (Sombras en el Sol)

**Es Así la Vida?**

Ed. Lopez Negri

EN PRENSA

**Sueños de un pastorcito**

Ed. Claridad

אין צוגרייטונג:

לידער און פּאָעמען (פאַר מיר מיט מײַנע אייניקלעך)

GOLDE GUTMAN (KRIMER)

# Sueños de un Pastorcito

(A JOLEM FUN A PASTEJEL)

CUENTO

BUENOS AIRES
1966